בלאָסקאָ איבאַנעס

# פּרויען=פּיינט

(ראָמאַן)

יידיש — מ. זאַמלער

פאַרלאַג מ. גאָלדפאַרב

1928 װאַרשע

# I.

דער פירשט האָט נאָכאַמאָל איבערגעחזרט זיין איבערצײַ־גונג :

— אַן אמתער חכם איז נאָר דער מאַנספערשוין, וועלכער קען זיך אַבסאָלוט באַגיין אָן פרויען —

ער האָט געמוזט איבעררייסן. דאָס גרויסע פענסטער, וועל־כעס האָט זיך מיטן אונטערשטן טייל איינגעשניטן אין דער בלאָקייט פון מיטלענדישן ים — האָט לייכט געציטערט. דער טויבער קלאַנג, וועלכער האָט אויסגעזען צו קומען פון פאַ־דערשטן טייל בנין, וואָס איז געשטאַנען געווענדעט אַ קייגן די בערג—האָט מיט אַמאָל אָנגעפילט דעם גאַנצן עס־צימער. דער דאָזיקער קלאַנג האָט זיך געפילט, ווי עפּעס אַ געדיימע וויב־ראַציע, עפּעס אַ ווייטע, אַ דערשטיקטע דורך די פאַרהאַנגען, ווענט און דיוואַנעס, עפּעס אַזוי ווי אַן אונטערערדישע מאַשין וואָלט דאָ געווירקט. נאָר באַלד האָט זיך דייטלעך געלאָזט הערן אַ מענטשלעכער טומל, רופן, געלעכטערס און פיפּע־רייען.

— אַ מיליטערישער צוג ! — האָט אויסגערופן דאָן מאַרקאָס סאָלעו׳אָ אויפשטעלנדיק זיך פון זיין שטול.

— אַך ! דער דאָזיקער פולקאָווניק ! דער אייביקער העלד ! אייביק איז ער מלא-שמחה מיט די זאַכן פון זיין פאַך. — האָט אַט-לאָ קאסטרא באַמערקט מיט אַ שפּאַנדיק שמייכעלע.

דער, וועמען מען האָט גערופן „פולקאָווניק״, האָט זיך כּמעט מיט איין שפּרונג געפונען ביים נאָענטסטן פענסטער.

איבער די הויכעביימער פון גרויסן גאָרטן, וועלכער האָט זיך אין דער טיף אַראָפּגעלאָזט שפּוע, האָט זיך געזען אַ קליין שטיקל פּלאַץ פון אַ באַן-ליניע, וועלכע האָט זיך אין דער קרום פאַרלוירן אין דעם טונקעלן, ריזיקן מויל פון אַ טונעל. דערנאָך האָט זי זיך געוויזן אויף דער צווייטער זייט באַרג, צווישן ביי-מער און קליינע ראזאווע פּאַלאַצקעס פון „קאַפּ סאַינט מאַרטין״. די רעלסן האָבן געבלישטשעט אין דער דרומדיקער זון, ווי סטענגעס פון צשמאָלצענעם מעטאַל.

דעם צוג האָט מען נאָך נישט געזען : דער וואַקסנדיקער רוישיקער טומל האָט אָבער שוין געהאַט באַהערשט דעם אַרום. אויף די בנינים און מויערן, פון די נידריקסטע באַרג-טיילן ביזן סאַמען ים-ברעג, האָבן זיך געכוואַלעט פענער פון אַלערליי מלוכות.

דאָן מארקאס איז צוגעלאָפן צום אַנטקעגנאיבערדיקן פענסטער, דאָרטן האָט זיך אויפגעשפּרייט דאָס בילד פון דער שטאָט דער בליק האָט אַרומגענומען בלויז דעכער, איבערגע-שניטן דאָ און דאָרטן פון גערטענער און דאָס האָט געשאַפן אַ בילד פון גרינע פלעקן צווישן אַ ים פון רויטע דעכער.

פאַר דאָן מארקאסן איז דאָס דאָזיקע בילד גענוג געווען באַקאַנט; ער האָט אָבער גלייך דערשפּירט, אַז דאָ קען מען זען אַ נישט-געוועגלעכע זאַך: לענג-אויס דעם ברעג האָט זיך דער-נענטערט אַ גרויסער ריזיקער צוג פון וואַגאָנען, ער האָט זיך געצויגן פּאַמעלעך, מארקאס האָט הויך איבערגעציילט אי-בער פערציק וואַגאָנען, נישט קענענדיק זיך דערוואַרטן אויפן סוף.

— דאָס מוז זיין אַ גאַנצער באַטאַליאָן, מלחמה-גרייט. אי-

בער טויזנט זעלנער - האָט ער געזאָגט ערנסט אַ צופרידענער וואָס ער קען זיך נאָך אויסצייכנען פאַר זיינע חברים, וועלכע האָבן אים, אַ סך, נישט געהערט און האָבן נישט אין אַכט גע־נומען די זיכערקייט פון זיין סטראַטעגיש אויג.

דער צוג איז געווען איבערגעפולט מיט מענטשן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעצייכנט אין די ראַמען פון פענסטער, ווי אַ געל־גראָער טון; זיי זענען געשטאַנען אין ענגשאַפט אין די טירלעך און אויף די טרעפּלעך, מיט אַראָפּהענגנדיקע פיס אויף די שי־נעס.

אַ טייל האָבן זיך געפונען אין פראַכט - וואַגאָנען, אָדער אויף אָפענע פּלאַטפאָרמעס, צווישן טאַבאָר-וועגענער און מי־טראַליעזן.

פיל זעלנער האָבן זיך אַרויפגעקריגן אויף די דעכער פון די וואַגאָנען און האָבן פון דאָרט אַראָפּגעגרוסט, שטייענדיק מיט פאַרליגטע הענט און פוס, אין פאָרם פון אַ לאַטיינישע X, אַלע כמעט, האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די קורטקעס און זענען גע־שטאַנען מיט פאַרשאַרצטע העמד-אַרבל, ווי מאַטראָזן, וואָס זענען גרייט אויף אַ מאַנעוור.

—דאָס זענען ענגלענדער!—האָט אויסגערופן דאָן מארקאס: זיי פאָרן קיין איטאַליען.

די דאָזיקע באַמערקונג האָט נישט אויסגענומען ביים פירשט וועלכער נישט קוקנדיק אויפן אונטערשיד פון די יאָרן, האָט גע־רעדט צום שפּאַניער פּער-דו.

—נאַרישער פולקאָווניק! מ׳ווייס דאָך. ווייל נאָר זיי פאָרן פּייפנדיקע.

די איבריקע דריי אַנטיילנעמער האָבן אים צוגעבאָמקעט הסכמה.

יעדן טאָג זענען דאָ פאַרבייגעפאָרן מיליטער-צוגן און פון דערווייטנס האָט מען שוין געקענט דערקענען זייער מלוכה-אָנ־געהעריקייט.

—די פראַנצויזן — זאָגט קאַסטראָ — פאָרן שווייגנדיק. שוין

אריבער דריי מאָנאַטן, ווי זיי שלאָגן זיך דורכאַנאַנד אויף זייער אייגענע טעריטאָריע. זענען זיי פאַרוואָלקנט, אומעטיק, ווי אַ מאנאטאנער חוב, ווי עפּעס אַ קאַלטע פליכט, וואָס וועט זיך שוין קיינמאָל נישט ענדיקן.

די איטאַליענער, וואָס ווערן אַרויסגעשיקט אויפן פראָנט דורך די פראַנצויזן, זיי זינגען און פּוצן אויס זייערע וואַגאָנען מיט קרענץ פון בלעטער.

די ענגלענדער, זיי קוויטשען און פייפן, ווי ווייסע חברה־ניקעס אויף וואַקאַציע; זיי פייפן, כדי אַזוי אַ נאָך אויסדריקן די שמחה.

דאָס זענען די ווייסע חברהניקעס אין די היינטיקע מלחמה זיי פאָרן צום טויט מיט די פרייד פון קינדער.

באַלד זענען די וואַגאָנען פאַרשוווּנדן געוואָרן אין טונעל דער פּולקאָווניק האָט זיך צוריקגעקערט צום טיש.

— און ווידעראַמאָל האָט מען מענטשן געשיקט צו דער שחיטה! — האָט זיך אָפּגערופן אטילא קאסטרא, קוקנדיק אויפן פירשט: נו, פאַרפאַלן! רעד ווייטער מיכאַל.

צוויי יינגע, געגאָלטע און נישט־געשיקטע לאקאיען, איטאַ־ליענער, האָבן אונטערן באַפעלערישן בליק פון טאַלעדאן, דער־לאַנגט צום טיש דעם דעסערט. טאָלאדא האָט אַכטונג געגעבן אויפן טיש און אויף די דריי פאַרבעטענע געסט און ס׳האָט אויס־געזען, ווי ער וואָלט זיך דורכאַנאַנד געהיטן, אַז ער זאָל נישט מיט עפּעס פאַראַטן דעם אימפּראָוויזאָרישן פרישטיק. וואָרים דאָס איז געווען די ערשטע אויפנאַמע נאָך צוויי יאָר אין דער ווילע סירענא.

דער באַלעבאָס פון הויז, פירשט מיכאַל פיאדאר לובימאוו וועלכער איז געזעסן פון אויבן אָן—ער איז איצט פון די ווילע־נאַכט געקומען צו פאָרן פון פאַריז.

דאָס איז געווען אַ יינגערמאַן נאָך, אַ מענטש אַ בעל־כח קראַפט, וואָס קומט אַ דאַנק צוגעוויינטשאַפט צו פיזישע איבונגען. אַ הויכער, אַ שמאָלער. ער האָט געהאַט אַ טונקעלע הויט, גרויסע

גראָע אויגן; דאָס פּנים אַ ביסל אַ לענגלעכדיקס און איינגעצן אַ געגאָלטס; אויף די שלייפן אַ ביסל גראָלעכע האָר, עטלעכע פּריצייטיקע פעלדלעך ביי די אויגן און צוויי טיפע קנייטשן, וואָס האָבן זיך געצויגן פוןביידע זייטן נאָז, אַזש ביז די מויל-ווינקלען—זיי האָבן דערציילט פון די ערשטע מידקייט פון אַ שטאַרקן אָרגאַניזם, וועלכער האָט געלעבט אין אַן אויסערגעוויינלעכער אינטענסיווקייט.

דער פּולקאָווניק האָט אים גערופן „אייער הויכקייט" פּונקט אַזוי ווי ער וואָלט אָנגעקערט צום הויז פון אַ הערשנדיקע דינאַסטיע און נישט געווען אַ געוויינלעכער רוסישער פירשט. דאָס האָט אָבער געהאַט אַן זאַרט נאָר דאַמאָלסט ווען דער פירשט האָט זיך געפונען צווישן אויסלענדער, וואָרום דער פּולקאָווניק איז צוגעוווינט געווען צו דעם נאָך פון די אַלטע צייטן, פון דאַמאָלסט, ווען ס'האָט נאָך געלעבט די פירשטן און איצט האָט ער נאָך געוואָלט אויפהאַלטן דעם פּרעסטיש פון איר זון, וועלכן ער האָט נאָך געקענט אַלס קינד.

דערפאַר אָבער, ווען זיי האָבן זיך געפונען אין אַן ענגן קרייז, ווען זיי זענען געווען אַליין, האָט אים דער פּולקאָווניק גערופן מאַרקיז—„מאַרקיז ווילאַבלאַנץ" נישט געקוקט דערויף, וואָס דער פירשט האָט געהוזקט דערפון.

דער רוסישער פירשטלעכער טיטול איז גוט פאַר אַנדערע האָט טאַלעדאָ געטראַכט, פאַר די וועלכע ס'געפעלט שטאַרק דער גלאַנץ פון טיטולן און קענען נישט אָפּשאַצן נישט די אָפּשטאַמונג און נישט די פאַרדינסטן פון אַלטע דורות.

ער האָט ליבער געוואָלט דעם איידעלן טיטול פון אַ שפּאַנישן מאַרקיז, הגם מ'האָט אין שפּאַניען אַבסאָלוט גאָרנישט געוווסט וועגן פירשט.

טאַלעדאָ האָט געקענט דעם פירשט מאַנאַלס דריי געסט. אַטילאַ קאַסטראַ איז געווען אַ לאַנדסמאַן זיינער, אַ שפּאַניער וועלכער האָט דורכגעלעבט דאָס גרעסטע טייל לעבן זיינס אין אויסלאַנד. ער האָט געלעבט מיטן פירשט זייער היימיש, זיי האָבן

זיך אַפילו געדוצט, אַ דאַנק עפּעס אַ ווייטע קרובה־שאַפט. דאָן מאַרקאָס טאַלעדאָ האָט אַפילו געוווּסט, אַז יענער האָט אַ קורצע צייט פאַרנומען אַן אַמט אין אַן אויסלענדישן קאָנסולאַט, ער האָט נאָר נישט געדענקט אין וואָס פאַר אַ לאַנד.

קאַסטראָ פלעגט תמיד נעמען דעם פאָלקאָווניק פאַר אַ ציל פאַר זיינע שפּאַסן און המצאות, נאָר מאַרקאָסן פלעגט עס קיינ-מאָל נישט פאַרדריסן, זעענדיק ווי „זיין דורכלויכט" האָט הנאה־ הערפון.

— דאָס איז אַ שיינע נשמה! — פלעגט ער רעדן וועגן קאַסטראָן: — ער האָט אַפילו געפּירט אַזאַ פיין לעבן פון וואָס מ'זאָל זיך קענען אַראָפּנעמען אַ מוסטער. אַ געפּערלעכער שפּי-לער... אָבער, ער איז אַ מענטש אין פולן זין פון וואָרט.

מיכאַל פיאָדאָר האָט אַ ביסל אַנדערש באַצייכנט זיין קרוב:

— ער פאַרמאָגט אַלע עלנטע געוווינהייטן און קיין איין חסרון נישט.

דאָן מאַרקאָס האָט קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרשטיין דעם ריכטיקן זין פון אָט דער דאָזיקער מיינונג, ער האָט אָבער אָנ-גענומען, אַז דאָס דאַרף הייסן אַ גוטע מיינונג איבער קאַס-טראָן.

דער פּירשט איז עלטער געווען פון אים מיט צוויי אָדער דריי יאָר, דאָך האָט עס געקאָנט אויסזען, אַז צווישן זיי ביידע איז דאָ אַ גרויסער אונטערשיד: קאַסטראָ איז שוין געווען אַרי-בער פינף אונדרייסיק יאָר—פיל האָבן אים אָבער געהאַלטן פאַר אַ דריי און צוואַנציק יעריקן יינגנמאַן.

זיין פּנים, וואָס האָט געהאַט אַ נאַאיוון אויסדרוק, כמעט אַ קינדערישן, האָט אָנגענומען די ערנסטקייט נאָר אַ דאַנק די העלע פאַרשניטענע וואָנסעלעך, נידריק געשוירענע, ווי אַ בערשטל.

די דאָזיקע קליינע וואָנסעלעך און די גלאַנצנדיקע האָר צעטיילט אין סאַמע מיטן אויף ביידע זייטן — דאָס זענען געווען

זוען די בולטסטע כאראקטער-שטריכן זיינע אין רויקע מאָמענטן.

נאָר ווען ער האָט געהאַט אַ שלעכטע שטימונג—וואָס דאָס פלעגט פון צייט צו צייט טרעפן — האָט דער גלאַנץ פון זיינע אויגן, די גרימאַסע ארום דעם מויל און די פריצייטיקע קנייטשלעך לעבן די שלייפן, אים צוגעגעבן אַן אומרויקייט און מיטאַמאָל האָט ער אויסגעזען מיט צען יאָר עלטער.

ער איז תמיד געגאַנגען אָנגעטון עלעגאַנט, האָט געוווינט אין די בעסטע האָטעלן, הגם ער האָט נישט געהאַט קיין באַשטענדיקע הכנסות.

דער פּולקאָווניק האָט אים חושד געווען, אַז ער באַרגט געלט אויף זיין חברס פירשטלעכן טיטול.

דער לעצטער האָט אָבער פאַרלאָזן מאנטא-קאַרלא אין אָנהייב מלחמה און דאָן מארקאס פלעגט טרעפן יעדעס יאָר קאַסטראן זיצן אין אַ פּאַריזער האָטעל, ער פלעגט אים טרעפן שפּילנדיק אין קאסינא און קומענדיק צווישן רייכע לייט.

טיילמאָל זייענדיק אין שפּיל-זאַל, פלעגט קאסטרא ביי אים באָרגן אַ צען לודוויקן, ווי אַ שפּילער, וואָס האָט אויפן גרינעם טיש אַלץ פאַרשפּילט און ער וויל זיך אָפּנעמען, ער פלעגט אָבער פריער צו שפּעטער תמיד אָפּגעבן דעם חוב. זיין לעבן איז געווען אַ ביסל אַ סודותדיקס—אַזוי האָט געהאַלטן דאָן מארקאס.

דאָס לעבן פון די איבריקע צוויי געסט האָט אים אויסגעזען צו זיין וויניקער קאָמפּליצירט. צומעריסטן איינגעלעבט אין דאָזיקן הויז געווען אַ טונקל-האָריקער יינגערמאַן, אַ נידריקער מיט לאַנגע גלאַנצנדיקע האָר.

ער האָט געהייסן טעאָפּיל ספּאַדאָני, אַ באַרימטער פּיאַניסט, אַן איטאַליענער—דאָס איז געווען אַ זיכערע זאַך—ער איז אָבער געבוירן געוואָרן, לויט ווי ער האָט אַליין דערציילט, אַמאַל אין קאַיראָ, אַמאָל ווידער אין אַטען, אָדער גאָר אין קאָנסטאַנטינאָפּל אין אָט די אַלע שטעט ווי זיין פאָטער, אַן אָרעמער שניידער,

האָט עמיגרירט.

אָט די צעשטרייטקייט, די דאָזיקע נישט קלאָרע ידיעות, זענען נישט געווען פון די אויסערגעוויינלעכע זאַכן ביי אָט דעם באַרימטן וויר־טואָז, וועלכער פלעגט, מיט דער מינוט, וואָס ער איז נאָר אַוועק פון דער פּאָרטעפּיאַן, ווערן אַ געוויינלעכער לו־נאַטיקער, אַ מענטש, וואָס איז נישט פעיק צו קיין שום זאַך, וואָס האָט אַ שייכות צום טאָג־טעגלעכן לעבן.

אויסזייענדיק אין אַלע אייראָפּעישע און אַמעריקאַנישע הויפּט-שטעט, האָט ער זיך באַזעצט אין מאנטא-קארלא, ווי ער אַליין האָט געזאָגט, צוליב דער מלחמה. נאָר ביי דאָן מאַרקאסן איז עס אויסגעקומען, אַז ער האָט זיך דאָ באַזעצט אַ דאַנק זיין ליידנשאַפט צו דער רולעטקע.

דער פירשט האָט אים געקענט פון דאַמאָלסט ווען ער האָט אים מיטגענומען אויף זיין גרויסע יאַכט־שיף „גאַוואָט" און אַ רייזע אַרום דער וועלט.

לעבן בעל־הבית איז געזעסן נאָך אַ גאַסט, איינער פון די פּרישע באַקאַנטע, אַ הויכער, בלאַסער בחור, אַ קורץ־זיכטיקער, וועלכער האָט דורכאַנאַנד געקוקט אַרום זיך מיט פּאָרזיכטיקע באַוועגונגען. דאָס איז געווען אַ שפּאַניער, אַ דאָקטאָר־פּראָפעסאָר ער האָט געהייסן קאַרלאָס נאָוואָאַ. די שפּאַנישע רעגירונג האָט אים אַרויסגעשיקט שטודירן די ים-פאַונאַ אין אָקעאַנאָ־גראַפישן מוזעאום.

דער פולקאָווניק האָט אַ סך יאָרן פאַרבראַכט אין מאנטא־קארלא און ער האָט קיינמאָל נישט באַגעגנט קיין אַנדערע לאַנדס־לייט, ווי נאָר די, וועלכע ער האָט געזען אַרום די רולעטקע־טישן און ער האָט געפילט פּאַטריאָטישע גאווה דערקענענדיק דעם פּראָפעסאָר פון מיט צוויי חדשים צוריק.

—אַ געלערנטער !.. אַ באַרימטער געלערנטער ! — האָט ער געזאָגט, רעדנדיק וועגן זיין נייעם באַקאַנטן : זאָל מען איצט זאָגן, אַז אַלע שפּאַנער זענען אידיאָטן !..—וואָס דער אמת איז ער נישט געווען בכח געבן צו פאַרשטיין וואָס פאַר אַ צווייג

וויסנשאַפט עס באַזיצט זיין לאַנדסמאַן.

און נאָך מער: נאָך די ערשטע ווערטער, וואָס זיי האָבן צווישן זיך אַדורכגעוואָרפן, איז ער געוואָר געוואָרן, אַז דעם פּראָפעסאָרס וועלט-קוק איז גאָר אַן אַנדערע, ווי זיינע. אַ גראָבער יינג! אָנשטאַט גאָט, פאַרהייליקט ער די מאַטעריע — האָט ער זיך געטראַכט, און טראַכטנדיק האָט ער צוגעגעבן:

— אַלע געלערנטע זענען אַזעלכע! אַפּיקורסישע ליבעראַלן וואָס קאָן מען טון? — וואָס שייך אָבער צו זיין גרויסקייט און באַרימטקייט, האָט ער נישט געהאַט קיין שום צווייפל. אַזוי ווערנאָך איז פאַר אים אויך רעכט געווען דאָס וואָס מען האָט יענעם געשיקט קיין מאָנאקא שטודירן אין מוזעאום און ער איז דאָרט געווען בלויז איינמאָל, פון זיין ערעס וועגן, כדי מער דאָרט קיינמאָל נישט אַריינצושמעקן.

דער פּראָפעסאָר פלעגט פון צייט צו צייט קומען קיין מאָנטאַ-קאַרלאָ און ווען ער האָט באַגעגנט דאָן מאַרקאָסן אין קאַסינאָ, האָט אים דער לעצטער פאָרגעשטעלט זיינע חברים אַלס אַ שפּאַנישן באַרימטן געלערנטן.

אויף דעם זעלבן אופן האָט נאָוואַאַ אויך באַקענט קאַסטראָ און ספּאַדאָנין, וועלכע האָבן אים פשוט גלייך געפרעגט צו ער שפּילט גליקלעך.

און ווען דער פירשט האָט צעוויסן געטון וועגן זיין קומען האָט טאַלעדאָ געבייט זיין באַרימטן קאָלעגע, אַז ער זאָל אים באַגלייטן צום וואָקזאַל, ווייל ער האָט אים זייער גערן געוואָלט פאָרשטעלן פאַרן פירשט.

— דאָס איז דער רום פון מיין פאָטערלאַנד! אייער הויכדהויכקייט האָט דאָך זייער ליב אַלץ, וואָס ס'קומט אַרויס פון שפּאַניען!...

מיכאַל פיאָדאָר האָט דאָס גרעסטע טייל פון לעבן זיינס פאַרברענגט אויפן ים: דערפאַר האָט ער אויך גלייך באַקומען סימפּאַטיע צו דעם דאָזיקן יינגנמאַן, ווי נאָר ער האָט די ספּעציאַליטעט זיינער.

לאנג האָבן זיי גערעדט וועגן אָקעאַנאָגראַפיע, און אַזוי ווי דער פירשט מיכאַל איז געווען געוווינט צו פאַרבעטן צו זיין טיש פאַרשיידענע מיניס מענטשן, האָט ער גלייך געזאָגט זיין „קאַמער-דינער״:

— דיין געלערנטער, מעג מען זאָגן, איז זייער אַ סימפּאַטישער. פאַרבעט אים אויף פרישטיק.

אַלע געסט האָבן גערעדט שפּאַניש, ספּאַדאָני, האָט זיך דאָס דאָזיקע לשון אויסגעלערנט ווען ער איז אַרומגעפאָרן אין די דרום-אַמעריקאַנישע שטעט מיט זיינע קאָנצערטן.

ביים טיש איז דער שמועס געוואָרן אַן אַלגעמיינער. אָנגעהויבן האָט מען צו רעדן וועגן פרויען, ווי ס׳טרעפט געוויינלעך, ווען ס׳זיצן צוזאַמען בלויז מאַנספערשוינען.

טאָלעדאָ האָט געגלייבט, אַז דער פירשט האָט זייער געשיקט אויפגעוועקט די דאָזיקע טעמע ביי זיינע מיט-זיצער. און גלייך האָט דער פירשט אונטערגעשטראָכן זיין מיינונג, איבער-חזרנדיק דאָס צוויי מאָל:

— אַן אמתער חכם איז נאָר דער מאַנספערשוין, וועלכער קאָן זיך אַבסאָלוט באַגיין אָן פרויען.

אָט אין דעם מאָמענט איז, מיט געשרייען און פייפערייען אַדורכגעפאָרן דעט צוג מיט די ענגלענדער.

אטילא קאסטרא האָט געוואַרט ביז וואַנען ס׳איז נישט פאַרשווונדן דער לעצטער וואַגאָן אין טונעל — דאַמאָלסט איצט האָט ער געזאָגט אין אַ לייכט איראָנישן טאָן:

— דאָס דאָזיקע פייפעריי זעט אויס צו זיין אַ פירוש אויף דיין נאָר - וואָס אַרויסגעזאָגטע שיינע פראַזע. איך בין זייער צופרידן מיט דיין מיינונג. דו, וועלכער האָסט זיי געקענט אין די טויזנטער, דו זאָגסט זיך אָפּ פון פרויען!... רעדט ווייטער מיכאַל!

דער פירשט האָט אָבער אָנגעווענדט דעם שמועס אויף אַן אַנדערן וועג. ער האָט גערעדט וועגן דעם איינדרוק, וואָס האָט אויף אים געמאַכט די ווילדע סירענע, נאָך אַזאַ לאַנגע צייט

נישט זען איר.

פֿין זיין פאַר-מלחמהדיק לעבן איז איִם בלויז געבליבן איין הויז און עטלעכע גערטענער. די גאַנצע מענערלעכע דינערשאַפט איז געוואָרן מאָביליזירט: אַ טייל אין פראַנצויזישן מיליטער און אַ טייל אין איטאַליענישן.

צו מאָרגנס נאָכן קומען, האָט ער זיך געהייסן צו גרייטן דעם אויטאָ, ווייל ער האָט געוואָלט פאָרן קיין מאנטא-קארלאָ; קיין אויטאָמאָבילן האָבן אים נישט געפעלט. דריי ערשט-סאָרטיקע מאַשינען זענען ביי איִם געשטאַנען, ווי פאַרגעסענע; אין גאַראַזש. זענען אָבער די שאָפערן געווען אויף דער מלחמה און קיין בענזין האָט מען נישט געקריגן און אויף פאָרן האָט מען געדאַרפט האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבניש. מיט איין וואָרט: ער האָט זיך געמוזט דעצידירן צו וואַרטן פאַר זיין טויער פון זיין גאָרטן, אויפן טראַמוויי, וואָס גייט פון מענטאָן. דאָס איז געווען פאַר איִם אַ נייער מין, אַן אומבאַקאַנטער אופן פון פאָרן. און געפונענדיק זיך צווישן המון, האָט זיך איִם אויסגעוויזן, ווי ער וואָלט אַריינגעפאַלן אין עפּעס אַן אומבאַקאַנטע וועלט. ס'האָט איִם געערגערט די נייגיריקייט, וואָס ער האָט אויפגעוועקט אין זיי.

אין דער שטיל האָבן זיי איבערגעחזרט זיין נאָמען, אַפילו דער קאָנדוקטאָר האָט זיך געוואונדערט, זעענדיק איִם אַריינקומען אין זיין וואַגאָן.

— צום ערגסטן איז אָבער דאָס, מיינע טייערע, דאָס וואָס איך בין רואינירט, ס'איז פון מיר אַ תל געוואָרן.

ספּאַזאָני האָט אויפגעעפנט זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן פונקט, ווי ער וואָלט געהערט עפּעס אַן אומדערהערטע זאַך און קאַסטרא האָט געשמייכלט נישט-גלויבנדיק:

— דו ביסט רואינירט?... איך וואָלט זיך באַנוגנט מיט אַ צענטל-חלק כאָטש פון דיין לעצט-ביסל.

אויף דערויף האָט דער פירשט מסכים געווען. זיין לאַגע האָט דערמאָנט אַן אונטערגעגאַנגענע ריזיקע שיף, פון וועמענס

רעשטלעך ס׳זענען רייך געוואָרן אַן אָרעמע טייל באַפעלקערונג, פון ערגעץ-ווו אַ ים-ברעג.

—וואָס שייך דאָס, וועל כ׳אייך באַלד זאָגן. אין זע נישט קיין שום סיבה, וואָס זאָל מיך נייטן כ׳זאָל פאַרבאָרגן פון אייך מיין אמתע לאַגע.

מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק האָב איך פאַרקויפט אין פּאַריז אַ פּאַלאַץ, וועלכן מיין מוטער האָט אויפגעבויט. ס׳האָט אים אָפּגעקויפט עפּעס אַ רייכער מאַן. די מלחמה האָט פון מיר געמאַכט אַן אָרעמאַן. דו, אַטילא, ווייסט דאָך יאָ, ווי כ׳בין געטראָפן געוואָרן פון דער דאָזיקער פעלקער-קריג. ווי נאָר עס האָבן זיך אָנגעהויבן די ערשטע שאָסן, אַזוי האָט מען מיר שוין אַרויסגעשיקט פון רוסלאַנד, קוים אַן אַכט חלק פון מיינע הכנסות. און וואָס אַמאָל איז געוואָרן ערגער. די רעוואָלוציע האָט פאַרקלענערט מיינע הכנסות אויף אַזויפיל, וואָס ס׳איז אינלשער.

און פון חבר לענין מיט זיין רויטן פאָן, באַקום איך דאָך שוין אַבסאָלוט גאָר נישט. כ׳ווייס אפילו נישט, וואָס עס הערט זיך מיט מיינע הייזער, נאַפט-גריבער און גיטער. איך האָב נישט קיין שום ידיעות פון די, וועלכע האָבן געפירט די אַדמיניסטראַציע טראַציע איבער מיין פאַרמעגן. ס׳קאָן זיין, אַז מ׳האָט זיי דערהרגעט...׳

דער פּולקאָווניק האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל:

— אַ רעוואָלוציע, ס׳פעלט אָבער אַ פירער!

— אָבער אַזאַ עושר ווי דו—האָט קאסטרא באַמערקט: אַזאַ עושר האָט דאָך תמיד ליגן אַ רעזערוו אין די בענק, ער קאָן זיך דאָן באַרגן, האָפנדיק אויף בעסערע צייטן.

— מעגלעך, אָבער דאָס איז פאַר מיר אַזוי גוט ווי גאָרנישט, דאָס איז אַ קבצנישער גראָשן.

ווען כ׳האָב פאַרלאָזן פאַריז, האָט מיר מיין אַדמיניסטראַ-

טאָר געזאָגט, אַז כ׳זאָל לעבן אויף אַזאַ אופן, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו מיינע איצטיקע הכנסות. וויפל קאָן איך אויסגעבן? נישט איך ווייס און ער ווייסט עס אויך נישט. אין מיין בילאַנס מוז מען אויך צו רעכנען דאָס געלט, וואָס איך בין שולדיק, וואָרום איך האָב געמאַכט אַ סך חובות. און איצט וועל איך מוזן לעבן, ווי אַ רונירטער פירשט, פון דריי - הונדערט טויזנט פראַנק אַ יאָר. ס׳קאָן זיין מער... אפשר ווייניקער. איך ווייס נישט.

קאַסטרא און ספּאַדאַני האָבן געמאַכט קנאַהדיקע באַוועגונגען הערנדיק דעם דאָזיקן ציפער. נאָוואַאַ האָט מיט דרך-ארץ געקוקט אויפן דאָזיקן מענטש, וועלכער רופט זיך זיין חבר און גלייבט, אַז ער איז אַ קבצן ביי אַ הכנסה פון דריי - הונדערט טויזנט פראַנק אַ יאָר.

—דער אַדמיניסטראַטאָר—האָט ווייטער גערעדט דער פירשט האָט מיר געעצהט, אַז כ׳זאָל אַ סוף מאַכן פון דער ווילליע, פונקט ווי כ׳האָב פּאַרקויפט דעם פּאַריזער פּאַלאַץ. קורץ: דאָס איז אַ קאָמפּלעטע ליקווידאַציע.

אמת, איך האָב זיך אַנטקייגן געשטעלט דעם דאָזיקן פּלאַן. דאָס דאָזיקע שטיקל ווינקל איז מיינס. איבריקנס, איז דאָס וועלט-לעבע לעבן געוואָרן אומדערטרעגלעך. די מלחמה האָט פון אַלץ אַ תל געמאַכט.

ס׳איז נישטאָ נאָך קיין אומעטיקערע זאַך, ווי דאָס לעבן אין פּאַריז. פשוט, מען נייט אַ מענטש פון אונזער וועלט, צו עמיגרירן. איך האָב אָבער באַשלאָסן צו באַזעצן זיך דאָ, ביז ס׳וועט נעמען אַ סוף פון דאָזיקן וועלט-שטורם.

—גוט! וועסט שוין איינמאָל מוזן וואַרטן!—האָט קאַסטרא באַמערקט.

— איך מיין אויך אַזוי. — דאָס איז אַ ליב ווינקעלע. דער עגאָיסטישער געדאַנק, אַז אין דאָזיקן מאָמענט ליידן מיליאָנען מענטשן און זיי שטאַרבן אין די טויזנטער אַ טאָג — דאָס מאַכט נאָך טייערער און נאָך ליבער האָס דאָזיקע ווינקל. נאָר ווי ס׳זאָל

נישט זיין, אפילו דאָ האָט זיך אַלץ געביטן. דער ים אפילו איז אַן אַנדערער. און ווי נאָר די זון גייט אונטער, גלייך מוז מיין טרייער פּילקאָווניק מיט שוואַרצע טיכער פאַרהענגען די טירן און פענסטער, וואָס גייען צום ים אַרויס, אַ נישט קענען נאָך אַמאָל די מלחמהדיקע אונטער-וואַסער-שיפלעך מאַכן דאָס הויז מיינס פאַר זייערס אַ ציל. ליידער, ווי זענען די אַלטע, גוטע צייטן? די בעלער, וואָס איך האָב דאָ איינגעאָרדנט אין די אָוונטן אויפן „גאוואט", ווען זי איז געשטאַנען אויפן אַנקער אָט אינטן ביים ברעג.

קאסטרא האָט גענומען קוקן אין דער ווייט, ווי אַ מענטש, וואָס חלומט וואַכערהייט. אין זיין פאָרשטעלונג האָט ער געזען די גערטנער פון דער ווילע „סירענע" אילומינירט, וואַרפנדיק אויף די כוואַליעס אַ מילך-ווייסן אָפּגלאַנץ פון ליכט, ענלעך צו לבנה-ליכט.

דאָס ריזיקע פענסטער, רויטלעך פון ליכט, האָט אַרויסגע-וואָרפן אין דער נאַכט אַריין אַ וואַרעמער עכאָ פון געלעכטערס, קוויטשן, פידל-זיפצן און ראָמאַנסן-לידער. ס'האָט זיך געדאַכטן, אַז די רויטע פינטעלעך אויפן הימל בייטן איבער זייער גלאַנץ מיט די עלעקטרישע שטערן, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן צווישן די טונ-קעלע בוימער-קרוינען. אַ פּאָר געפּילפּולע טריט איילן צו אַ טונקל ווינקל אין גאָרטן.

אַלע זענען דאָרטן געווען: די באַרימטסטע אַרטיסטנס פון לאָנדאָן, פאַריז, ווין, די שענסטע מיידלעך פוןביידע האַלבע ערד-קוגלען, פרויען פון די בעסטע געזעלשאַפט, שמייכלענדיקע, ווי שקלאַפנס צו אַ הערשער, וועלכער קען מיט איין פעדער-שטריך אָפּמעקן זייערע חובות, אַך! די שאַמפּיאַנער אָוונטן אין דער ווילע „סירענע"!...

ספּאַדאַני האָט געזען אין זיין פאָרשטעלונג די שיף „גאַ-וואָט", אַ שווימענדיקער פּאַלאַץ, וועלכער האָט אויסגעזען צו פאַר-נעמען דעם גאַנצן פּאָרט אין קאָנדאַמינע, ווען ער האָט פאַר-וואָרפן זיין אַנקער און האָט מיט זיין פּרעכטיקייט פאַרטונקלט

די יאַכט פון פירשט פון מאנאקא און פון די אַמעריקאַנישע מי-לאַירדערן.

און ווידער האָט זיך איבּם פאָרגעשטעלט דער שלאָס פון טויזנט-און איין נאַכט, וועלכער פלעגט אַרומשווימען איבער אַלע ימען, פירנדיק מיט זיך זיינע בודוארן, באַצירטע מיט סקולפּטור פיגורן, באַצירט מיט אַ ריזיקע ביבליאָטעק, מיט אַ בעלער-זאַל און עסטראַדע אויף וועלכע ס'האָבן זיך געקאָנט געפונען פופציק מוזיקאַנטן, שפּילנדיק בלויז פאַר איין צוהערער — דער פירשט מיכאַל, וועלכער איז געלעגן אויף אַ דיוואַן... און אָט דער דאָזיקער ווונדערלעך-רייכער מענטש, האָט זיך איצט מודה געווען, אַז ער איז אָרעם...

דער פירשט, וועלכער האָט אויסגעזען צוטרעפן די דאָזיקע געדאַנקען, האָט צוגעגעבן:

—דאָס אַלץ האָט זיך געענדיקט און כ'ווייס נישט צי אויף לאַנג און, אפשר גאָר אויף אייביק... דערפאַר וואָלט איך זייער גערן געוואָלט פראָפּאָנירן אייך אַ געוויסע זאַך...

ער האָט אָפּגעהאַקט אויף אַ ווײַלע, צו קוקן זיינע צוהערער אין די אויגן, כדי צו קענען זיך צופרידנצושטעלן מיט זייער נייגיריקייט... און באַלד האָט ער זיך געווענדעט צו קאַס-טרא:

—צי ביסטו צופרידן פון דיין איצטיק לעבן?

הגם אטילא איז געווען רויק און האָט חוזקדיק געשמייכלט האָט ער פאָרט נישט געקענט איינהאַלטן אין זיך די באַוועגונג פון פאַרוונדערונג, פונקט ווי די דאָזיקע שאלה וואָלט אים גע-ערגערט.

זיין לעבן האָט איבּם אויסגעזען צו זיין זייער מיאוס. די מלחמה האָט אַ תל געמאַכט פון זיינע אַלע געווינהייטן און האָט צו בלאָזן זיינע באַקאַנטשאַפטן אין אַלע פיר רוחות. ער האָט אַבסאָלוט גאָרנישט געוווסט, וואָס ס'איז געוואָרן מיט הונ-דערטער מענטשן, מיט וועלכע ער האָט געפלעגט פאַרברענגען

און ס'האָט איבן אויסגעזען, אַז אָן זיי וועט ער נישט קענען לעבן:

כ'וועל שוין נישט רעדן פון דעם, וואָס היינט געפין איך זיך אין אַ נויט, מער ווי ווען ס'איז אַנדערע צייט. דערפאַר זיץ איך דאָך אין מאנטא-קארלא. און כאָטש דער סוף מיינער איז אַלע מאָל, אַז איך פאַרשפּיל, בלייבט מיר פונדעסטוועגן עפּעס איבער אין דער האַנט, אַזוי, אַז איך קען נאָך ווי ס'איז אַדורכקומען... אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַ לעבן!... ער האָט געקוקט אויף נאוואָאַ, פּונקט ווי די דאָזיקע נייע פריינטשאַפט וואָלט אים געברענגט אין ספק און נאָכדעם האָט ער צוגעגעבן מיט פעסטקייט:

— כ'וועל רעדן דורכאויס אָפן! דער פּראָפעסאָר האָט אונז נאָר-וואָס געזאָגט וויפל ער פאַרדינט: ער פאַרדינט פינף-הונדערט פעזאס אַ חודש, ס'הייסט, ווייניקער נאָך וויפל ס'פאַרדינט אַן אַרבעטער אין קאסינא.

אי'ך וועל אויך זאָגן אָפן, איך וווין אין האָטעל „פאַריז", אטילא קאסטרא קען נישט ווינען ערגעץ אַנדערש, ער מוז אָנהאַלטן זיינע באַציונגען און זיין שטעלונג.

טיילמאָל איז מיר אָבער זייער שווער צו צאָלן פאַר מיין צימער און, ווען כ'בין נישט פאַרבעטן,—עס אי'ך אין אַן איטאַליענישע גאָרקיך ערגעץ. דאָס געלעגער קאָסט מיך דריי, אָדער פיר מאָל מער, וויפל מיינע קעסט.

בייטאָג, ווען כ'פאַרשפּיל מיין לעצטן זשעטאָן, מוז איך מיר באַנוגענען מיט אַ ביסל סענדזשוויש און אַ שטיקל חזר-פלייש וואָס איך באַקום אויפן באָרג אין קאסינא.

איך געהער צו דער מאדריטצקער שולע פון שפּילער, וועלכע האָט אונז געלערנט: יינגעלייט! געלט איז נויטיק, כדי צו קאָנען שפּילן און דאָס, וואָס עס בלייבט איבער — צו עסן..."

—פונדעסטוועגן--האָט דער פירשט באַמערקט: קענסטו זיך זייער ווויל אויף אַ גוטן קוך.

קאסטראס השתפחות-הנפש איז באמת, געווען קאָמיש-ערנסטע:
די מלחמה האָט אָפּגעווישט אַלע גוטע געוווינהייטן. קיינער האָט
שוין נישט געפירט קיין הויז, ווי ס׳דאַרפט צו זיין. אַלע האָבן
געוווינט אין האָטעלן, האָבן פאַרדינט דערפון די האָטעלן-אינהאַ-
בער און די בעלי-בתים פון די גאָרקיכן. און די, וואָס האָבן
פאַרבעטן פריוואַט, האָבן מיאוס אָפּגענאַרט.

—ס׳זענען שוין, דאַכט זיך, אַוועק חדשים און אפשר שוין
יאָרן, ווי כ׳האָב נישט געגעסן אַזוי ווי היינט. כ׳בין דאָך פאָרט
געזעסן ביי די בעסטע טישן, אין די האָטעלן, וואָס געפינען זיך
אויפן „ווייסן ברעג" און כ׳האָב געגלייבט, אַז ס׳עקזיסטירן שוין
נישט מער אַזעלכע יינגע געבראָטענע הינדעלעך, ווי די וועלכע
מ׳האָט אונז מיט אַ ,,ויילע פריער הערלאַנגט. דאָס זענען דאָך
געווען מיטאלאָגישע פייגל...

דער פּולקאָווניק האָט באַוועגט מיטן קאָפּ און געשמייכלט
ווי איינער, וואָס איז צופרידן מיט אַ לויב.

—און דו, ספּאָדאַני? — האָט דער פּירשט אַ פרעג געטון:
ביסטו צופרידן מיט דיין לעבן?

— איך... איך... אייער הויכקייט... — האָט דער מו-
זיקער געגומען שטאַמלען, אַ צעמישטער פון דער פּלוצימדיקער
שאלה.

נאָר דאָ איז אים געקומען קאסטרא צו הילף:

— ווי אַ פּיאַניסט געפינט, אונזער חבר ספּאָדאַני, תמיד
דעם טיש געדעקט ביי די הויכגעשטעלטע דאַמען - מעלאמאנען,
ביי די ליבהאָבערנס פון „קאַפּע-מאַרטין".

דערביי ווערט ער אויך זייער אָפּט פאַרבעטן פון די ענג-
לענדער קיין ניצע. ער האָט א ־ך נישט קיין עול אויפן קאָפּ
וועגן דירה-געלט. אַ קאָלעגע זיינער האָט אים אָפּגעטרעטן אַ
גאַנצע ווילע, אַ גרויסע, אַן עלעגאַנטע מיט קאָמפּאָרט. דאָך —
און ביי די אַלע גליקן ליידט ער היזקות, יאָ! ער שפּילט נאָך
מער פון מיר... אין קאסינא האָט מען אים געגעבן אַ צו נאָמען:
„דער הער פון פינפטל". אַלץ, וואָס ער קראַצט צונויף, שטעלט
ער אויפן פינפטל און — פאַרשפּילט. איך בין דער „הער פון

זיבצנטל״ און האָב אויך נישט קיין מזל...

ספּאדאני האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, האָט זיך אָבער אָפּ-געהאַלטן, זעענדיק, אַז דער פירשט ווענדט זיך צו נאוואָ:

— אייך וועל איך נישט פרעגן גאָרנישט. איך קאָן אייער גאַנצער געלעגנהייט. איר וווינט אין אַלט-מאנאקא, ביי אַ באַ-אַמטן פון מוזעום און די דאָזיקע דירה, גלויב איך, קאָן נישט איבריק צופרידנשטעלן. יאָ, ווי אטילא האָט פריער געזאָגט, איר פאַרדינט דאָך נאָך ווייניקער ווי דער קרופּיער אין קאסינא. —

און קוקנדיק אויף זיינע אַרומזיצער, האָט ער צוגעגעבן:

—כ׳וועל אייך געבן אַ פּראָפּאָזיציע, אַז איר זאָלט וווינען צוזאַמען מיט מיר. אָט די דאָזיקע פּראָפּאָזיציע איז, וואָס דער אמת, אַ שטיק פון מיין עגאָאיזם. איך פּלאַן צו באַזעצן זיך דאָ ביז די וועלט וועט זיך נישט באַרויקן און דאָס לעבן וועט ווידער ווערן ליב, ווי געווען.

אויב כ׳וואָלט געוווינט בלויז מיטן פּולקאָווניק, וואָלטן מיר זיך סוף-כל-סוף געמוזט פיינט קריגן. אין אָט דעם דאָזיקן ווינקל וועט איר זיין מיינע חברים און פריינט.

אַלע דריי האָבן זיך זייער פאַרוואונדערט אויף אָט דער פּלוצימער פּראָפּאָזיציע. דער ערשטער האָט אָנגעהויבן נאָ-וואָ:

— פירשט, איר האָט דאָך מיך נאָר-וואָס דערקענט. מיט דריי טעג צוריק האָבן מיר זיך דאָך צום ערשטן מאָל געזען... איך ווייס נישט צי כ׳וועל קענען...

מיט אַ טריקענעם טאָן און מיט אַ באַפעלערישע באַוועגונג, האָט אים דער פירשט איבערגעריסן:

— מיר קענען זיך... מיר קענען זיך שוין פון לאַנגע יאָרן...

און באַלד האָט ער צוגעגעבן:

—דאָס וואָס איך שענק אייך איז, פאַרשטייט זיך, אַ קליי-ניקייט. מיין דינערשאַפט איז זייער אַ קליינע. אַלס דינער האָב איך נאָר בלויז מיין אַלטן לאָקײ, און אָט די צוויי איטאַליעני-שע חברה-לייט, וועלכע דער פּולקאָווניק האָט קוים פאָר גע-

קראָגן. די איבריקע בעל־הביתישע פונקציעס פאַרנעמען ביי מיר פרויען... פונדעסטוועגן וועט אונז נישט זיין זייער שלעכט. מירן זיך אָפּשיידן פון דער וועלט, וואָס האָט פאַרלוירן דעם קאָפּ. פון דער מלחמה וועלן מיר נישט רעדן. מיר׳ן פירן אַ ברייט און רויק לעבן, ווי די פּרושים פון מיטלאַלטער וועלכער זענען געווען לעבעדיקע אָאַזיסן פון רו און וויסנשאַפט, צווישן מערדעריין און גוואַלטאַטן.

עסן וועלן מיר גוט, אויף דעם וועט זאָרגן דער פּולקאָווניק.

די ביבליאָטעק פון דער יאַכט געפינט זיך דאָ. פאַרקויפנדיק די שיף האָב איך באַפוילן מ׳זאָל זי אַריינלייגן אויבן, אויפן העכסטן שטאָק. אונזער חבר גאוואָא, וועט, גאַנץ מעגלעך, זיך קענען אויסגעפינען צווישן זיי אומבאַקאַנטע ווערק פאַר אים. יעדער וועט קענען לעבן ווי אים וועט געפעלן. איר וועט זיין פרייע מאַנאַרכן, אָן וועלכע ס׳איז פליכטן, אַ חוץ, וואָס איר וועט זיך דאַרפן שטעלן צו דער צייט עסן.

און אויב דער „הער פון פינפטל" אָדער דער „הער פון זיבצנטל" וועט זיך וועלן איבערשפּאַצירן צום קאסינא, וועט ער דאָס קענען. מ׳וועט אים אַפילו מוזן מיטגעבן עפּעס אין טאַש. ווייל אָן דעם איז דאָס לעבן נישט ווערט קיין גראָשן.

אַ שטילשווייגן האָט אויפגענומען און מסכּים געווען מיט די רייד פון אינהאַבער פון דער ווילע „סירענע".

—נאָך איין זאַך פאַרלאַנג איך—האָט נאָך אַ לענגערע פּויזע ווייטער געצויגן דער פירשט: איך וויל, אַז איר זאָלט לעבן בלויז צווישן מענער. איך וויל נישט קיין פרויען. די פרוי דאַרף דאַרף זיין אויסגעשלאָסן פון צווישן אונזער חבריש צוזאַמענלעבן.

דער פּיאַניסט האָט אויפגעעפנט אַ פּאָר פאַרוווּנדעטע אויגן באַוואָאַ האָט מאשינאַל, מיט איין באַוועגונג אַראָפּגענומען זיין בינאָקל און האָט איר באַלד צוריק אַרויפגעזעצט.

און ווידער איז געווען שטיל אַרום.

— דאָס וואָס דו האָסט אונז פּראָפּאָנירט — האָט ענדלעך

אטילא אָנגעהויבן מיט אַ שמייכל: דאָס דערמאָנט מיך שעקספירס אַ קאָמעדיע. אָן פרויען! דער העלד פון דאָזיקן שטיק, דהאָט צום סוף חתונה.

— איך קען די דאָזיקע קאָמעדיע,—האָט דער פירשט געענטפערט: ס'פּאַלט מיר אָבער נישט איין איינצואָרדנען אונזער לעבן לויט די מנהגים פון אָט דער קאָמעדיע. איך וויל נישט אויספירן פון דעם קיין שום לערע. איך קען דיר פאַרזיכערן, אַז כ'וועל נישט חתונה האָבן, אַ קייגן שעקספירס ווילן און ווילן פון פראַנצויזישן קעניג, וועלכער איז געווען דער העלט פון דאָזיקן שטיק.

—אַזאַ איינפאַל איז דאָך לעכערלעך — האָט קאסטרא זיך אָנגערופן: כ'ווייס נישט וואָס די אַנדערע דענקען איבער דעם אָבער שאָדענען מיר...

און האָט זיין פראָטעסט פאַרענדיקט מיט אַ זשעסט, נאָכדעם, ווען ער האָט געזען, ווי דער פירשט זיצט פאַרטראַכט, האָט ער צוגעגעבן:

— הייסט עס, אַז דו האָסט זיי שוין איבער די אויערן, ווי מען זאָגט עס. אין דיין לעבן האָסטו אַלץ געהאַט און איצט ווילסטו אונז פאַרזאָגן...

דער פירשט האָט אים איבערגעריסן, ווי ער וואָלט נישט געהערט גאָרנישט.

—אויב דו קאָנסט זיך נישט באַגיין אָן דעם איז, נו גוט. כ'וועל דיך נישט פייניקן. אויב ס'וועט זיך דיר גלוסטן, וועסטו דיר קענען צופרידנשטעלן דיין קאַפּריז — נאָר דאָ אַהער זאָלסטו מיר קיין פרויען נישט אַריינפירן! כ'וויל פון גאָר נישט ווייסן.

די דריי צוהערער האָבן געקוקט איינער אויפן אַנדערן פאַרוווּנדערט.

— איך גלויב, אטילא, אַז דו ווייסט, וואָס עס איז אַזוינס אַ פרוי. אין גרעסטן טייל זענען דאָס „זי״ען, יינגע אָדער אַלטע, אָבער קיינמאָל נישט קיין פרויען. אַ פרוי, אַן אמתע פרוי, דאָס איז אַ קינסטלעכע דערפינדונג פון דער אַלטער ציוויליזאַציע, דאָס

האָט עפּעס ענלעכעס צו אַ ספּעקטן-בלום, זי האָט אין זיך שיינע שורשים און איז קאָמפּליצירט. איך האָב מורא פאַר אַ מין פּרוי. אויב אַזאַ פרוי וועט קומען אין אונזער הויז אַריין, דאַמאָלסט איז אַ סוף צו אונזער שטיל לעבן, צו אונזער חבר-שאַפט.

מ׳האָט פאַרענדיקט דעם פרישטיק.

דער פירשט האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש און באַלד האָבן עס אַלע נאָכגעטון. זיי זענען אַריין אין שכנותדיקן זאַל, ווו מ׳האָט זיי דערלאַנגט קאַווע.

דער פולקאָווניק האָט גענומען קוקן אַרום זיך מיט אומרויקייט, ער האָט באַטראַכט דאָס שעכטל ציגאַרן און די ריזיקע טאַץ מיט פלאַשן ליקערן.

און ווען דער פירשט האָט שוין געהאַט אָפּגעשניטן דעם עק פון האוואנער - ציגאַר, האָט ער זיך געווענדעט צו קאַסטראן:

— אויב וועסט וועלן... וועסטו דיר קענען אויסקלויבן פון די, וואָס אַרום דעם קאַסינא. פינף אָדער צען לודוויקן און — אויפווידערזען... נאָר נישט קיין אַנדערע! פרויען! אויב דאָ וואָלטן אָנגעהויבן אַריינקומען פרויען, דאַמאָלסט זענען מיר געזעגנט מיט אונזער שלום.

מיך וואָלטן זיי געגאַרט צוליב דער נייגיריקייט, אָדער צוליב דער קנאה, טראַכטנדיק וועגן מיין פאַרגאַנגנהייט, און מיין רייכטום, אייך וואָלטן זיי אַרויסגעפירט פון גלייכגעוויכט און אַריינגעבראַכט אַ שנאה צווישן אייך, צוליבן אייפערזוכט. פירנדיק אַזאַ לעבן, ווי איך פאַרשטיי, וואָלט שוין אַזאַ זאַך נישט געווען מעגלעך... כ׳וועל שוין נישט רעדן וועגן דעם, וואָס מיר זענען נישט געוווינט רייך...

אטילא האָט עס מיט אַ שמייכל פראָטעסטירט:

—נישט געוווינט רייך!

—דאָס איז אָבער ווייניק בכדי צו קענען פירן די אַלטע משוגעתן — האָט דער פירשט ווייטער גערעדט: ליבע פאָדערט געלט. די אַלע אַנדערע מינע ליבעס האָבן אויסגעטראַכט קבצנים,

וועלכע טרייסטן זיך מיט ליגנס.

פון גרונט פון יעדער ליבע שיינט אַרויס דאָס גאָלד. אין אָנהייב זעט מען עס נישט, דער חשק מאַכט בלינד. מיר זעען נאָר דעם באַלדיקן פּועל-יוצא און טראַכטן בלויז פון אָפּהאַלטן אַ נצחון איבער אונזער שיינעם שונא. דער סוף אָבער פון יעדער פאַרלענגערטע ליבע איז — אָדער מען נעמט געלט, אָדער מען נימט...

—נעמען געלט פון אַ פרוי... דאָס קיינמאָל נישט — האָט קאַסטרא געזאָגט שוין אָן זיין איראָנישן שמייכל.

נאוואַאַ האָט געהאַלטן דאָס טעפּעלע קאַווע אין דער האַנט און זיך מיט ערנסט צוגעהערט צום פירשטס רייד. ער האָט גע-רעדט פון אַ וועלט, אַן אומבאַקאַנטע פאַר אים. ספּאַדאָני האָט געהאַלטן זיין בליק ערגעץ אין דער ווייטקייט און געטראַכט פון עפּעס אַנדערש.

— זאָלסט געדענקען, אטילא, איך האָב דיך געוואָרנט — האָט דער פירשט לובימאָוו ווייטער גערעדט: קיין שום פרוי! וועלן מיר קענען פירן אַ פרייליך לעבן.

די פרימאָרגנס וועלן זיין אָנגעאַנצן פרייע און מיר וועלן זיך איצט טרעפן ביים צווייטן פרישטיק. אונטן, אין אונזער קליי-נעם פּאַרט, האָבן מיר עטלעכע מאָטאָר-שיפלעך. און זוניקע שעהן, וועלן מיר וויאָסלעווען, אָדער זיך פאַרנעמען מיט פיש-פאַנג.

אין אָוונט וועסטו קאָנען גיין אין דיין קאַסינא. מעגלעך, אַז איך וועל אויך גיין ערגעץ אויף אַ קאָנצערט. דער פרילינג איז שוין נאָענט.

אין אָוונט, זיצנדיק אויף דער וועראַנדע, מיטן פּנים גע-ווענדט צו די שטערן, וועט אונז דער חבר נאָוואָאַ, דער חכם פון אונזער נייע רעליגיע, געבן צו פאַרשטיין די מעלאָדיע פון די הימלען און ספּאָדאַני, אונזער ווירטואָז, וועט זיצן ביי דער פּיאַנא און דערציילן אונז פון די ערדישע מוזיק.

—ווויל!—האָט קאַסטרא זיך אָפּגערופן: האָסט באַשריבן אונ-זער צוקונפטיק לעבן, ווי אַ פּאָעט. האָסט מיך מנצח געווען, מיר

וועלן זיין גליקלעך. אָבער, איך וועל מיר געדענקען די דער־לויבניש דיינע, וואָס שייך צו די קאָקאָטן און כ׳וועל געדענקען דעם פאַרבאָט דיינעם צו פרויען.

קיין איין קליידל וועט נישט אַריינקומען אין דער ווילע סירענע. בלויז מענער, מאַנאַכן, עגאָאיסטן, וועלכע האָבן זיך צו־נויפגענומען בכדי צו קענען לעבן אַ זיס לעבן און רו, אַזוי לאַנג ווי ס׳וועט אָנהאַלטן די וועלט־שריפה.

אטילא דהאָט זיך אַ קליינע ווילע פאַרטראַכט און גע־זאָגט:

—ס׳פעלט אונז אַ נאָמען. אונזער צונויפלעבן דאַרף האָבן אַ נאָמען, ס׳קען הייסן... דאַכט זיך... „פרויען-פיינט״.

דער פירשט האָט אַ שמייכל־געטון:

— גוט! — האָט ער געזאָגט:—דער דאָזיקער נאָמען דאַרף אָבער זיין באַקאַנט בלויז צווישן אונז! אַנדערש... מ׳קען מיינען גאָט ווייסט וואָס!...

ס׳פאַדאָני ווי מען וואָלט אים פּלוצלינג אויפגעוועקט פון שלאָף, האָט זיך געווענדט צו קאַסטראַן, אויסדריקנדיק הויך זיין געדאַנק:

דער דאָזיקער סיסטעם איז דערפינדן געוואָרן פון לאָרד. ער האָט אויף אים געמאַכט מיליאָנען. איך זאָג אים נעכטן ער זאָל מיר געבן צו פאַרשטיין... שטעל צום ערשט...

נאַרישער פּיאַניסט!...—האָט אטילא פּראָטעסטירט:—וועסט מיר דאָס געבן צו פאַרשטיין אין קאַסינאָ, אויב כ׳וועל דיך נאָר וועלן הערן... כ׳האָב שוין אַ דאַנק דיינע סיסטעמען פאַרלוירן פאַרלוירן גענוג געלט. איך דהייס דיר דהאַלטן זיך ביי דיין „פינפטל״.

— און ווייסט איר אפשר — האָט זיך פּלוצים אָנגע־רופן ספּאַדאָני: אַז כ׳דהאָב נעכטן באַגעגנט אין קאַסינאַ די פירשטן...

מיט אַ פרעגנדיקער באַוועגונג האָט אים דער פירשט אי־בערגעריסן:

— וועלכע פירשטן?

— די פירשטן דע-ליסל, זי האָט מיך עטלעכע מאָל גע-פרעגט צי ס'איז נישטאָ עפּעס אַ ידיעה פון אייער הויכקייט, און ווען זי איז געוואָר געוואָרן, אַז דער פירשט איז שוין געקומען צו פאָרן, האָט זי מיר צו וויסן געטון, אַז זי רעכנט טאַקע צו קומען מיט אַ וויזיט.

דעם פירשטס ענטפער איז געווען אַן אויסגעשריי, מער נישט.

—דער אָנהייב איז זייער שיין!—האָט קאסטרא אויסגערופן מיט אַ געלעכטער: אָן פרויען! און פלוצים וועט אונז דער פּול-קאָווניק מבשר זיין, אַז ס'איז געקומען מיט אַ וויזיט איינע פון די געפּערלעכסטע! מוזט דאָך אַליין מודה זיין, אַז די פירשטן געהערט צו די יעניקע, וועלכע דו האָסט אונז פריער באַ-שריבן.

—כ'וועל איר נישט אויפנעמען,—האָט דער פירשט געזאָגט מיט פעסטן באַשלוס.

—אויב כ'האָב נישט קיין טעות, איז זי דיין קוזינע.

—נישט אמת, איר פאָטער איז געווען מיין שטיף-פאָטערס אַ ברודער. מיר האָבן זיך נאָך געקענט אַלס קינדער און פון דאַ-מאָלסט נאָך האָבן מיר איינער פון צווייטן די ערגסטע מיי-נונג. זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ פראַנצויזישן פירשט ווען איך האָב נאָך געוווינט אין מאָסקווע. אַזוי ווי אַן אַמעריקאַנערן האָט זי געוואָלט שיינען מיט איר טיטול און ווערן דאָס ליכט פון אייראָפּע. נאָך עטלעכע חדשים וווינען, האָט זי זיך צעשיידט מיטן מאַן און צאָלט אים חודשלעך געוויסע סומעס און דאָס האָט טאַקע דער שיינער פירשט געוואָלט.

די באַרימטע אליציא איז נישט קיין רייצנדיקע פרוי פאַר מיר. און צו דערצו האָט זי נאָך געלעבט אַזוי ווי ס'איז איר געפעלן... כמעט אַזוי ווי איך... איר רעפּיטאַציע איז פּונקט אַזוי ווי מיינע. פונקט אַזוי ווי מיר, שרייבט מען איר צו פאַרש־דענע ליבערייען מיט מענטשן, וועלכע זי האָט קיינמאָל נישט אָנגעזען

אויף די אויגן.

לעצטנס האָב איך געהערט, אַז זי האָט זיך אפּישירט מיט עפּעס אַ בחורל, כמעט נאָך אַ קינד... מיר ליידער, ווערן אַלט. .

— נו, האָב זיי געזען אין פּאַריז — האָט זיך קאסטרא אָפּגערופן: דאָס איז נאָך געווען פאַרן מלחמה-אויסברוך. און פון דאַמאָלסט זע איך איר אין מאנטא-קארלא תמיד אַליין און קיינמאָל נישט מיט איר בחורל. דאָס האָט אַוודאי געמוזט זייקעפּעס אַ קאַפּריז... איצט פאַרברענגט זי שוין דאָ דעם דריטן ווינטער. אויפן זומער פאָרט זי אַריבער קיין „אַיקס-לעס-באַינס", אָדער קיין ביאַריץ. זי קערט זי אָבער גלייך צוריק, ווי נאָר דער קאסינא עפנט אויף זיין שיינעם סעזאָן.

— זי שפּילט?

אַזוי ווי אַ משוגענע. שפּילט מיט גרויסע סימעס און זייער שלעכט. מיט צוויי יאָר צוריק האָט זי זיך באַנוצט מיט ושעטאנען צו פינף און צוואַנציק און פינפציק לודוויקן. היינט שפּילט זי שוין אויף גאַנצע הונדערטער. אין קורצן וועט זי זיך מוזן צופרידנשטעלן מיט רויטע זשעטאנען צו לודוויקן, אָט פונקט ווי אייער דינער...

—כ'וועל איר נישט אויפנעמען,—האָט דער פירשט איבערגעחזרט.

הפּנים, אַז ער האָט נישט געוואָלט מער רעדן, האָט ער פאַרלאָזן זיינע חברים און איז אַרויס פון זאַל.

## II.

פאַרן סוף פון דער צווייטער קארליסטן-קריג, האָט אַשפּאַ־ניער געמוזט אַריבער די פראַנצויזישע גרענעץ, פאַרלאָזנדיק זיין פאָטערלאַנד אויף אייביק.

די מאדריצקער פרעסע האָט אים נישט אַנדערש גערופן ווי „קאַבעטשילא״, סאַלדאַן און מ׳האָט זיך, זעט אויס, אָפּגע־האַלטן פון רופן אים מיט אַנדערע שאַנד-נעמען, כדי צו מאַכן אַן אונטערשיד צווישן אים און די אַנדערע באַנדע-פירער, וועל־כע האָבן אַרומגעהוליעט אין אַראַגאָניע, אין קאַטאַלאָניע און אין וואַלענצי, מאַכנדיק אַ לעבן פון מאָרדן און רויבערייען.

ביי די אייגענע האָט אים גערופן: גענעראַל מיגועל סאַל־דאַן, מאַרקיז ווילאַבלאַנץ. דעם דאָזיקן טיטול האָט אים געגעבן דאָן קאַרלאָס, נאָכן נאָמען פון אַ דערפל וועלכעס ער האָט חרוב געמאַכט און פאַרברענט, צוזאַמען מיט אַן אָפּטיילונג פון ליבע־ראַל מיליטער.

נישט קיין גאַנצע ניין-און-צוואַנציק יאָר איז קאַבעטשילאָ אַלט געווען ווען ער איז אַריבער די גרענעץ, כדי ער זאָל נישט זיין געצווינגען צו אַנערקענען די קאָנסטיטוציע פון די בורבאָ־נען.

ר האָט נאָר-וואָס געהאַט געענדיקט די מיליטער-שולע אין טאָלעדאָ, ווען די רעוואָלוציע פון 1868, האָט אים אַ שטויס געטון אין די רייען פון דאָן קאַרלאָסעס אָנהענגער, ווו ער האָט זיך זייער שנעל גענומען אויסצייכנען מיט זיינע העלדישע טאַטן.

זיין מוט האָט זיך תּמיד געגרענעצט מיט העלדישקייט, ער פלעגט גיין אויף אַן אַטאַקע תּמיד בראש פון זיין אָפּטיילונג און אין מערסטן טייל פלעגט ער ווערן פאַרוווּנדערט. זיינע וווּנדן זענען אָבער אַלע מאָל געווען, ווי זיינע זעלנער פלעגן זאָגן „צופעליקע"; ס׳פלעגן ביי אים נאָר פאַרבלייבן פאַרהיילטע שראַמען און זיין געזונט איז אַלץ נאָך געבליבן שטאַרק אַזוי ווי פריער.

אין פּאַריז, ווו ס׳האָבן אים באַוווּנדערט בלויז עטלעכע אַלטע דאַמען פון פאָרשטאָט סאַינט-גערמאַין, האָט ער זיך געשפּילט צופיל עלנט און איז אָפּגעפאָרן קיין ווין.

זיין קעניג האָט דאָרט געהאַט אַ סך פריינט און קרובים. די יינגקייט און די מעשים זיינע, האָבן אים באַלד געמאַכט אָנגעזען אין די קרייזן פון די אַרצי-פירשטן. אָבער באַלד האָט אים די רוסיש-טערקישע מלחמה אַרויסגעריסן פון אָט דעם זיסן און ליידיקגייערישן לעבן.

אַלס קריסט און אַלס זעלנער האָט ער געפילט פאַר זיין חוב צו שלאָגן די טערקן און ער האָט זיך באַזאָרגט מיט רעקאָמענדאַציע-בריוו פון די עסטרייכישע פירשטן און איז אָפּגעפאָרן קיין פּעטערבורג.

דער גענעראַל סאָלדאַן איז געוואָרן אַ געוועזענלעכער פעלדפעבל אין דער רוסישער אַרמעע. נאָר באַלד האָט ער ווידער געקראָגן עטלעכע וווּנדן און אַ פּאָר אויסצייכענונגען און דאָס האָט אים געמאַכט באַרימט. ער האָט געווונען צווישן די אָפּיצירן אַ סך פריינט. ער האָט אָנגעהויבן קומען אין די אַריסטאָקראַטישע סאַלאָנען.

אין אַ געוויסן טאָג האָט ער אויף אַ באַל ביי אַ גרויסע פירשטן, באַקענט דאָס דאָזיקע מיידל וועגן וועלכער מ׳האָט אַ סך

סך געראַדט דעם הינטער, דאָס איז געווען די פירשטן לובי-מאָוו.

זי איז אַלט געווען דריי-און-צוואַנציק יאָר, איז געווען אַ יתומה און איינע פון די רייכסטע גוטס-באַזיצער אין רוס-לאַנד.

איינער פון אירע זיידעס, אַ שיינער, אָבער אַן אַלפאַבעט-טישער קאָזאַק, איז געלונגען צו ציען אויף זיך די אויפמערק-זאַמקייט פון די קייסערן קאַטארינע. זי האָט אים באַשאָנקען מיט אַן אַ צאָל גיטער אויף יענעם זייט אוראַל. ס'האָבן זיך דאָרט געפונען מאַלאַכיט-גראָבנס און נאַפט-קוואַלן.

אַ חוץ דעם האָט ער באַקומען צוועלף טויזנט לייב-קנעכט, וועלכע זאָלן באַאַרבעטן זיין ערד. און אָט דער דאָזיקער גרויסער פאַרמעג. וועלכער איז כמעט פון טאָג צו טאָג געוואַקסן— דאָס אַלץ האָט אָנגעקערט צו דער יינגע פירשטן לובימאָוו, וועלכער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ מיטגליד פון דער קייזערלעכער פאַמיליע, אַ דאַנק איר אָפּשטאַמונג, זי האָט אָבער געהאַט אַן עקסצענטרישן כאַראַקטער און האָט נישט איינמאָל געשטעלט אין פאַרלעגנהייט דעם קייסער.

דאָס איז געווען אַ מיידל, אַ קאַמפּעריזשע, אַ קאַפּריזנע, נישט קיין קאָנסעקווענטע, אין וואָרט און אין טאַט. די אָפיצירן פון דער גוואַרדיע, האָט זי באַהאַנדלט חבריש: זי האָט געראָכערט, געטרינקען און אָנטייל גענומען אין זייערע איבונגען אויף די פערד.

און פּלוצים איז זי פאַרשווינדן געוואָרן אין איר פּאַלאַץ אויף גאַנצע וואָכן. אַריינפאַלנדיק אין אַ מין מיסטיציזם. זי האָט פאַר-ערט דעם קייסער, ווי אַ פאַרטרעטער פון גאָט אויף דער ערד און צו דער זעלבער צייט האָט זי סימפּאַטיזירט מיט די ניהי-ליסטן.

אין "הויף" האָט מען גוט געדענקט, ווי אין אַ שיינעם העלן טאָג, איז זי אַוועק צוזאַמען מיט אירס אַ דינסט-מיידל, אויף וועלכע די פּאָליציי האָט געהאַט געוויסע חשדים.

אין איינעם פון די אָרעמע הייזלעך, וואָס איז געווען אי-

עבּרפוּלט פון רעוואָלוציאָנערן, סטודענטן און אַרבּעטער. אין יענעם ענגן שטיבל האָט זי גלייך מיט אַלע, דעפּילירט פאַר אַ שרומנע, וועלכע דער עולם האָט, צוליב נייגיריקייט, שיער נישט אַראָפּגעוואָרפן פון קאַטאַפאַלק.

דער מת איז געווען פיאָדאָר דאָסטאָיעווסקי. זי האָט צעשאָטן אַ טייערן בלומען-קראַנץ פון רויזן אויפן אויסגעוועלקטן שטערן און אסקעטישע באָרד פונם שרייבער.

און אָט די נאַדינאַ לובּימאָוו איז געווען די זעלבּע, וועלכע האָט געגנייט איר שטוב-מיידל צו קניען פאַר איר, ווען זי איז געווען אין כּעס, און אַלץ אַרום פלעגט שטורמען.

אַ געוויסער אַלטער פירשט, וועמען דער קייסער האָט באַשטימט אַלס איר אָפּיעקון, האָט איר זייער געוואָלט חתונה-מאַכן הגם ער האָט געוווּסט, אַז די רעגירונג קאָן אַ סך ליידן אויף איר גרויס מאַיאָנטעק, און די קאָנקורענטן האָבּן שטאַרק מורא געהאַט פאַר איר אָפּשפּאָטן און חוזק.

צוויי מאָל האָט זי צעוויסן געגעבּן ווער איר עיר תּנאים מיט איידל-מענער, וועלכע האָבּן געדינט אין הויף און אין דער לעצטער רגע האָט זי אַליין געבּעטן דעם צאַר ער זאָל נישט געבּן זיין דערלויבּניש.

איצט האָט שוין קיינער נישט געוואָלט בּעטן איר האַנט, פון מורא זיי זאָלן נישט ווערן שפּעטער אויסגעלאַכט. ז'אָך האָט קיינער נישט געספּקט אין איר נאַיווקייט, נישט קוקנדיק אויף איר פריי-האַלטן זיך און נישט קאָנסעקווענטקייט.

דערבּליקנדיק איר, האָט סאַלדאַן אַ טראַכט-געטון פון אַ צפונדיקן שלאַנג, וועלכער הויבּט זיך אַרויס פון די גרינע טייכן חוּ ס'שווימען אַרום די קריעס.

זי איז געווען אַ הויכע, אַ מאַיאַסטעטישע, אַבּיסל אַ מאַסיווע ווי אַ געטין, וועלכע איז געווען אויפגעמאָלט אויף די פרעסקעס, וואָס האָבּן באַדעקט דעם בּעליק.

אירע גראָע אויגן האָבּן זיך געבּיטן מיט אַ גרינלעכן שאָטן. אירע האָר זענען געווען זיידענע און העלע, פאַרבּלאָז כּמעט.

איר אַ ביסל ברייטלעכע נאָז, ווען מ׳עמענס נאָז-פליגל ס׳פלעגן אין אַ געריירטן מאָמענט, ציטערן—זיי האָבן דערמאָנט אָן איר זיידן, דער געזונטער קאָזאַק, די קאטארינאס געליבטער, סאלדאנען האָט זי אַ לענגערע צייט נישט באַמערקט.

ס׳האָבן איר אויפן דאָזיקן באַל אַרומגערינגלט אַ מאַסע אָפיצירן, וועלכע האָבן גערן צוגענומען אירע נישט-אַנגענעמע שפּאַסן און געפערלעכע מיינונגען.

און מיט-אַמאָל האָט סאלדאן, וועלכער איז געשטאַנען ביי דער טיר, אַ ציטער-געטון, הערנדיק דאָס דרייסטע און באַפעלע-רישע קול:

— דערלאַנגט מיר אייער אָרעם, מארקיז!

און נישט וואַרטנדיק ביז ער וועט איר געבן דעם אָרעם, האָט זי אים אַליין גענומען און אים מיטגעצויגן אין שפּייז-זאַל.

זי האָט אַראָפּגעשלינגען אַ גרויס גלעזעלע בראָנפן און פאַר-ביסן מיט שאַמפּאַן, וועלכן די דינערשאַפט האָט כסדר אַרומגע-טראָגן.

נאָכדעם האָט זי מיט אַ שמייכל צוגעפירט איר פריינט צום פענסטער, וואָס איז געווען פאַרדעקט מיט אַ פאָר-האַנג.

—איר זענט פאַרוואונדעט! איך וויל אומבאַדינגט זען אייע-רע וואונדן...

שטאַרק פאַרחידושט איז סאלדאן געבליבן שטיין פאַר די דאָזיקע גרויסע דאַמע, וועלכע האָט תמיד פאַרוואונדערט מיט אי-רע מאָדנע קאַפּריזן.

רויט-ווערנדיק, האָט ער אויפגעהויבן דעם עק פון אַרבל און געוויזן אַ שטיק האַנט באַדעקט מיט שוואַרצע האָר, אַמוס-קולירטע, מיט טיף-אויסגעקריצטע שראַמען פון קוילן, וועלכע ער האָט ערגעץ באַקומען אין שפּאַניען.

די פירשטן האָט באַוואונדערט די דאָזיקע אַטלעטיש טונקל-ברוינע האַנט אויף וועלכע ס׳האָבן זיך אַדורכגעשניטן ווייסע פאַרהיילטע סמנים פון וואונדן.

און באַלד ד'האָט סאָלדאַן דערפילט אַ באַרירונג פון ליפּן אויף אַ פאַרהיילטע װוּנד. בױגנדיק דעם שטאָלצן קאָפּ, האָט נאַ־דינאַ געקושט זיין אָרעם.

—דו העלד מיינער ! ליבער העלד !

נאָכדעם האָט זי אויפגעהויבן דעם קאָפּ, רויק, אָן שום סמנים פון וועלכע ס'איז אויפרעגונג ; ס'האָבן בלויז לייכט גע־ציטערט אירע נאָז־פליגל. זי האָט שוין נישט געהאַט קיין חשק צו באַקוקן די איבריקע וווּנדן, וועגן וועלכע ס'האָבן אָפט גע־רעדט זיינע קאָלעגן. זי איז געווען זיכער, אַז זי וועט זיי נאָך קענען זעען, אויב זי וועט נאָר וועלן.

אין עטלעכע טעג שפּעטער האָט זיך איבערן גאַנצן הויף אַרומגעטראָגן די ידיעה וועגן די חתונה פון דער פּ רשטן מיטן שפּאַניער.

זי אַליין האָט פאַרשפּרייט די דאָזיקע קלאַנגען, גאָרנישט אַנפּרעגנדיק ביי איר צוקונפטיקן מאַן.

דער שכל איז געווען אַזעלכער: זי איז אַ בלאָנדינע און ער — אַ ברונעטער. ביידע ד'האָבן געשטאַמט פון צוויי אַנטקייגנ־איבערדיקע אייראָפּעישע גרענעצן.

און אַ חוץ דעם, איז די פירשטן זיכער געווען, אַז זי האָט תמיד ליב געהאַט שפּאַניען, הגם זי איז נישט געווען בכח אָנ־צעווייזן אויף דער לאַנד־קאַרטע, גענוי ווו עס געפינט זיך יענץ שטיקל ערד. זי האָט נאָך געדענקט היינעס אַ ליד און מוסעטס אַ ליד אין וועלכע ס'האָט זיך גערעדט וועגן שפּאַנישע מערקיזן פון באַרצעלאַני און פּלעגט אָפט זינגען אַ לידעלע וועגן סעווילער פּאָמעראַנצן... מסתמא שטאַמט איר העלד אויך פון באַרצעלאַני, אָדער סעווילע.

אומזיסט האָבן זיך עטלעכע הויפישע דיפּלאָמאַטן פּרובירט אַריינמישן, צוגעבנדיק איר צו פאַרשטיין, אַז דער צאַר איז קעגן דעם שידוך.

אַזאַ רייכע פּריצטע זאָל זיך צונויפגיין מיט אַ פרעמדן זעל־נער, אַ פאַרשיקטן !... נאָר די פירשטן ד'האָט דורך זיי גע־

הייסן זאָגן דעם קייסער, וואָס זי פּלאַנט צו טון פאַר איר צו־
קונפט:
- אָדער כ'וועל מיט אים חתונה האָבן, אָדער כ'וועל אויפ־
טרעטן אין פּאַריז אַלס טענצערן.
מ'האָט אָנגעהויבן ערנסט צו שמועסן, אַז ס'האַלט דערביי
אַז מ'זאָל סאלדאנען אַרויסשיקן פון רוסלאַנד.
— גוט! זאָל זיין! וועל איך מיטפּאָרן מיט אים אַלס זיין
געליבטע.
דער אַלטער פירשט, וועלכער איז געווען נאדינעס אַפּי־
טרופּיס, דאָט געהאַט שטאַרק עגמת־נפש פון דער עקשנות אין
דער קייזערלעכע פאַמיליע. ווען נישט דאָס דאָזיקע אַנטקייגנ־
שטעלן זיך, וואָלט נאדינאס קאַפּריז נישט אָנגעהאַלטן לענגער,
ווי עטלעכע טעג.
מ'האָט אָנגעהויבן רעדן, אַז דער צאַר וועט איר פאַרשיקן
קיין סיביר, אין אירע גרויסע גיטער, דאָרטן וועט זי זיך שוין
אָפּזאָגן פון אירע פּלענער.
נאָר דאָס אייניקל פון קאָזאַק האָט געענטפערט, אַז זי
וועט גיכער באַגיין זעלבסט-מאָרד איידער הערן אַזאַ מין באַ־
פעל.
ענדלעך האָט דער קייזער איינגעשטימט, אַז ס'זאָל נעמען
אַ סוף צו דער דאָזיקער זאַך, האָפנדיק, אַז זי וועט באַלד חרטה־
האָבן.
די חתונה־רייזע האָט געזאָלט דויערן ס'גאַנצע לעבן. בלויז
צוויי מאָל איז זי געקומען קיין רוסלאַנד, כדי צו דערלעדיקן
די געשעפטן אירע. מערב־אייראָפּע האָט איר בעסער געשמעקט,
איז געווען נענטער צו איר כאַראַקטער, ווי דער הויף פון רו־
סישן אַליין־הערשער.
נאָך אַ יאָר פון איר חתונה, זייענדיק אין לאָנדאָן, האָט
זי געבוירן אַ זון, דאָס איינציקע קינד אירס. זי האָט אים אַ
נאָמען געגעבן נאָך איר פאָטער „מיכאַל", זי האָט אים אָבער
צוגעגעבן דעם נאָמען „פיאָדאָר", הפנים, צוליבן אָנדענקען פון
דאסטאיעווסקי דער באַליבסטער שרייבער אירער, וועמענס קאַמ־

פליצירטע העלדן ס׳האָבן, אין טיפסטער סימפּאַטיע געלעבט אין איר גופא.

ס׳האָט קיינער נישט געוווּסט צו דאָן מיגועל סאלדאן לעבט גליקלעך מיט זיין פירשטלעך ווייב, וועלכע האָט אים דערלויבט פולשטענדיק פריי האַנדלען בנוגע איר גרויס פאַרמעגן. ער האָט אָבער געוואָלט דה בן אן השפעה מיט זיין קראַפט אויף איר און — דאָס איז געווען אַ בחנמדיקע אַרבעט!

די דאָזיקע פּרוי, וועלכע האָט געהאַט מאָמענטן זייער סענטימענטאַלע, וועלכע פלעגט זיך פייניקן איבער דער נישט-סאָציאַלער אָרדנונג און נויט פון דער אָרעמער מאַסן—די דאָזיקע פרוי איז געווען ווי אַן אויפרייס-מאַטעריאַל, וואָס האָט געקענט צעטרייסלען דעם שטאַרקסטן כאַראַקטער.

האָט סאלדאן סוף-כל-סוף געמוזט אָננעמען אַ סיסטעם פון שטיל-שווייגן, כדי אויסצומיידן די מלחמה גרייטקייט פון קאָזאַקס איינִיקל. און ער האָט פאַרמיטן די גרויסע סקאַנדאַל-סצענעס, ווערלנדיק אויפהאַלטן זיין שטייפקייט בנוגע די געסט און די דינערשאַפט.

אַ גרופּע רייכע פאַריזער, צום גרעסטן טייל יידישע באַנקירן, האָבן צו יענער צייט אָנגעהויבן פאַרבויען די געגנט אַרום דעם פאַרק.

די פירשטן לובימאָוו האָט זיך געהייסן אויפשטעלן אין יענער געגנט אַ גרויסן פּאַלאַץ און אַ גאָרטן, מיט עפּעס אויסערגעוויינלעכע כוונות.

ווען דער פירשט איז געקומען אין זיין לוקסוס - פּאַלאַץ, פלעגט ער דאָרט טרעפן עפּעס מאָדנע געסט.

ער פלעגט דאָרט אָנטרעפן מיידלעך מיט שאַרפע באַוועגונגען, אין ברילן, קורצגעשוירענע האָר און טעקעס אונטער די אָרעמס.

די מענער דאָבן אַלע געהאַט לאַנגע טשופּרינעס, בערד שלעכט פאַרקעמטע און אויגן נביאישע. דאָס זענען געווען רוסן פון „לאַטייניש קוואַרטאַל״, וועלכע די פאַריזער פּאָליציי פלעגן

האַלטן אויפן אויג, אַלס טעראָריסטן. און נישט בחינם פלעגן די־קומען נאָך הילף צו דער פירשטן. פאַר איר געלט האָבן זיי מסתמא פאַבריצירט טייוול־מאַשינען, וועלכע זענען דערנאָך אַרויס־געשיקט געוואָרן אין לאַנד אַריין.

ווען דער פירשט מיכאַל פיאָדאָר האָט זיך דערמאָנט אין זיין קינדהייט, האָט ער זיך געזען זיצנדיק אויף דער קני פון פאָטער, וועלכער פלעגט אים צערטלען מיט זיינע האַרטעהענט. דאָס קינד פלעגט זיך צוקוקן צו זיין אַראַביש פּנים און לאַנגע וואָנסעס, וועלכע זענען זיך צונויפגעקומען מיט די קורצע באַקן בערד. און ווען ער האָט זיך נאָר אויסגעלערנט רעדן שפּאַניש, געדענקט ער, ווי דער פאָטער האָט אים געגלעט איבער די האָר און געשעפּטשעט:

—אָרעמער מיינער, דיין מאַמע איז דאָך משוגע !..

ווען דאָס קינד איז אַלט געוואָרן אַכט יאָר, האָט די מו־טער אָנגעהויבן קלערן וועגן זיין דערציונג. איינער פון די געסט וועלכער פלעגט באַאומרויקן די דינערשאַפט, האָט אַריבערגע־טראָגן פון געסל, לעבן פאַנטעאָן, זיינע ביכער און ביסל שמאַ־טעס אין אַ הערלעכע פּאַלאַץ און דאָרט זיך באַזעצט.

— ס׳גייט מיר אין דעם, אַז מיין זון זאָל זיך אויס־לערנען רוסיש—האָט די פירשטן געזאָגט: אַ חוץ דעם וועט אים סערגייעוו אויסלערנען אַ סך זאַכן ער איז אַן אמת־ער געלערנטער, דאָס איז אַ מענטש, וואָס איז ווערט אַ בעסער מזל.

סאלדאן האָט געפאָדערט פאַרן קינד אַ שפּאַנישן פּראָפע־סאָר. אויף דערויף האָט די פירשטן מסכים געווען. אַלע מיט־גלידער פון איר משפחה האָבן פאַרמאָגט די געבענטש־טע לייכטקייט, ווי עס האָבן אַלע סלאוויאנער צו פרעמדע שפּראַכן.

—דער פירשט מיכאַל פיאָהאָר—האָט די פירשטן געזאָגט: איז אַ מאַרקיז, מאַרקיז ווילאַבלאַנק און ער מוז אויך קענען די שפּראַך פון זיין צווייט פאָטערלאַנד.

דער פירשט האָט גענומען זוכן צווישן זיינע אַלטע גע־

יוער-פריינט און באַלד האָט מארקיז טאָלערא, וועלכער איז גע־וועזן יינגער פון אים מיט גאַנצע צוועלף יאָר, אָנגענומען די שטעלע פון אַ פּראָפעסאָר אין פּאַלאַץ. אָנשטאָט זאָגן צו זיין בעל־הבית „פירשט" אָדער „מאַרקיז" פלעגט ער מיט שטאָלץ אים רופן „גענעראַל".

דער ערנסטער סאַלדאַן האָט געלאַכט ביז טרערן, הערנ־דיק די פולע איבערלעבענישן פון עמיגראַנט, וועלכער איז אין פּאַריז, ווי פאַרלוירן געוואָרן און דהאָט אומאויפהערלעך גע־מוזט זוכן כל־ערליי תחבולות כדי נישט צו שטאַרבן פון הונ־גער.

ביידע פּראָפעסאָרן האָבן פאַרנומען דעם צווייטן שטאָק.

דער גענעראַל האָט אויסגעזוכט פאַר טאָלעדאָן עטלעכע מלבושים פון זיין רייכע גאַרדעראָב און דער האָט געגלייבט, אַז אַלע זיינע שיינע חלומות זענען אים שוין מקיום גע־וואָרן.

— איך בין איצט דער אַדיוטאַנט פון גענעראַל סאַלדאַן און האָב ס׳געפיל, אַז אין קורצן וועלן מיר זיך צוריקקערן אין אונזערע בערג.

דער קליינער פירשט האָט באַוווּנדערט דעם רוסישן פּראָ־פעסאָר, וועלכן די מוטער האָט געהאַלטן פאַר אַ געלערנטן, ער האָט זיך אָבער נישט געפילט זייער זיכער אין זיין אָנוועזנהייט. דעריפאַר אָבער צום שפּאַניער איז ער געווען זייער האַרציק און אַ ביסל חוצפּהדיק צוגעלאָזן.

טאָלעדא איז געווען זיין פּאָטערס חבר און דאָס איז גע־וועזן געגנוג, אַז ער זאָל אים האַלטן נידריקער פון די אַנ־דערע מענטשן, צו וועלכע מען דאַרף זיך דהאַלטן מיט מער ערנסט.

אין אַ קורצע צייט אַרום האָט שוין דער שילער געקענט זייער פליסיק שפּאַניש, ס׳האָט זיך געקענט דאַכטן, אַז ער האָט זיך דאָס אויסגעלערנט אויף דער גיך כדי צו קענען מער זוזקן פון זיין פּראָפעסאָר.

אויך דער פאָטער האָט פּרובירט דערציען דעם יורש פון

די לובימאָווס, לערנענדיק אים דאָס, וואָס ער אליין האָט גע-קענט. יעדן אינדערפרי, נאָכן לימוד מיטן רוסישן פּראָפעסאָר, פון וועלכן דער קליינער פלעגט ארויסקומען א שטאָלצער, האָט אים דער פאָטער אָפּגעוואַרט אין גרויסן זאַל, וואָס האָט זיך גע-פונען אונטן.

— פירשט, גיב אכטונג!

און דער דאַזיקער ערשטער זעלנער פון דער קאַרליסטן-אַרמעע, וועלכער האָט געהאַט אויף זיין געוויסן אַ צעשניטענעם קאָפּ אויף שטיקלעך אין אַן אַטאַקע, אין דער צייט פון די טערקישע מלחמה — ער האָט שטאָלץ געשמייכלט, זעענדיק ווי זיין עלף-יעריקער זון שטייט אַן ערנסטער ביי די דועל-לעקציעס מיידט אויס אַן אָנגריף און פאַלט נאָך אַמאָל אליין אָן. ס׳וועט זיין פון אים אַן אמתער קריגער, אַזוי ווי ס׳פּאַסט פאַר דער אָפּשטאַמונג פון אַ קאָזאַק און פון אַ העלד פון די שפּאַנישע בערג.

די דאָזיקע צופרידנקייט האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. מיט אַ סך יאָרן צוריק האָט ער געקראָגן אַ שפּאַנישע קויל מיט וועלכע די כירורגן פון זיין אַרמעע האָבן זיך נישט געקענט קיין עצה טון. און ווען די דאָקטוירים פון פּאַריז און לאָנדאָן האָבן איר פּרובירט אַרויסנעמען דורך אַן אָפּעראַציע, איז שוין געווען צו שפּעט.

אין אַ געוויסן פרימאָרגן האָט אים דער לאַקײ זיינער גע-פונען אַ טויטן.

מיכאַל פיאָדאָר האָט געדענקט זיין דאַמאָלסדיקער צע-רידערונג און אויפטרייסלונג און האָט געדענקט די הערלעכע לויה, ווי עפּעס אַ לויה פון אַ קייסער, וואָס איז געשטאָרבן אין גלות.

נאָר צום שטאַרקסטן האָט זיך איינגעקריצט אין זיין זכרון דער אומגעהויער צער פון דער מוטער. זי האָט געוואָלט גלייך שטאַרבן מיט אים. אַ דינסט-מיידל, אַ רוסישע, האָט איר געמוזט אַרויסרייסן פון דער האַנט אַ פלעשל מיט סם, כדי צו קריגן

געשלאָגן מער, ווי אַן אַנדערש מאָל. שפּעטער איז די פירשטין מיט צעלאָזענע האָר, אַ קוויטשענדיקע, געלאָפן צום פּאָרטרעט פון גענעראַל. איר גענעראַל! אַך, איצט האָט זי געזען, ווי שטאַרק זי האָט אים ליב געהאַט!...

אין משך פון עטלעכע חדשים האָט זי אויפגענומען געסט אין אַ זאַל, וואָס איז געווען באַצויגן מיט שוואַרצן קרעפּ, אָנגעטון אין אַ לאַנגן טרויער-קלייד, איז זי געלעגן אויף אַן אָטאָמאַנע הינטערן ריזיקן פּאָרטרעט פון איר מאַן. די שווערד, דער מונדיר, אַפילו דאָס זאָטל פון זיין פערד — דאָס אַלץ איז צוזאַמענגענומען געוואָרן און דער דאָזיקער זאַל איז פאַרביטן געוואָרן אין אַ מוזעאום.

אָט, אין דער דאָזיקער צייט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע פּאַזע אינם לעבן פון דאָן מאַרקאָס טאָלעדאָ. דער רוסישער געלערנטער איז אַראָפּ אויפן צווייטן פּלאַן. אַ טייל פון פּאַרשטאַרבענעמס לויבן און העלדישקייטן, איז געפאַלן אויף דעם דאָזיקן געוויינלעכן לאַנדסמאַן, וועלכער איז געווען דער איינציקער עדות פון גענעראַלס גרויסע טאַטן.

אין אַ געוויסן אָוונט, ווען די פירשטין האָט גערעדט מיט אירע קרובים, געקומענע פון רוסלאַנד, האָט זי פּלוצים אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געוויין, דערמאָנענדיק זיך אָן איר מאַן. און דער אויסברוך איז געווען אַזאַ שטאַרקער, אַזוי אַז זי האָט געמוזט פאַרלאָזן דאָס צימער.

— פּולקאָווניק, ביטע, דערלאַנג מיר דיין אָרעם!...

טאָלעדאָ, וועלכער פלעגט נאָך באַגלייטן זיין תלמוד, האָט נענומען קוקן אַרום זיך אַ פאַרחידושטער. דער באַפעל איז איבערגעחזרט געוואָרן אין אַן אומגעדולדיקן טאָן. פּולקאָווניק — מיינט דאָך נישט קיין אַנדערן, ווי אים!... אין אַ ווײַלע אַרום האָט דאָן מאַרקאָס פאַרשטאַנען דער פירשטנס ווערטער אַלס אירס אַ קאַפּריז; זיכער, אַז מאָרגן וועט זי אָפּנעמען ביי אים דאָס חסד...

נאָר ווען די אַלמנה האָט זיך אָנגעהויבן לאַנגווייליקן נאָך

אַ פּאָר חדשים, זייענדיק אָפּגעשלאָסן אַן איינזאַמע, האָט זי ווידער אָנגעהויבן גיין צו געסט און האָט געבעטן טאָלעדאָן ער זאָל איר באַגלייטן און האָט אים פאָרגעשטעלט אירע פריינט פון דער אַריסטאָקראַטישע וועלט:

— דאָס איז דער אַדיוטאַנט פון מיין פאַרשטאָרבענעם מאַן.

דאַמאָלט איז ער שוין זיכער געווען, אַז ער האָט שטאַרק אַוואַנסירט. ווייל, אויב די פירשטן האָט אים פאָרגעשטעלט אַלס דער אַדיוטאַנט פון איר מאַן, קאָן ער דאָך גאַנץ דרייסט ווייטער בלייבן ביי דער ראַנגע פון פּולקאָווניק. דאָס איז ער געבליבן אויף אַזויפיל, אַז דער קלענער פירשט, וועלכער האָט אים אין אָנהייב גערופן מיטן דאָזיקן טיטול, כדי אָפּצוחוזקן, האָט אים שוין שפּעטער אויך געמוזט רופן פּולקאָווניק און נישט אַנדערש.

אַלע זיינע חלומות וועגן עלעגאַנץ, האָט ער שוין איצט געקענט מאַכן פאַר וואָר: די פּינקטלעכקייט פון קליידונג, וואָס סאָלדאַן, דער שונא פון פאַרשווענדערישקייט, האָט געפלעגט אַמאָל אָרויסווייזן, איז געווען פאַר זיין פרוי ווייניק. די גרויסע דאַמע האָט פאַראַכט אפילו די יעניקע, וועלכע האָבן נישט דרייסט פאַרווירקלעכט אירע קלוג-איינפּעלערישקייט. דאָן מאַר-קאָס האָט עטלעכע מאָל אין טאָג געקענט בייטן זיינע אָנציגער און פירן לאַנגע שמועסן מיט ערשט-ראַנגיקע שניידער. ער האָט געוואָלט קליידן זיך עלעגאַנט, נאָר דער אופן, ווי אַזוי ער האָט געטראָגן זיינע מלבושים, האָט פאַראַטן אין אים דעם מאַן, וואָס איז געוווינט צוטראָגן אַ מונדיר. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו קע-מען די האָר, פונקט ווי זיין גענעראַל: אַן אָפּטייל געמאַכט פונם שטערן ביז אַ הינטער דעם קאַרק, אַ ביסעלע צעשויבערטע האָר איבער די שלייפן און די וואָנסעס — צונויפּבאַהאָפטן מיט די באַקן-בערד, אויפן רוסישן שטייגער. ער האָט זיך אויסגעלערנט אַ סך צו רעדן און גאָרנישט צוזאָגן, האַלטן זיך אין דער זייט, ווען אַ פאַרשוין פון אַ העכערע ראַנגע האָט אָנגעהויבן צו רעדן.

נאָכן יאָר פון מאַנס טויט, האָט די פירשטן זיך באַוויזן אין איר לאָזשע אין דער אָפּערע, אין דער באַגלייטונג פון דאָן מאַרקאָס, וועלכער האָט זיך געהאַלטן אָן איר זייט מיט דער מינע פון אַ קאַמערהער ביי אַ קעניגן.

אין אַ געוויסן אָוונט, בעת אַן אַנטראַקט, ווען די פירשטן איז אַדורכגעגאַנגען דאָס צימער פון איר לאָזשע, האָט זי גע-הערט דעם פּאָלקאָווניק דערציילן אַ פּראָווינציזישן גענעראַל וועגן דעם קאַמף און ווילאַבלאַנץ.

— ... דער מאַרקיז זאָגט צו מיר: „טאָלעדאָ, באַלד קומט אָן דיין רייע, מירן זעען, ווי אַזוי דו וועסט פירן דיין אָפּ-טיילונג אויפן באַגנעטן-קאַמף. דאַמאָלסט וועל איך אָן דער שפּיץ...

— דאָס איז אַן אמתער קריגער — האָט אים די פירשטן איבערגעריסן: אַזעלכער, וואָס איז ווערט געווען צו זיין דער קאָלעגע פון מיין מאַן. דער מאַרקיז פלעגט אָפט רעדן פון אים.

אין דעם מאָמענט האָט זיך איר אויסגעדוכטן, אַז דאָס דערציילט דער מרה-שחורהדיקער סאָלדאַן אַליין וועגן די העל-דישע אויסצייכנונגען פון זיין אַדיוטאַנט. דער רוסישער פּראָפע-סאָר, וועמען טאָלעדאָ האָט געהאַלטן פאַר אַנטיפּאַטיש און פאַר אַ געפערלעכן אינדיווידום—האָט פלוצים פאַרלאָזן דעם פּאַלאַץ פון די לובימאָווס: מעגלעך, אַז די קנאה פון פּאָלקאָווניקס וואַקסנ-דיקער השפּעה, האָט אים פאַרטריבן, אָדער אפשר האָט אים עפּעס אַ סודותדיקער עסק אָפּגערופן פון פּאַריז. די פירשטן האָט פאַרגעסן אָן אירע געהיימניספולע רוסישע געסט, מער ד האָט זי זיי קיין געלט נישט געגעבן. גאָר אַנדערע דאגות האָט זי איצט געהאַט אויף איר קאָפּ.

זי האָט פלוצים דערפילט אַ באַדערפעניש צו פאָרן אויף אַ לענגערע צייט קיין לאָנדאָן און האָט זיך אויך, אויפן זונס פאַרלאַנג, גענומען אים צוגרייטן ער זאָל קענען מאַכן אַ רייזע אַרום אייראָפּע, איינער אַליין.

— יאָ. דו ביסט שוין אַ פולער מאַנספּערשוין, אָט באַלד

ווערסטו אַלט פערצן יאָר. זאָלסט זיך קיינמאָל נישט וועלן איינ־קאַרגן די הוצאות, געדענק תּמיד, אַז דו ביסט דער פּירשט לו־בימאָוו. דער פּולקאָווניק וועט דיך באַגלייטן, ער וועט זיין דיין אַדיוטאַנט, פּונקט ווי ער איז געווען דיין פּאָטערס אַדיו־טאַנט.

מיכאַל פיאָדאָר האָט אָנגעהויבן זיין רונד־רייזע פון שפּאַ־ניען. ער האָט זיך געוואָלט באַקענען מיטן פאָטערס היים־לאַנד. דער פּולקאָווניק איז געוואָרן זייער אומרויק צוליב דעם: ער, אַ קאַרליסטן־פּולקאָווניק, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער אַמנעסטיע און האָט זיך נישט געוואָלט בייגן פאַר דער הערשנ־דיקע דינאַסטיע!

דאָך — דריי חדשים האָבן זיי פאַרבראַכט אין שפּאַניען און מ׳האָט זיי געהאַלטן זייער בכבוד, אַ דאַנק די רייכע ביר־געלט־טער, וואָס זיי האָבן געטיילט. פאַרשטייט זיך, אַז טאָלעדאָ האָט געמוזט אויסמיידן זיינע אַלטע פריינט. ער האָט זיך איצט גע־געהאַלטן פאַר אַזעלכן, וואָס געהערט שוין נישט צו יענע קרייזן.

ווען מיכאַל פיאָדאָר האָט אָנגעהויבן פאַרלירן זיין גרויסן חשק צו די אָקסן־קאַמפן — האָט ער פאַרלאָזן שפּאַניען און גע־פאָרן קיין רוסלאַנד. דאָרטן האָט דער פירשט פאַרבראַכט אַ גאַנץ יאָר, ער האָט באַזוכט זיינע גיטער און געשלאָסן באַקאַנט־שאַפט מיט דער מוטערס משפּחה און פריינט. און דער פּול־קאָווניק האָט דעבאַטירט איבער מלחמה־ענינים מיט גענעראַלן, וועלכע האָבן אים אָנערקענט פאַר זייערס גלייכן. ווארום באמת איז ער דען נישט געווען דער חבר און אַדיוטאַנט פון גענע־ראַל סאַלדראַן?

אין אַ געוויסן טאָג האָט אַן אַלטע פריינדן פון דער פירשטן לובימאָוו, צעוויסן געטון איר זון וועגן אַן אויסערגעוויינלעך גע־שעעניש: זיין מוטער פאַרנעמט זיך חתונה צו האָבן מיט אַן ענגלישן איידלמאַן, זי האָט וועגן דעם געשריבן צום צאַר, בעטנ־דיק זיין דערלויבניש. די דאָזיקע ידיעה האָט געמאַכט אַ טיפן

איינדרוק אויף מיכאַלן. די צייט פון נאָדינאָס עקסצענטרישקייט איז שוין פאַרביי. היינט האָט זי שוין מער קיינעם נישט אינ-טערעסירט. אַנדערע יינגע פירשטנס האָבן פאַרנומען איר אָרט, מיט נאָך גרעסערע אַוואַנטורעס.

און ווען דער יינגער מיכאל איז צוריקגעקומען אין לובי-מאָווער פּאַלאַץ, האָט די מוטער שוין געהאַט חתונה געהאַט: דער מאַן איז געווען אַ רייכער פּריץ פון סקאָטלאַנד, נאָר די די מוטער האָט ווייטער געלעבט אַלס פירשטן, אַזוי גוט ווי פריער.

—וועסט מיך ווען-ס'איז מוזן פאַרלאָזן — האָט די מוטער געזאָגט מיט איר טראַגישן טאָן (אַזאַ טאָן האָט זי באַנוצט תמיד, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַן ערנסטע זאַך): דער פירשט לובימאָוו מוז לעבן אין הויף, מוז דינען דעם צאַר און זיין גוואַרדיע-אָפיציר. איך דאַרף האָבן אַ פריינט, אַ שטיצע. סיר עדווין איז אַ געבוירענער דזשענטלמען. נאָר זאָלסט זיך קיינמאָל נישט פּרובירן פאָרשטעלן, אַז איך האָב פאַרגעסן אָן דיין פאָ-טער.

מיכאל פיאָדאָר האָט געזען דעם העָר, וועלכער האָט זיך איבן פּאַקטיש אויסגעוויזן פאַר אַ „געבוירענעם דזשענטלמען": פריינטלעך צו אַלע, מיט ווירדיקע און ליבלעכע באַוועגונגען, האָט ער ווייניק גערעדט און לאַנגע שעהן געזעסן פאַרשלאָסן ביי זיך און געאַרבעט, ווי די פירשטן האָט געזאָגט. ער האָט זיך פאַרנומען מיט ענגלישע פּאָליטיק און געחלומט צוריק צוקומען אין פאַרלאַמענט אַריין, פון וואַנען ס'האָט אים פאַרטריבן אַ נישט-דערפאָלגרייכער וואַל-קאַמף.

דער דאָזיקער קאַלטער מענטש מיטן בלייכן שמייכל אויף די ליפּן, האָט נישט דערוועקט אין מיכאַלן נישט קיין סימפּאַטיע און נישט אויך קיין אַנטיפּאַטיע. ער האָט זיך צוגעוויינט צו צו זען אים אויפן פאָטערס אָרט און צוטרעפן אים יעדן טאָג.

אין פּאַלאַץ האָבן זיך אויך געפונען סיר עדווינס קרובים.

אַ ברודער זיינער. וועלכער האָט אימיגרירט קיין אַמעריקע, האָט דאָרט חתונה געהאַט מיט אַ מעקסיקאַנערן, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ שאַכט פון זילבער און אַ גרויסע פּריריע. זיי האָבן געהאַט בלויז איין קינד אַ מיידעלע פון אַכט יאָר, ווען דער פאָטער, ס ר אַרטור מעקדאנאלד, איז פּלוצלינג געשטאָרבן אַראָפּפאַלנדיק פון אַ רייט-פערד. איז די אַלמנה צוזאַמען מיט די קליינע אַליציא, געפאָרן קיין אייראָפּע, פאַרפאָרן אונטערן שוץ פון איר שוואָגער, וועמען זי האָט געהאַלטן פאַר איינעם פון די וועלט-הערשער.

גערן האָט נאדינא לובימאָוו צוגענומען דער דאָזיקער קרובה, הגם איר כאַראַקטער איז נישט געווען גלייך מיט דער פירשטנס, וועלכע האָט געקענט מיטאַמאָל איבערגיין פון וואַרעמער פריינט-שאַפט צו אָנגעבּרוגזקייט.

ביידע האָבן זיך געקענט דערציילן פון זייערע שאַכטן און גראָבנס און ריזיקע גיטער, כאָטש קיינער פון זיי האָט געקענט נישט געוווּסט, ווי גרויס ס׳איז זייער פּערמעג: זיי האָבן עס אָפּגעשאַצט נאָך די גרויסע סומען (עטלעכע מיליאָן אַ יאָר), וואָס זיי האָבן באַקומען אַריינגעשיקט פון זייערע ווייטע אַדמיניס-טראַטאָרן, וועלכע האָבן געוועלטיקט מיט זייערע קאָלאָסאַלע אוצרות.

די דאָזיקע ביידע פּאַרוויאַנעטע שיינהייטן, וואָס האָבן אַזוי פאַרשווענדעריש געלעבּט אין זייער ייגנט, — ביידע האָט צוזאַמענגעבונדן איין קניפּ, ביידע האָבן זיך ווי צוגעהערט צו עפּעס אַן עכאָ פון אַ ווייטער מוזיק, ווי עפּעס אַ בענקשאַפט נאָך אַ ליבע פאַרגאַנגנהייט: דאָס איז געווען די הערלעכע אַליציא מעקדאנאלד, די טאָכטער פון דאָננא מערצעדעס, די מעקסי-קאַנערן.

דער מוטער האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז זי האָט צוריק גע-פונען אין דער טאָכטער איר אייגענער אַמאָליקער שיינקייט און צו דעם נאָך—אַ פרישן צופלוס פון לעבן. זי אָבער האָט זיך נישט טועה געווען, אַליציאַ האָט פאַרמאָגט די פּרעכטיקייט פון אַ דרומדיקע ברונעטן און די לייכטקייט און די שלאַנקייט,

ענלעך צו איינגלישע — דער שטעמפּל פון איר פּאָטערס שטאַם.

דערפאַר אָבער, וואָס זי האָט געהאַט אַן אומאָפּהענגיקן כאַראַקטער, האָט די פירשטן ווידער דערזען אין איר די אַמאָליקע נאַדינאַ, די ייִנגע פירשטן, אין די צייטן ווען זי האָט פאַראַכט דעם גאַנצן קייסערלעכן הויף.

ס׳איז אָבער געווען אַן אונטערשיד צווישן זיי. די פירשטן האָט געקענט צופרידן-שטעלן אַלע אירע קאַפּריזן, נישט מורא-האָבנדיק פאַר וועמעס איז קאָמענטאַרן: זי האָט פאַרמאָגט אַ טאַליסמאַן: אַ חוץ אירע ריזיקע פאַרמעגנס, האָט זי אויך געהאַט גרויסע פּריווילעגעס, אַ דאַנק אירע הויכע אָפּשטאַמונג, וואָס האָט דערלויבט איר אויפהייבן פון זיך יעדן מאַן, אפילו אַזוינעם, וואָס איז אַרויסגעקומען פון אַ נידריקער קלאַס.

אליציאַ האָט נאָר געהאַט איין אַמביציע —,צו איר ריזיק עשירות צו צוקריגן עפּעס אַ שיינעם טיטול, וועלכער זאָל איר געבן דער געלעגנהייט אָנצוקומען אין „הויף”. צום דאָזיקן ציל האָט זי געשטרעבט מיט אַ קאַלטער עקשנות, הגם זי איז געווען אַ לייכטזיניקע אין אירע מיינונגען. און דעם דאָזיקן ציל האָט זי שוין געהאַט ווען זי איז נאָך נישט אַלט געווען קיין גאַנצע פופצן יאָר.

נאָך אַלס קינד האָט איר דאננא מערצעדעס געפּלעגט אָנפּלוישן אַ פולן קאָפּ מיט מעשיות וועגן פירשטן, וואָס האָבן אַמאָל חתונה געהאַט מיט פּאַסטוך-מיידלעך און חיינט זוכן זיי מיליאָנערנס.

מיכאַל פּיאדאר איז געווען אַ ביסל פאַרבליפּט, באַגעגנדיק אין פּאַלאַץ דאָס ייִנגע מיידל, וואָס האָט געקוקט אויף אים מיט אַ דרייסטע מינע און הזעהדיק, ווי איינע, וואָס וואָלט געוואָלט מ׳זאָל איר פאַלן צו די פיס.

זי איז געווען אַ שיינע, אָבער איר שיינקייט איז מער געווען אַ פאַרלאָקנדיקע, ווי אַ הייליקע. די הויט פון איר פּנים האָט געהאַט אַ גאָלדיקן אָפּשיין; די אויגן—שיין איינגעפּאַסטע

האָר—געקרויזטע, וואָס האָבן זיך אייביק אָפּגערוקט פונם שווערן פלעכט, ווי פון אַ שוואַרצן שלאַנגן-נעסט, און דאָס האָט איר צוגעגעבן אַן עקזאָטישן חן. און דער גאַנצער קערפּער—בויגעוודיק, אויסגעאַרבעט פון אַ סך ספּאָרט-באַוועגונג.

באַלד פון דער ערשטער באַגעגעניש האָט דאננא מערצעדעס געוואָלט זיי, ווי צונויפּבאַהעפטן.

—רופט איינער דעם אַנדערן ביים נאָמען—האָט זי מוטערלעך געזאָגט: ס'זענט דאָך פּאָרט פּאַרוואַנדעטע.

מיכאַל איז איינגעגאַנגען אויף אַלעם, הגם ער האָט געווי נישט געקענט פאַרשטיין מיט וואָס זיי געהערן זיך אָן קרובים. און קרעאָלא האָט שוין געזען אין אירע חלומות איר אליציאָן אַלס פירשטן, אַרומגייענדיק אין קייזערלעכן הויף. מיט סימפּאַטיע האָט זיך די פירשטין לובימאָוו באַצויגן צו די דאָזיקע פּראָיעקטן ווייל אין יענעם מאָמענט האָט זי נישט געגלויבט אין קיין קלאַס און נישט אין קיין שום פּריווילעגיעס. זי איז ווידער גרייט געווען צו געבן געלט יענע לאַנג-האָריקע חברה-לייט, וואָס פלעגן איר פון צייט-צו-צייט באַזוכן. אַזוי אַרום איז אויסגעקומען, אַז די פירשטין האָט זיך נישט אַנטקייגן געשטעלט די פּלענער פון איר פריינדן.

ביז דער פירשט האָט זיך אָנפּאַרטרויט דעם פּאָל-קאָווניק:

— זי איז צופיל „קאָם-איל-פאָ" פאַר מיר. איך וויל אַן אַנדערע.

דאָן מאַרקאָס, דער חבר פון זיינע לאַנגע און פריילעכע רייזעס, האָט געוווּסט וואָס פאַר אַן „אַנדערע" דער יינגער פירשט מיינט.

דאָס דאָזיקע יינגל האָט גאַנץ פרי שוין געהאַט די געלעגנהייט צוגעניסן פון די לעבנס-תענוגים. אָפט האָט ער זיך אויפגערעגט צוליב דער פרייקייט אירער.

— „די קענסט פון איר הערן זעלכע זאַכן — פלעגט ער זאָגן צום פּולקאָווניק: אַז—זי איז גאָך ערגער פון אַ יינגל!..."

און אליציאַ פון איר זייט איז אויך נישט געווען צופרידן. אַני־דערע בחורים האָבן איר באַוואונדערט, האָבן זיך באַמיט איר וואויל־צוגעפעלן און איר צופרידנצושטעלן און מיכאַלס כאַראַקטער איז געווען אַן אייביקער ריכטער, ענלעך צו איר כאַראַקטער; ער האָט דיספוטירט מיט איר און האָט געוואַגט צו זיין דער קעגנער פון איר ווילן.

זיי פלעגן פאָרן אין בולאָנער וואַלד, אין דער באַגלייטונג פון טאלעדאן, רייטנדיק אויף פערד. אָט די דאָזיקע שפּאַצירן זענען געווען — אַ קוואַל פון יסורים פאַר טאלעדאן, וועלכער איז זייענדיק אַ בערג - קריגער, געווען אַ שוואַכער רייטער.

אליציאַ איז געווען אַ זעלטענע אמאזאנקע. דאננא מעצע־דעס האָט איר אַ סך מאָל געמוזט זוכן אין די שטאַלן פון איר פּאַלאַץ, לעבן די אַלעען פון די עליזיי־פעלדער, ווו זי האָט איר געפונען רעדנדיק, ווי אַ קאָמפּעטענטע פּערזאָן, איבער פערד־און פּאַשע־ענינים מיט די קוטשער און שטאַל־יינגען און איז געשטאַנען און האָט פּערזענלעך אַכטונג געגעבן, ווי אַזוי די דינער רייניקן די רייט־פּערד.

דאָרט, אין איר היימלאַנד, איידער זי האָט נאָך געקאָנט רעכט גיין, איז זי שוין געזעסן אויף אַ פערד. אין פּאַריז האָט זי דרייסט גאַלאָפּירט צווישן די אויטאָס און קאָטשן, האָט אומ־געוואָרפן די דורכגייער, ביז—די פּאָליציי האָט זיך אַריינגעמישט, פּאַרהאַלטנדיק זי אין איר ווילדן געיעג.

דער פולקאָווניק פלעגט פאָרן הינטער איר אַ שטילשוויינג־דיקער און מיט אַ שווער געמיט. דער פירשט האָט פּראָטעסטירט אַנטקייגן אַזאַ מין פאָרן, וואָס איז גוט נאָר אין דער אַמעריקאַנער פּריירי, — אָבער זיינע ווערטער האָבן אליציאַן אַריינגעבראַכט אין כעס. „קיינער, אַפילו די מוטער האָט זיך נישט דערלויבט צו פּאַרדרייען איר דעם קאָפּ מיט מאָראַל... זי איז פול־יעריק און ווייסט, וואָס זי טוט!...” און אין דער אמתן איז זי קוים אַלט געווען פופצן יאָר.

אין אַ געוויסן פרימאָרגן, זייענדיק אויף אַ שייד-וועג אין וועלדל, האָט אליציא, נישט-אָנפרעגנדיק זיך ביי איר חבר, אַ צי-געטון איר פערדביים צוגל און איז פאַרשווונדן אין איינע פון די אַלייען.

— דאָ אַרום! — האָט מיכאַל אויסגעשריגן באַפעל'ע-ריש.

—ניין!... צום טייוול—דאָרט אַרום!—האָט זי צוריק געענט-פערט אין אַ חוצפּהדיקן טאָן.

דער פּ'ורש: האָט איר פאַרשטעלט דעם וועג, אויף דע-רויף האָט זי מיט אַזאַ קראַפט אַ שמיץ-געטון אין פערד אַז ביידע פערד זענען שיער נישט אומגעפאַלן.

דער פּולקאָווניק, וועלכער האָט זיי באַגלייט, האָט געזען דעם ווילדן כעס אויף זייערע פּנימער און האָט געהערט זייערע משוגענע קולות.

אליציא האָט אויפגעהויבן איר שפּיץ-רוט און אַ קלאַפּ-גע-טון דעם פּירשט אין אָרעם.

—מיך... מיך שלאָגן!.. דאָס אויפגעברויזטע פּנים פון קאָ-זאַקס איינִיקל, איז געוואָרן ווילד און שרעקלעך מיאוס. זיין נאָז איז נאָך מער ברייטער געוואָרן. דאַמאָלסט האָט ער אויפגעהויבן זיין רייט-שטעקל, כדי צוריקצושלאָגן, אָבער דאָ האָט זיך טאָ-לעדאַ געוואָרפן צווישן זיי און האָט געקריגן אַזאַ קלאַפּ אין פּנים, אַז בלוט האָט געגומען שפּריצן. דאָס דערזען בלוט און דער געדאַנק, אַז דער דאָזיקער קלאַפּ איז געווען צוגעגרייט פאַר איר — האָט שיער משוגע געמאַכט דעם ייגנן מיידל.

—ווילדער! מטורף! מאָסקאַל!...

די דאָזיקע עפּיטעטן זענען געווען פאַר איר ווייניק האָט זי זיך דערמאָנט אָן איר קינדהייט: די לעגנדעס, וואָס זי האָט געהערט פון די מעטיסן, האָבן איר אויפסניי באַגייס-טערט:

— שפּאַניער! אינדיאַנער-מערדער...

נאָך די דאָזיקע העכסטע באַליידיגונגען האָט זי, מורא-

האַבנדיק פאַר אַ נייעם קלאַפּ, אויסגעדרייט איר פערד און אָנ־געהויבן לויפן אין אַ משוגענעם טעמפּאָ אַוון, בײַ די טריומף־טויערן האָט זי זיך איצט אַ ביסל פאַרהאַלטן.

נאָך דער דאָזיקער געשעעניש, האָט דאָננא מעצעדעס פאַר־לוירן יעדן מין האָפנונג צו זען אַמאָל איר טאָכטער אַלס פירשטין לובימאָוו.

— אַ רוסישע פירשטין — האָט אַליצא געזאָגט מיט פאַראַכ־טונג ; — וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס, ווען אין רוסלאַנד איז יעדערער אַ קניאַז... איך וויל בעסער נעמען אַ געוויינלעכן ענג־לישן באַראָן, אָדער אַ פראַנצויזישן כראַביע, צו גאָר אַ שפּאַ־נישן.

אָבער, נישט קוקנדיק אויפן פולקאַווניקס באַמערקונגען,האָט מיכאַל דאָך נישט געוואָלט אַנדערש דענקען:

—רעד מיר נישט מער פונם דאָזיקן מיידל !

און די פירשטין, וועלכע איז געווען נישט באַשטענדיק אין אירע מיינונגען, האָט געגעבן גערעכט איר זון. די דאָזיקע סיר עדווינס קרובה, האָט זיך איר אַלע מאָל אויסגעוויזן צו זיין אויסטערליש.

און הוץ דעם, האָט זי גערן געוואָלט, אַז איר זון זאָל ווידער אַמאָל פאָרן קיין רוסלאַנד און פירן דאָרטן אַ לעבן פון אַן אמתן פירשט.

דאָס פּריווילעגירטע לעבן, איז פאַר זיין שטאַנד געווען מער צוגעפּאַסט, ווי דאָס דעמאָקראַטישע לעבן אין פּאַריז, ווו אַמעריקאַנישע אינדיאַנערנס האָבן, אַ דאַנק זייערע מיליאָנען, זיך פּרובירט האַלטן גלייך מיט פירשט לובימאָוו.

און דער פירשט לובימאָוו איז אַוועק קיין רוסלאַנד. ער איז דאָרט פאַרבליבן ביזן איינ - אונצוואַנציקסטן יאָר פון זיין לעבן.

ווי טאָלעדא האָט דערציילט. האָט ער דאָרט אַדורכגעמאַכט אַ העכערע מיליטער-שטודיע און האָט זיך גאַנץ באַזונדער אויס־געצייכנט צווישן אַלע גוואַרדיע-אָפּיצירן. ער האָט באַקומען פּריזן אויף היפּיפּיטשנע קאָנקורסן, האָט געקענט צילן-זיך אין אַ מטבעה,

וואָס אַ קאָלעגע האָט געהאַלטן אויף אַ שטח פון דרייסיק טריט און האָט געקענט אויסגעצייכנט דועלירן, אַזוי אַז ער האָט פאַרחידושט סיי דעם זיידן, דעם קאָזאַק, סיי דעם גענעראַל סאָלדאַן.

דעם פולקאָווניק האָט זייער פאַרוואונדערט דאָס רייכע און הערלעכע רוסישע לעבן און האָט זיך זייער גיך צוגעוויינט צו דעם, פונקט ווי ער וואָלט דאָס אַלץ צוגעזען אין זיין ייגנט שוין.

— געדענק, זון מיינער, אָן דעם נאָמען, וואָס דו טראָגסט! — האָט אים די פירשטן געשריבן: דערנידעריק דיך נישט. לעב ווי איינער פון דיין שטאַנד.

און דער זון האָט געפאָלגט אירע עצות. ער פלעגט זיך אליין אָפּרעכנען מיט די אַדמיניסטראַטאָרן זיינע. ווי דאָן מאַרקאָס האָט באַרעכנט, האָט דער יינגער פירשט אויסגעגעבן אַריבער דריי מיליאָן אַ יאָר. די שטאַל פון זיינע לויף-פערד איז געווען באַרימט אין דער רעזידענץ-שטאָט. ער האָט געהאַט באַציונגען מיט אָנגעזעענע שיינהייטן פון די „הויף"-ספערן, אַזוי גוט ווי פון דער טעאַטער-וועלט. די וועטשערינקעס וועלכע ער פלעגט איינאָרדנען אין זיין פּאַלאַץ, אָדער אין ערשט-קלאַסיקע האָטעלן, האָבן געהאַט אַ גרויסן רום צווישן די אַריסטאָקראַטישע ייגנט.

צו באַקומען אַן איינלאַדונג אויף אַזאַ מין אָוונט איז געווען אַן אמתע פּריווילעגיע. פאַרטאָג האָבן באַקאַנטע פרויען געגעטאַנצט נאַקעטע אויף די טישן, כדי צופרידנצושטעלן די געסט.

אין אַ געוויסן אָוונט, דאָס איז געווען אַרום צווייביינאַכט, האָט דער פולקאָווניק אומקערנדיק זיך אַהיים אין פּאַלאַץ פון די לובימאָווס באַמערקט, אַז די וויעטשערע איז געגרייט אין יום-טוב-זאַל.

ס'זענען דאָרט געווען פאַרזאַמלט אַרום פופציק געסט, נאָר שפּעטער זענען זיך אָנגעקומען מער און מער. מען האָט גע-

קענט מיינען, אַז עפּעס גאָר אַ ווײַכטיקע נײַעס האָט אָנגעצויגן אַהער, אין פּאַלאַץ פון די לובימאָווס, די גאַנצע „גאָלדענע יוגנט“.

אַנטקייגנאיבער דעם פירשט איז געזעסן אַ קאָזאַקישער פּאָ־רוטשניק, אַ קליינער, מיט קעציִשע באַוועגונגען, אַ שוואַרצער, מיט אַזיאַטישע אויגן. זײַן מונדיר איז געווען צעקנייטשט, וואָס דאָס האָט דערציילט פון אַ גאָר־וואָס איבערגעקומענע רייזע. מי־כאַל פּיאָדאר האָט געקוקט אויף אים מיט גאָר אַ באַזונדערע אַכ־טונג. פּונקט ווי דער דאָזיקער אָפיציר וואָלט געווען דער איינ־ציקער גאַסט דאָ.

הגם טאָלעדא האָט געקענט אַלע הויז־פריינט, האָט ער זיך פּאָרט נישט געקענט דערמאַנען, ווער ס׳איז אָט דער דאָזיקער געוויינלעכער אָפיציר, וועלכער האָט אויסגעזען צו שטאַמען פון עפּעס אַ ווייטן סיבירסקע־גאַרניזאָן.

עמיצער האָט אים געזאָגט זײַן נאָמען און דער פּולקאָווניק האָט אַ ציטער־געטון דערוויסנדיק זיך, אַז דער דאָזיקער קאָ־זאַק קערט אָן אַ ברודער אַ געוויסע הויף־דאַמע, וועגן וועלכע מ׳האָט גערעדט, אַז זי שטייט אין זייער נאָענטע באַציונגען מיט מיכאַלן.

די דאָזיקעביידע מענער האָבן געקוקט איינער אויפן צווייטן און זענען זייער פאַרנומען געווען מיטן טרינקען גרויסע בע־כערס שאַמפּאַן.

אין דעם טיף פון זאַל האָט מען געהערט שפּילן אַ פידל־אָרקעסטער פון ציגיינער. עטלעכע שוואַרץ־האָריקע מיידלעך אין פאַרשירן־קאָליריקע געשטרייפטע שירצן, האָבן געטאַנצט אַרום דעם טיש. דאָן מאַרקאָס האָט געהאַט דאָס פאַרגעפּיל פון עפּעס אַ טונקעלן סקאַנדאַל.

—לעאָן, די שווערד:

דער פירשט האָט זיך אויפגעשטעלט, געוואָרפן אַ בליק אויפן זייגערל און האָט געגעבן אַ באַפעל דעם דינער, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים. די געסט האָבן זיך גענומען שטויסן צו דער טיר, יעדער ד׳האָט זיך געוואָלט דערקריגן דער ערשטער

אין גאָרטן אריין. אַלערליי מיינונגען זענען אָנגעשטעל, דהאָבן זיך באַלד אַרויסגעוויזן פאַר איבריק: מ׳האָט שוין אָן שום ספקות גענומען וואַרטן אויף אַ געשעעניש. דער פּאָלקאָווניק האָט אָנגעטראָפן עמיצן, וואָס האָט אים דערציילט:

ער איז אָנגעקומען צו פאָרן באַגינען, פאָדערן ביים פּירשט ער זאָל חתונה האָבן מיט זיין שוועסטער. דריי-אונדרייסיק טעג איז ער געפאָרן... דער פּירשט דהאָט אים אָפּגעזאָגט... נישט אַלע טאָג קען מען האָבן די געלעגנהייט או זען אַזאַ פאָרשטעלונג... ער איז דער ערשטער פעכט-מייסטער אויף גאַנץ סיביר...

דער גאָרטן איז געווען באַדעקט מיט שניי. ס׳איז נאָך געווען נאַכט, די לבנה האָט בלויז געלויכטן אין דער קרום, אויסציענדיק פאַנטאַסטיש לאַנגע שאָטנס פון די בוימער. צריבער הונדערט פאַרשוין האָבן זיך גרופּירט אויף ביידע זייטן פון דער אַלייע.

דער פּאָלקאָווניק האָט געזען, ווי ס׳זענען אָנגעקומען עטלעכע דינער: איינער פון זיי האָט געטראָגן צוויי שווערדן, אַ צווייטער—אַ גרויסע טאַץ איינגעשטעלט מיט פלעשער און גלעזלעך.

מיכאַל האָט זיך העפלעך פאַרנייגט פאַר זיין געגנער. זיינע טריבע אויגן האָבן אונז דערציילט, אַז ער האָט געטרינקען אַ סך.

— וואָלט איר נישט געוואָלט נאָך עפּעס טרינקען?—האָט געפרעגט מיכאַל פּיאָדאָר.

דער קאָזאַק האָט געדאַנקט און טאָלעדאָ האָט געזען, ווי ער האָט מיט אַ שטימע באַוועגונג אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די טשערקעסן-בלוזע מיט די קוילן איבער דער ב־וסט. באַלד האָט ער אויסגעטון דאָס העמד און איז שטיין געבליבן אין די בלויזע הויזן און שטיוול. נאָכדעם האָט ער זיך איינגעבויגן און אָנגעמענדיק אַ פולע האַנט שניי, האָט ער מיט איר איינגעריבן די מוסקולירטע אָרעמס זיינע.

דער פּירשט האָט דערפילט אַ לייכטן ציטער; דאָס זעלבע

האָבן אויך דערשפּירט אַ טייל צוקוקער. ער האָט אָבער פאַר־שטאַנען, אַז ער דאַרפט אומבאַדינגט טון דאָס זעלבע, וואָס זיין קעגנער, כּדי צו שטיין מיט אים גלייך אין אַלע מיט־לען.

ווען ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס הוזאַרן־רעקל, האָבן רויטע שטערן אויפגעלויכטן אין דער טיף פון גאָרטן.

דאַן מאַרקאָס האָט געזען, ווי ביידע מענער זענען גע־שטאַנען איינער אַנטקעגן אַנדערן, האַלב־נאַקעטע, באַלויכטנדיקע און פייכטע. יעדער פון זיי האָט געהאַלטן אַ שווערה אַן אָנגע־שאַרפטע, ווי אַ גאָל־מעסער

— פאָרויס !...

עמעצער האָט אָנגעפּירט מיטן קאַמף.

—דאָס איז אַ משוגעת!—האָט דער שפּאַניער געזאָגט: דאָס זענען ווילדע מענטשן !—ער האָט נישט געוואַגט הויך אַרויסצו־זאָגן זיינע געדאַנקען. אַ פולקאַווניק מוז שטיין העכער פון יעדן מין סענטימענט.

זיי האָבן געקרייציקט די שווערדן, האָבן זיך אויסגעמיטן און אַטאַקירט. דער פירשט האָט זיך געפּילט, ווי איינער, וואָס איז זיכער מיט זיך און דער צווייטער האָט זיך באַוועגט מיט דער לייכטקייט פון אַ יינגע ציג.

טאָלעדאָ האָט געזען, ווי ס'לייכט פון זיי אַ רויטלעך ליכט האָט ער, אין ערשטן מאָמענט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער אָפּגלאַנץ פון די שטורקאַצן. נאָר ווען ער האָט אין אַ מינוט אַרום געזען דעם טויט גיין נאָך די טריט פונם קאַמף, האָט ער איצט באַמערקט, אַז ביידע בלוטיקן שטאַרק. דער פּורפּורנער מאַנטל, וואָס איז געווען צעשניטן אויף פּאַסן, וועלכע האָבן אומאויפהערלעך געציטערט פון דעם כּסדרדיקן שטראָמען — דער דאָזיקער מאַנטל האָט זיי באַדעקט ביז דער העלפט אין זייערע ווייסע אָרעמס האָבן זיך מאָדנע בולט אָנגעזען פון אָט דעם וואַרעמען און פייכטן מלבוש אַרויס.

דער פירשט האָט אויסגעזען צו זיין שטאַרק פאַרוווּנ־דעט.

טאָלעהא האָט באַמערקט אויף זיין שטערן אַ טיפן שניט. נאָכדעם האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז איין אויער ביים פירשט איז צעשניטן אויף דער העלפט.

פלינק, ווי אַ ווילדע קאַץ, האָט דער קאָזאַק הסדוי אויס־געמיטן די שווערד פון זיין קעגנער. קיינער האָט זיך נישט גע־וואָגט אַריינצומישן, דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער דועל, אַ קאַמף אָן אָפּרו, אַ קאַמף, וואָס האָט זיך נאָר געקענט פאַרענ־דיקן מיטן טויט פון איינעם פון זיי ביידע. מינוטן האָט זיך געקענט אויסדוכטן, אַז ביידע זענען צוזאַמענגעוואַקסן אין איין גוף, דערנאָך האָבן זיי זיך דערווייטערט און, האָבן ווידער אָנ־געהויבן זוכן איינער דעם צווייטן אינם רויסן עגוף פון די פמקלען.

מיט אַמאָל האָט טאָלעדא דערהערט אַ ווייסאָגעלעך מיאָו־טשען, אַ מין וואָיען פון אַ פאַרוווּנדעטע חיה: דער פירשט איז געשטאַנען איינער אַליין. מיטן עק פון דער שאַרף האָט ער איבער־געשניטן דעם האַלדז פון זיין געגנער. ער איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע אומבאַוועגלעך, ביז ס׳האָט אים פלוצים פאַרלאָזט דער איבערמענטשלעכער כח, וועלכער האָט אים דער גאַנצער צייט געהאַלטן אויף די פיס. מיט אַמאָל האָט ער דערפילט דיג אַנצע פאַרמאַטערטקייט פון קאַמף און איז אומגעפאַלן אויף די חברימס חענט.

צווישן די אָנוועזנדיקע איז קיין דאָקטאָר נישט געווען, קיי־נער האָט וועגן דעם פריער נישט געזאָרגט. אויפן פאַל — און דער טויט האָט דאָ געמוזט זיין דער איינציקער אויסוועג — די דאָזיקע זאָרג האָט אויסגעזען צו זיין איבריק.

נייגיריקע האָבן אַלע אָנגעהויבן פאַרלאָזן דעם גאָרטן, נאָכגייענדיק דעם פאַרחלשטן פירשט.

עטלעכע דינער זענען געבליבן ביים קאָזאַק, וועלכער איז געלעגן מיטן פנים צו דער ערד. די דינער פאַרגליווערטע פול

מיט ערפורכט, האָבן געזען, ווי זיינע פיס האָבן ס׳לעצטע מאָל אַ ציטער-געטון, האָבן געזען, ווי דאָס גאַנצע בלוט האָט פּאַמע-לעך אָפּגערינען פון זיין צעשניטענעם האַלדז און געזען, ווי אַ שוואַרצער פלעק האָט זיךברייט צעגאָסן אויפן שניי, וואָס האָט זיך געוויסט אין בלאַסן פרי-מאָרגן.

די דאָזיקע פּאַסירונג האָט געפונען אַ גרויסן אָפּקלאַנג אין די הויפּישע קרייזן, וועלכע האָבן שוין עטלעכע מאָל געהאַט דער געלעגנהייט צו הערן וועגן דעם פירשטס באַרימטע סקאַנ-דאַלן.

זיינע דועלן און ליבעס-אַוואַנטורעס, האָבן פאַרדראָסיק גע-מאַכט דעם יינגן צאַר, וועלכער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט פּלענער צו רעפאָרמירן די מנהגים פון זיינע אַרומיקע. און מען האָט זיך ווידער אַמאָל דערמאָנט אָן די שוין כמעט-פאַרגעסענע נאַדינאַ לובימאָוו. — דער יינגער קאָזאַק איז געווען אַ קרוב פון עטלעכע אָנגעזעענע הויכע פּערזענלעכקייטן און זיין טויט האָט אַזוי אָרום, זיינער ווייניק גוטס געבראַנגט דער שוועסטער זיי-נער.

און נאָך איידער מיכאל פּיאָדאָר האָט באַוויזן זיך אויס-צוהיילן פון זיינע ווונדן, האָט ער דערהאַלטן אַ באַפעל צו פאַר-לאָזן רוסלאַנד.

דער קייסער האָט אים דערווייטערט אויף אַן אומבאַשטימ-טער צייט. איצט האָט ער געקענט פאָרן קיין פּאַריז צו דער מוטער.

— אויב עס רירט נאָך נישט אָן דעם פירשטס גיטער און באַזיץ, זע איך נישט אין דעם קיין שום שלעכטס — האָט דער פּולקאָווניק געזאָגט.

ווען מיכאל פּיאָדאָר איז צוריק געקומען קיין פּאַריז, איז ער שוין געווען פולשטענדיק זיכער, אַז זיין מוטער איז משוגע, וואָרום דאַמאָלסט נאָך ווען ער האָט געליינט אירע בריוו, האָט אים שוין געפיניקט דער דאָזיקער געדאַנק. — סיר עדווין איז געשטאָרבן אין ענגלאַנד נאָך מיט דריי יאָר צוריק, נאָכן ליידן אַ מפּלה ביי די וואַלן.

דער פּאַלאַץ, וואָס איז געשטאַנען לעבן די מאַנסעי-גאַס, איז איבערגעמאַכט געוואָרן און אָפּגעקאָסט עטלעכע מיליאָן. די אייגנטימערן האָט אַזאַ שטאַרקן אַנטייל גענומען אין די דאָזיקע אַרבעט.

די אַראַבישע זאַלן, די פּערסישע, גריכישע און כינעזישע ביי וועמענס אויפבוי און דעקאָראַציע-טייל ס'האָבן געאַרבעט צוויי אַרכיטעקטן און עטלעכע אינזשינערן — זענען פאַרשוואונדן. דאָס מעבל, וואָס איז פאַר עטלעכע יאָר צוריק געקויפט געוואָרן פאַר פאַנטאַסטישע געלט-סומען, אַלס זאַכן, וואָס האָבן אַן אומגעהויערן ווערט — זענען אויספאַרקויפט געוואָרן פאַר אַ ניש-טיקן פרייז.

דריי גאַנצע שטאָק, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן רעכטן פליגל פון פּאַלאַץ — זענען איינגעלייגט געוואָרן, כדי אויף איר אָרט אויפצושטעלן אַ נייעם בנין, ענלעך צו די קאַטעדרע. אַפילו די פאַסאַדע פון פּאַלאַץ איז געביטן געוואָרן, דערפאַר די האָט דער אינערלעכער טייל פון פּאַלאַץ באַקומען איצט דאָס אויס-זען פון אַ מיטלאַלטערלעך שלאָס. די וויטראַזשן אויף יעדן פענסטער האָבן צוגעגעבן אַ דהאַלב-שאָטן יעדעס צימער אין זאַל.

מיכאַלן צו באַגעגענען איז אַ קייגן-געקומען אַ הויכע שמאָ-לע פרוי, מיט דורכזיכטיקע ווייסע הענט און אומרויקע, פאַר-גרעסערטע אויגן. זי האָט געטראָגן שוואַרצע קליידער, וועלכע האָבן זיך איר נאָכגעשלעפּט אויף דער ערד. הינטערן טרויער-וואַל האָט זי געטראָגן אַ ווייס-טשיפּעקל. מיכאַל פּיאָדאר האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער האָט פאַר זיך שטיין אַן אָפּגעני-זינגערן.

דעם פירשטס פאַרבליפּטקייט האָט איר נישט געשראָקן און נישט געחידושט.

— די ראָמאַנאָווס האָבן אונז קיינמאָל נישט ליב געהאַט. זיי קענען נישט מוחל-זיין דייך באַרימטן זיידן, וועלכער האָט, יעדעס מאָל וואָס ער פלעגט פּאַקן אויף דער הייסער מינוט קאַ-טערינען, מקיים-פסק-זיין אויף אַן אומבארחמנותדיקן אופן.

די פירשטין איז פאַרנומען געוואָרן מיט מיסטישע און סודותדיקע געדאַנקען. זי, וועלכע פלעגט קיינמאָל נישט לייגן קיין אַכט אויף דער רעליגיע, האָט צעוויסן געטון איר זון, אַז זי איז איבערגעגאַנגען צום קאַטאָליציזם.

— דער פאָטער איז שטאַרק צופרידן דערפון.

ביי דער נאַכט טרעפט אָפט, אַז איך רעד מיטן דאָזיקן העלד. ער איז פשוט גליקלעך, וואָס איך האָב אָנגעטראָפן אויפן אמתן וועג.

אין קורצן האָט מיכאַל און דער פולקאָווניק באַמערקט, אַז אין פאַלאַץ קומען כסדר עפּעס מאָדנע געסט. אָנשטאָט די לאַנג האָריקע טעראָריסטן זעט מען היינט טרעפערנס, מעדיומס און אַ מרה-שחורהדיקע פּראָפעסאָר-אָקולטיסט. דאָס אַלטע טישל, וואָס מ׳האָט געקענט מיינען, אַז עס האָט אַליין אַרויפשפּאַצירט פון שווייצערס שטיבל, פלעגט פון צייט-צו-צייט שפּרינגען און אויף אַ געהיימנישפולן אופן דערציילן עפּעס אין דער פירשטנס צימער.

אין אַ געוויסן טאָג האָט די פירשטין באַשלאָסן אויפצודעקן פאַרן זון דעם גרויסן סוד פון איר לעבן: זי האָט זיך ענדלעך דערוווסט ווער זי איז, די ספּיריטואיסטישע זעונגען האָבן איר דערלויבט געוואָר צו ווערן דעם אמת וועגן איר פּערזאָן. אין איינעם פון אירע פריערדיקע גלגולים איז זי געווען די שיינע און אומגליקלעכע קייסערין, די ראָמאַנטיסטישע פון אַלע מאָנאַרכנס.

די נשמה פון נאַדינאַ לובימאָווו האָט געלעבט מיט עטלעכע הונדערט יאָר צוריק אינם גוף פון מאַריא סטואַרט. כדי צו האַלטן בכבוד די נשמה פון די קעניגן, וועלכע האָט זיך באַהאָפטן מיט איר און וועמעס אויטענטישקייט עס האָבן דערקענט אַלע אירע סודותדיקע געסט — האָט זי באַשלאָסן צו-לעבן אויפן זעלבן אופן, ווי ס׳האָט געלעבט די דערמאָרדעטע קעניגין.

זי האָט נאָר קאָפּירט אירע קליידער נאָך אַלטע פּאָרטרעטן, דעם פּאַלאַץ האָט זי איבערגעבויט אויף אַ שלאָס, און שפּייזן

האָט זי זיך געהייסן קאָכן פּאַריצייטישע, וואָס פאַר אַ פּראָפעסאָר פון היסטאָריע האָט אויסגעפונען זוכנדיק אין די אַלטע כראָניקעס פון יענער עפּאָכע.

ס׳האָט וועלטן-ווען געטראָפן, אַז עפּעס אַ קאָטש ואָל אַריינ-פאָרן אינם גרויסן הויף פון שלאָס, די טרעפּ וענען געווען באַ-דעקט מיט מעך ס׳זענען אַרומגעגאַנגען אַלט-פרענקישע דינער. זיי האָבן געהאַט אַ נעבעכדיק און דערשראָקענעם אויסזען, נאָר האָבן זיך צופרידנגעשטעלט מיט די פירשטלעכע רייכקייט, ווי פון אַן אמתע קעניגן (פאַר וועלכע זי האָט זיך געהאַלטן). מען האָט געבראַכט אין באַוועגונג טישלעך און מ׳האָט אַרויסגערופן היסטאָרישע געשטאַלטן, וועלכע האָבן באַוועגט מיט די פאָר-טיערן, אַראָפּגעוואָרן בילדער פון די ווענט, האָבן איבערגע-רוקט פון איין אָרט אויפן צווייטן פּאָטעלן; מיט פאַרשידע-נע אַזעלכע מיטלען האָבן זיי צעווויסן געטון פון זייער עקזיס-טענץ.

דאננא מערצעדעס האָט אויסגעמיטן די פירשטן, איר פּשוטער גלויבן האָט איר געהייסן אַנטלויפן פון קעניגנס, וואָס קומען צוריק נאָכן טויט. זי האָט ליבער געהאַט אַ רויקן און נאָרמאַלן שמועס מיט הייליקע, וואָס זי האָט אויסגעהאַלטן אויף אירע הוצאות.

אין איר פּאַלאַץ האָט געוווינט מאָנסיגנאָר, ביסקופ אין באַרטיבוס, וועלכער האָט פאַרנוצט פון דער אַלמנהס הכנסות אומגעהיערע גרויסע סומען פאַר זיינע רעליגיעזע צוועקן און אינסטיטוציעס.

אַליציאַ האָט חתונה געהאַט פאַר אַ פראַנצויזישן פירשט, וועלכער איז עלטער געווען פון איר מיט צוואַנציק יאָר און נאָכן אָפּוווינען מיט אים עטלעכע חדשים, איז געוואָרן אַקעגנ-שטאַנד פאַר פאַרשידענערליי רכילותן אין די גרויס-וועלטישע סאַ-לאָנען.

דאננא מערצעדעס, געקרענקט פון איר אַרט לעבן, פלעגט ווייניק קומען צו איר, כדי אַזוי אַרום אַרויסצעווייזן איר נישט-צופרידנקייט.

מיכאַל לובימאָוו האָט עטלעכע מאָל געטראָפן אליציען אין דער פירשטנס פּאַלאַץ. זי האָט זיך דאָרטן נישט געהאַלטן אַזוי שטרענג, ווי איר מוטער. פאַרקערט: ווען ס'איז איר געווען לאַנגווייליק און זי איז געגאַנגען מיט אַ וויזיט אין פּאַלאַץ אַריין האָט זי געמאַכט דעם אָנשטעל אַזוי ווי זי וואָלט געגלויבט אין ספּיריטיזם. דאָס האָט איר געמאַכט פריילעך.

טרעפנדיק דעם פירשט, האָט אליצא אויסגעבראָכן מיט אַ געלעכטער און האָט זיך געכאַפּט קושן אים:

—געדענקסט, ווי מיר האָבן זיך פיינט געהאַט? און דעם טאָג ווען מיר האָבן זיך דערשלאָגן אין וועלדל, געדענקסטו?..—

זי האָט געקוקט אויף אים אַ פּאַ־אינטערעסירטע און אים באַקוקט פון קאָפּ ביז פיס, נישט מיט אַנטיפּאַטיע אַזוי ווי אַמאָל. זי האָט געוווּסט פון די אַלע פאַסירונגען זיינע אין רוסלאַנד, האָט געוווּסט פון זיינע ליבעס. דועלן, פון זיין פאַרשיקט ווערן, דער ביירישער דהעלד, וואָס איז אַ ביסל... ברוטאַל מיט פרויען...

— קום ווען־ס'איז אַריין צו מיר. מיר מוזן ווערן צוריק פריינט... געדענק, אַז מיר זענען קרובים...

מיכאַל פון זיין זייט, האָט איר באַטראַכט מיט אַ געוויסע אַכטונג. זינט זיין צוריקקומען פון רוסלאַנד האָט ער כסדר געהערט רעדן פון איר. דער מאַן האָט שוין דריי יאָר צייט געוואָלט זיך גטן מיט איר. ס'האָט אים געפייניקט אַ געדאַנק, אַז ער האָט פאַרקויפט זיין נאָמען און טיטול, קומנדיק צווישן זיינע נאָענטע פריינט, האָט ער קיינמאָל נישט געוווּסט צו דערציילן, ווי אַזוי אייגנטלעך לעבט ער מיט זיין פרוי.

אליצא האָט אָבער געוואָלט בלייבן ביי איר פירשטלעכן טיטול. אַזוי אַרום זענען זיי געבליבן געווען צו געפונען כאָטש אַ פּראַקטישן אויסוועג צו דער דאָזיקער לאַגע: דער פירשט האָט געקראָגן אַ העלפט פון זיין ווייבס הכנסות און איז אַרומגעפאָרן איבער אייראָפּע, אָדער געוווינט ביי זיין געליבטע. און אליצא האָט זיך ווייטער געקאַנט פריי וווינען אין איר פּאַלאַץ, אין

דער אַלייע פון בולאָנער וועלדל, זי האָט זיך ווייטער געקאָנט באַנוצן מיט דער פירשטלעכער קרוין אויפן זילבער, אויטאָמאָ׳ בילן-טירלעך און אויף די וועש.

פון די קליינע אמוזאַנקע איז געוואָרן אַ פּרעכטיקע פּרוי, אירע שווארצע העלערע אויגן, האָבן אויף אַ ווײַלע געמאַכט אַן איינדרוק אויף מיכאַלן.

— צי וואָלט נישט ווערט געווען צו צוקריגן זיך צו אַזאַ מין פּרוי? אָבער ניין! אין דעם מאָמענט איז ער געווען פאַר-בומען מיט אַ פראַנצויזישע אקטריסע, וועלכע ער האָט באַקענט אין וואַגאָן, אומקערנדיק פון רוסלאַנד.

און צו דעם איז אים שטענדיק געליגן אין זכרון די אליצא פון אַמאָל. זי איז צוגעוווינט צו הערשן מיט מענער. נאָכן צווייטן מאָל זעען זיך, וועלן זיי זיך צו קריגן און מעג-לעך — זיך צעשלאָגן.

ער האָט איר אויסגעמיטן זייענדיק פאַרנומען מיט אַנדערע זאַכן.

צום ערשטן אין זיין לעבן האָט ער זיך אריינגעטון אין די ביכער, און די דאָזיקע באַדערפעניש האָט אַרויסגערופן נאָך אַנדערע. ער האָט געוואָלט באַקענען די וועלט, זיין אין פרעמ-דע לענדער, פירן אַ שטאַרק לעבן, אַ וואגאבונדיש לעבן, אָן אַ ציל.

דער פאָטער האָט אים דערציילט פון זיינע אור-עלטערן, וועלכע האָבן זיך דערשלאָגן צו טיטולן און אוצרות, אַרויס-פאָרנדיק פון שטילע, קליינע, שפּאַנישע פּאָרטן, אויף זעגל-שיפ-לעך, כדי צו ענטדעקן סודותדיקע און אומבאַקאַנטע טעריטאָריעס. ער—מיכאַל וועט זיין אַזאַ פאָרער. ווי זיינע זיידעס און אפשר וועט זיך אים איינגעבן אַרויסצובאַקומען עפּעס אַ געהיימניש פון די גרויסע אָקעאַנען.

דאָס לעבן אין פּאַלאַץ האָט זיך אים אויסגעדוכטן, צו זיין זייער אַ שווערס. ער האָט באַשלאָסן אַרויסצופאָרן.

ווען די פירשטן איז געוואָר געוואָרן, אַז איר זון האָלט

ביי קויפן זיך אַ יאַכט-שיף, איז זי נישט געווען ראַקעגן: ער האָט זיך דאָס געמעגט דערלויבן, דאָס איז געווען אַ פאַנטאַזיע, אַ פירשטלעכע, דאָס איז געווען צוגעפּאַסט פאַר זיין שטאַנד. זיי-ער רייכקייט איז געוואַקסן פון טאָג-צו-טאָג. דער נאַפט, פּלאַטין, און די אַנדערע פּראָדוקטן פון וואָס ס'איז באַשטאַנען זייער גרוי-סער פאַרמעג, דאָס האָט זיי געבראַכט ריזיקע רווחים. די הכנסה פון פאַרגאַנגענעם יאָר איז דערגאַנגען ביז זעכצן מיליאָן. דאָס איז געווען זייער אַ קאָלאָסאַלער ציפער. אָבער די ירשטי האָט געזאָגט: „דאָס איז גאָר נישט קיין סך פאַר אַ קע-ניגן.

מיכאל האָט זיך געקויפט אין ענגלאַנד אַ זעגל-יאַכט, מיט אַ לאַנגע נאָז, שטאַרקע מאַסט-בוימער און פאַרזען מיט אַ הילפס-מאַשין. ער האָט איהם געגעבן דעם נאָמען פון אַ ים-פויגל- „גאַוואָט".

די רייזע אויפן גאַוואט האָט געדויערט פינף יאָר. באַלד אויפן צווייטן יאָר איז מיכאל זיכער געווען, אַז ער וועט גע-נייט זיין איבערצורייסן מיטן רייזן.

צו דער זעלבער צייט, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן רוסלאַנד און יאַפּאַן, האָט ער אַרויסגעשיקט אַ קאַבעל-דע-פּעש, ווו ער האָט געשריבן, אַז ער וואָלט געגרן צוריק-פאַרנו-מען זיין אָרט אין דער גוואַרדיע. לאַנג האָט ער געוואַרט אויף אַן ענטפער, סוף-כל-סוף האָט ער זיך דערוווּסט, אַז דער צאַר איז נאָך אַלץ בייז אויף אים. ער יאָגט זיך נישט צו באַפרייען אים פון גלות.

— איז נאָך בעסער! — האָט ער זיך געטראַכט, ווען דער ערשטער פאַרדראָס איז אים אַריבער.

ער האָט פּאָרויס געזען דעם נצחון פון יענע קליינע, כיט-רע מענטשלעך, וואָס האָבן זיך אין דער שטיל אויסגעלערנט די קונסט פון הרגענען אויף אַן אייראָפּעיִשן אופן.

זיינע פּאַסירונגען און די פּאָרטן, די באַגעגענישן מיט פרויען פון אַלערליי ראַסן, דאָס האָט אים געניגנט אין פאַר-פולט דאָס לעבן.

—„איך שטודיר—האָט ער געשריבן צו דאָן מארקאסן—די געאָגראַפיע פון דער ליבע."

פלוצים איז ער געניט געווען איבערצורייסן די רייזע, ער האָט זיך געמוזט ווייזן פאַר דער מוטער.

אויפן פאַרזאָג פון דאָקטוירים, האָט זי פאַרלאָזט איר פּאַריזער פּאַלאַץ מיט דער גאַנצער גראָער סביבה, וועלכע האָט אין איר אויפגעוועקט אַ נערוון-צעטרייסלונג און איז געפאָרן אויף אַ זון-קוראַציע אויפן „בלאָען ברעג".

אין אירע דינע טרויער-קליידער, האָט זי זיך אויסגעוויזן העכער און מאָגערער פאַרן זון. אירע אויגן האָבן פאַרמאָגט אין זיך אַן אומרויִקע אומבאַוועגלעכקייט. די פאַרב פון איר פּנים איז טונקעלער געוואָרן, פונקט ווי ס'וואָלט איר געברענט אַ פייער אַן אינערלעך פייער.

אין ערשטן מאָמענט האָט זי בלויז געהאַט איין באַגער: אויפשטעלן זיך אַ פּאַלאַץ אויפן ווייסן-ברעג. זי האָט אָפּגעקויפט אויף דער פראַנצויזישער טעריטאָריע, אַנטקייגנאיבער מאַנטא-קאַרלאַ, אַ שטיקל באָדן, אַ פעלזן-בערגל, וואָס האָט זיך איינגעשניטן אין ים אַריין און איז באַוואַקסן געווען מיט אייל-בירטן און פייגן-בוימער.

די פּלענער און פּראָיעקטן פון צוקונפטיקן פּאַלאַץ, האָט איר שוין אָפּגעקאָסט אַ מאַסע געלט. די מאָלער, אַרכיטעקטן און די גערטענער-פייזאַזשיסטן האָבן אומאויפהערלעך געאַרבעט פאַר איר, שטודירנדיק די פאַרגאַנגנהייט, זיך ברעכנדיק די קעפּ אויף פאַרשידענע אויפטועכצן. זי וויל אויפשטעלן איבערן מיטלענדישן ים אַ ריזיקן סקאַטישן פּאַלאַץ לויטן „ראָמאַנס פון וואַלטער סקאָט צווישן שטיינער", — האָט זי געזאָגט:

מיכאַל האָט מורא געהאַט, אז דאָס זאָל נישט זיין אַ פּאַלאַץ מיט דער זעלבער אומעטיקייט, ווי דער פּאַריזער, אין דער שטיל האָט ער זיך פּרובירט באַראַטן מיט יעניקע, וואָס האָבן געאַרבעט אויף דער צוקונפטיקער ווילע „סירענע". די פירשטן

האָט דערפונדן דעם דאָזיקן נאָמען, גלויבנדיק אַז אין די לבנת-נעכט וועלן ים-טעכטער אַרויסשווימען פון זייערע טיפן, בכדי צו זען די ווילע און זינגען דאָרטן הינטער די פענסטער אויף די פעלזן.

דער פירשט איז אָפּגעפאָרן אויף זיין יאַכט-שיף און אויפן צווייטן יאָר, ווען ער האָט זיך געפונען אין צפון נאָרוועגיען, האָט ער דערהאַלטן אַ טרויעריקע ידיעה: זיין מוטער איז געשטאָרבן אין יענעם מאָמענט, ווען צווישן די אייל-בירטן און ראזאווע פעלזן-שפיצן, האָבן זיך גענומען אַרויסהייבן ריזיקע שטיינערנע מויערן.

# III.

מיכאל פיאָדאר איז געקומען קיין פּאריז צו דער מוטערס לויה. פאַרן טויט איז זי געווען אַבסאָלוט ביים קלאָרן פאַר-שטאַנד. זי האָט פאַרשריבן אַלע סומען, וואָס זי האָט אַוועקגע-באָרגט פאַרשידענע פּערזאָנען און האָט איבערגעלאָזט דעם זון קלוגע עצות, ווי אַזוי ער זאָל זיך באַגיין מיט זיינע גרויסע אוצרות. זי האָט אויך געבעטן דעם זון, אַז ער זאָל איר באַ-גראָבן לעבן ערשטן מאַן, דעם „העלד," אויפן בית-עולם פּיער-לאַשעס.

אין דער צייט פון די לויה-צערעמאָניע האָט מיכאַל גע-טראָפן אַ סך אַלטע באַקאַנטע, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר געשטאָרבענע. דאננא מערצעדעס האָט אים געהאַלדזט אַ וויינענ-דיקע. זי איז אומגעהויער דיק געוואָרן. די מעקסיקאַנער קאָליר פון איר פנים האָט זיך אויסגעהילט ביז ווייסקייט. זי האָט אויסגעזען, ווי אַן עלצטע איבער איידעלע קלויסטער-שוועסטער.

— טייער קינד מיינס, אויף יעדן פון אונז קומט אַ צייט צו זיין טרויעריק.

אויך אַליציאַ איז צוגעגאַנגען צום פירשט, דריקנדיק איר

ביידע הענט, וואַרפנדיק אויף אים אַ זייער מאָדנעם בליק.

—דיין מוטער האָט מיך ליב געהאַט אויף אַן אמתן... די לעצטע צייטן, האָבן מיר זיך זעזען זייער אָפט.

מיכאַל האָט שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, מסכּים געווען. ער האָט געוווּסט דערפון. די איינציקע שטיצע פאַר די דאָזיקע ליידנשאַפטלעכע נאַטור איז געווען זיין מוטער. זי האָט זיך אַנגענומען פאַר איר דאַמאָלסט, ווען אַנדערע פרויען האָבן פאַרמאַכט פאַר איר זייערע הייזער, בכּדי צו פאַרהיטן די טרייקייט פון זייערע מענער. אַליציאַ וועלכע האָט יעדן ווינטער געשפּילט אין מאנטא־קאַרלאָ, איז ביי־געווען זיין מוטערס לעצטע מינוטן.

—זי האָט מיך ליב געהאַט אַ סך מער, ווי מיין אייגענע מוטער... אפשר האָט זי געדענקט אָן דעם, אַז כ׳האָב געזאָלט ווערן איר שנור און טאָכטער.

דער פירשט האָט זיך אָפּגעקערט, זייענדיק מאָדנע אָנגערירט.

אַליציאַס בילד האָט אים אָבער כּסדר באַגלייט, די גאַנצע צייט פון די לויה - צערעמאָניע. זי איז נאָך אַלץ געווען שיין, אַ שיינקייט אַן אויסטערלישע. די פאַרב פון איר פּנים האָט שוין נישט דערמאָנט די גאָלדיקייט פון רייפע פרוכט, ס׳האָט שוין גיכער דערמאָנט אָן די ווייסע מאַטקייט פון יאַפּאַניש פּאַפּיר.

אַ גרין-גאָלדיקער אָפּגלאַנץ האָט איר באַלויכטן דעם שטערן, וואָס איז געוואָרן מאָדנע אויסגעברייטערט. די אויגן האָבן אויסגעזען צו זיין אַ ביסל פאַרנעפּלט; פאַלשע חברטעס האָבן עס צוגעשריבן איר צו-שטאַרקע ליבע צום ליקער. זי האָט געקענט פונקט, ווי אַ ספּעציאַליסט פון אַ באַר „שטעלן” פאַרשידענערליי אַמעריקאַנישע משקאות.

אַנדערע ווידער האָבן צוגעשריבן איר בלייכקייט דאָס נוצן מאָרפיום, אָפּיום און אַנדערע מינים נאַרקאַטיק, וואָס באַשאַפן אַ קינסטלעכן גן-עדן. יענע קליינע אַליציאַ האָט געטרינקען די

פרייד פונם לעבן מיט גרויסע שלוק, גאָרגישט לאָזנדיק אין דער טיף פון בעכער.

לובימאָוו אַז עס וועט איר שוין קיינמאָל נישט טרעפן; אין קורצן האָט ער אָבער דערהאַלטן פון איר אַ בריוו: אַלס קרוב האָט זי אים, אין שוב צערעמאָניעס, פאַרבעטן אויף אַ מיטאָג. דער פירשט האָט זיך אָפּגעזאָגט, האָט זיך די דאָזיקע איינלאַדונג פריש איבערגעחזרט טעלעפאָניש. איז ער אין אַ גע־ווינסן אָוונט געגאַנגען צו איר אין פּאַלאַץ, וועלכער איז געווען אויפגעבויט אין סטיל פון אַ קליינעם „טריאַנאָן".

אליציא דע־ליסל איז שטאָלץ געווען מיט איר בנין, דורך וועמעס באַגילט טויער ס'האָט זיך אויסגעשפרייט דאָס גאַנצע עלעגאַנטע פּאַריז.

מיכאל האָט געקענט אירע סאַלאָנען, הגם ער איז נאָך ביי איר קיינמאָל נישט געווען. די וועלט־פּרעסע האָט נישט איינמאָל אָפּגעגעבן אָרט פאַר פאָטאָגראַפיעס פון די פראַנצויזי־שע רעזידענץ. און, ווי מ'האָט געזאָגט האָט זי געפירט ביי זיך אַ מאָדנע לעבן.

אַמאָל מאַכנדיק אַ קאָסטיומען־באַל, האָט זי אויסגעגעבן אַ האַלבן מיליאָן אויף איבער צו אַנדערשן אַ דיהעלפט פון איר פּאַלאַץ אויף אַ פּערסישן שלאָס. אויף צו מאָרגנס האָט זי גע־הייסן אַלץ איבעראַרבעטן. ס'זאָל צוריק ווערן אַזוי ווי פריער. אַמאָל האָט אויך געטראָפן, וואָס זי איז פּלוצים פאַרשווּנדן גע־וואָרן אויף אַ צייט. לייט האָבן קנאהדיק געשמייכלט. ווי ס'האָט אויסגעזען האָט זי פאַרפלאָכטן עפּעס אַליבעס־אינטריגע. מעגלעך אַז זי האָט זיך דאַמאָלסט געפונען אין קאָנסטאַנטינאָפּל, אָדער אין עגיפּטן און מעגלעך אויך, אַז זי איז גאָר געווען באַהאַלטן אין איינע פון די ניו־יאָרקער ריזיקע האָטעלן, און אַזוי איז עס פאַקטיש געווען.

אַן אַנדערש מאָל האָבן אירע נאָנטע פאַרזיכערט, אַז זי איז נישט אַוועקגעפאָרן אין ערגעץ. זי געפינט זיך אין פּאַריז. דער אויטאָ האָט איר אָפּגעוואַרט פאַרן גאַנעק.

דאָס איז געווען איינע פון אירע אָריגינעלע איינפאַלן:

איינע פון אירע לוקסאָווע אויטאָרס זאָל שטיין און וואַרטן אויף איר אַ גאַנצן טאָג און אַפילו אַ גאַנצע נאַכט. דריי שאָפערן האָבן זיך איינער מיטן אַנדערן געביטן, לויט דער רייע.

אָפט פלעגט די פירשטן ד׳האָבן אַ פאַרלאַנג צו מאַכן אַ שפאַציר, דאַמאָלסט ווען זי האָט נאָר-וואָס געהאַט זיך אומגעקערט פון אַ באַל, אין די פאַרטאָגס-שעהן, ווען דער גרעסטער טייל פון דער שטערבלעכער מענטשהייט איז נאָך געלעגן אין טיפן שלאָף.

און ווידער זענען אָנגעקומען וואָכן גאַנצע, ווען די שאָפערן זענען געשטאַנען פאַרן טויער פון פאַלאַץ, נישט רירנדיק זיך פון אָרט. אין דער זעלבער צייט איז די פירשטן ,געלעגן, טענהדיק אַז דער דאָזיקער אָפּרו איז איר זייער נויטיק, דאָס איז אַ קוראַציע כדי צו ווערן שיין.

דער פירשט האָט איר געטראָפן אין קליינעם פאַרטער-סאַלאָן. זי האָט געטראָגן אַ שוואַרצן טוניק, אויפגעבנייט לויט איר געשמאַק, וואָס איז ענלעך געווען סיי צו אַפּעפּלום און סיי צו אַ קימאָנע. פּלוצים זענען אירע אָרעמס אַרויסגעשווומען פונם דאָזיקן ווייכן זייד, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין ווי לעבעדיק, ווי אַ טייל פון איר קערפּער. ס׳האָט זיך אַפּערגעשפּירט פון ד׳הינטערן געוועב דער שמעקעדיקער ריח פון איר גוף און ס׳האָט זיך געפילט די קאַנטורן אירע. מיכאַל האָט אַ קוק געטון אויף זיין סמאָקינג און אויף זיין אָנגעשטאָפּט אויבער-העמד מיט אַזאַ מינע, ווי איינער, וואָס איז באַגאַנגען אַ פעלער.

פירנדיק אים צו דער ווינדע, אַזאַ ווייסע און אויסגעבעטע, ווי אַ שעכטל פון האַנטשן, האָט זי אים געוויזן, אין אַדורכגאַנג פון אַ פאַרטער-סאַלאָן, אַ גרויס עס-צימער, וואָס איז געשטאַנען אין האַלב-טונקלקייט, דאָס מעבל איז געווען באַדעקט מיט איבער-ציער; און באַלד האָט זי אים געוויזן אַ קליינעם עס-צימער, ווי ס׳איז אויך נישט געווען קיין סימן פון געגרייטן טיש. טאָ וואַהין פירט זי אים? קאָן מעגלעך זיין, אַז אין איר שלאָף-צימער זאָל שטיין געגרייט אַ מיטאָג ?...

די ווינדע איז אדורך דעם צווייטן שטאָק, נישט-פאַרהאַלטנ-דיק זיך אין ערגעץ.

— מיר וועלן גיין אין מיין אַרבעטס-צימער—האָט אליציא געזאָגט :— מיט דיר דאַרף איך נישט מאַכן קיין שום צערע-מאָניעס...

דער פירשט איז אַ פאַרחידושטער אַריין אין דעם אַזוי צו זאָגן „שטודיאָ"—אַ גרויס צימער, וועלכעס האָט פאַרנומען אַ גרויסן טייל פונם צווייטן שטאָק און האָט נאָר געזען עטלעכע ביכלעך אויף אַ קליינע עטאַזשערקע. שוואַרצע לאַק מעבל, אָן וועלכע ס'איז באַפּוצונג, צווישן שרעקנדיקע געטשלעך, זענען גע-ווען צעוואָרפן בלאָ-שוואַרצע זיידן-שטיקער. פון בעליק האָט גע-פלאָסן אַ מוטנע ליכט: אַ באַלויכטונג פון אַ באַנאַכטיקע טעאַטער-סצענע. אַ שפּאַניש ווענטל מיט אַן אויסגעניייטע גאָלדיקע פיגור, האָט ווי געשאַפן אַ צווייט צימערל, אַ זער אינטים. קישעלעך מיט אויסטערלישע דהאַפטן, זענען טוצנוויַיז געלעגן צעוואָרפן אויף די ווייסע בערן-פעלן.

אַדורכדרינגנדיקער ריח האָט אַ שלאָג-געטון מיכאַלן און דערפילנדיק אים, האָט ער געוואָרפן אויף איר אַ שטרענגן בליק.

—זיץ !—האָט זי געזאָגט :— באַלד וועט מען אונז אַריינ-דערלאַנגען מיטאָג.

בחינם האָט דער פירשט געזוכט אַ שטול. נאָר באַלד האָט זיך אַליציא אַראָפּגעזעצט אויף איינע פון די קישעלעך, געבנדיק אַ ביישפּיל, וואָס ער האָט צו טון. ער האָט אָנגעהויבן פילן אַ שטילן כעס, טראַכטנדיק איבער דעם אויסגעבערענגטן אָוונט.

—נישט איינמאָל האָסטו געמוזט עסן אויף אַזאַ מין אופן—האָט זי געזאָגט :—האָסט דאָך מער געררייזט פאַר מיר. מסתמא איז דיר שוין אויסגעקומען אַמאָל צו זען אַ צימער מעבלירט אויף אַזאַ אַרט.

און פאַקטיש האָט ער געקענט אַזאַ מין צימער-„איינאָר-דענונג" און דערפאַר האָט ער נישט אָפּגעשאַצט די דאָזיקע

קאָפּיע. אַ חוץ דעם האָט אים זייער שטאַרק פאַרדראָסן איר חוצפּה; אין בולאָנער וועלדל זאָל מען פאַרלאַנגען פון אים ער זאָל עסן מיטאָג אויף דער ערד... וואָס פאַר אַ מין סנאָביזם.

נאָר באַלד האָט ער געביטן זיין מיינונג. זי איז פּאַקטיש געווען אַ סנאָביסטן; איז אָבער דער סנאָביזם געוואָרן ביי איר די צווייטע נאַטור. ער האָט ריכטיק געטראָפן, אַז די דאָזיקע דעקאָראַציע איז נישט געווען צוגעגרייט פאַר אים; ער האָט פאַרשטאַנען ביז די קלענסטע פּרטים, אַז אַליציאַ האָט געלעבט און געגעסן אַזוי, אַפילו ווען ער איז נישט געווען, דאַמאָלסט ווען ס׳האָט איר באַהערשט אַ תּשוקה אויסצוטיילן זיך מיט עפּעס.

דאָס מיטאָג האָט דערלאַנגט אַ דינער מיט אַ קופּערן פּנים און אַראָפּהענגנדיקע וואָנסעס. ער האָט האָט געטראָגן אַ שוואַרצן סמאָקינג מיט אַ מין ווייס לייוונטן קלייד, אַ ביסל איינגעצויגן אַרום די פיס. ער האָט געהאַט ריזיק לאַנגע האָר, וואָס האָבן זיך געהאַלטן, ווי ביי אַ פּרוי, אַ דאַנק אַ שילד-קרעטן קעמל. דער אַזיאַט האָט אַוועקגעשטעלט אויף דער ערד די טאַץ, וואָס איז געווען באַלייגט מיט פאַרשידענע מאָדנע שפּייזן און געריכטן, אַזאַ אויסטערלישער מענו, וואָס האָט נאָר געפּאַסט פאַר אַ גרויסן מייסטער פון קולינאַר-קונסט, ווען ער האָט באַקומען אַ משוגעת-אָנפאַל.

קיין שום געריכט האָט דאָ נישט דערמאָנט אָן אַ געוועגלעכע טייל, וואָס געהערט אָן צו אַ מיטאָג. נאָך אַ הייס געקעכץ איז געקומען די ריי אויף עקזאָטישע קאָנפיטורן: עפּעס אַן אויסטערלישן קוכן מיט אַ שטאַרקן ריח, האָט מען דערלאַנגט צוזאַמען מיט אַ זויערן סאָס, וואָס איז געווען פאַרבראָקט מיט שאַרפע און ביטערע געווירצן.

אַליציאַ, ליגנדיק אויבן-אָן אויף אַ קישעלע, האָט געקוקט אָן אַפּעטיט אויף די שפּייזן, בלויז אויסציענדיק פויל די האַנט, כּדי נאָר עפּעס צו פאַרזוכן. זי אַליין האָט אָנגעגאָסן דעם גאַסט דאָס גלאָז מיט אַ משקה, וואָס זי אַליין האָט געמאַכט, דער דאָ.

זיקער געטראַנק האָט אין זײַן הויפּט-אינהאַלט פֿאַרמאָגט שאַמ-פּאַן, וועלכער האָט אָפּגעפּרישט דאָס מויל און באַרוישט מיט אַ ריח פֿון וואָרצלען פֿון אַזיאַטישע בלומען.

אליציא האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן איר מוטער מיט וועל-כע זי איז געווען אין ד' ערגסטע באַציונגען:

—זי גיט מיר כמעט גאָר נישט, אַן אמתע נויט: איך באַ-קום בלויז אַ האַלבן מיליאָן. און איך מוז צאָלן דעם מאַן הונ-דערט-און פופציק טויזנט אַ יאָר.—דו, מײַן טײַערער, ביסט רײַך אויף אַן אמתן, קענסטו דאָס נישט פֿאַרשטײן. דערפֿאַר וואָס דער גאַנצער פֿאַרמעג געהערט אויסשליסלעך צו איר, הונגערט זי מיך אויס און איר געלט שענקט זי אַוועק די גײַסטלעכע... אויף עפּעס אַ פונדאַציע. און איך, די טאָכטער אירע, מוז איר בעטן אַ נדבה...

ס'מיטאָג איז געענדיקט. די פּירשטן האָט ווײַטער אָנגע-פּילט די גלעזער. אין אָנהייב האָט דער דאָזיקער געטראַנק מי-כאַלן נישט געשמעקט אַזוי שטאַרק, שפּעטער אָבער האָט אים איר פּרישער שמעקנדיקער ריח זייער שטאַרק אַ הנאה געטון.

מסתם רײַכערסטו אַ לולקע—האָט אים אליציאַ פּשוט אַ זאָג געטון.

ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג, אַז „ניין". ער האָט גע-ווּסט וואָס פֿאַר אַ „לולקע" זי מיינט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט דאָס רויכער-אָרט האָט זיך דאָ געמוזט געפֿונען ערגעץ פֿאַרשטעקט אין אַ ווינקל פֿון דער דאָזיקער שטודיע.

—וואָס הייסט דאָס?—האָט זי זיך געוווּנדערט: אַזאַ מענטש ווי דו? אַ מענטש, וואָס האָט אַ סך געררייזט?. און איך האָב געגלייבט, אַז מיר וועלן צוזאַמען רויכערן!

זי האָט אים געגעבן צו פֿאַרשטײן, אַז מיט דער אײַנלאַ-דונג האָט זי דער עיקר געמיינט אים צופרידנצושטעלן מיט אָט דער נישט-דערלויבטער הנאה. נאָר דערווייסנדיק זיך, אַז דער געזונטער פּירשט האָט שוין פֿאַר דער „לולקע" עטלעכע מאָל

באַצאָלט מיט קראַנק־ווערן, האָט זי געזיגנירט פון איר פּלאַן.
אין אין מאָמענט ווען ער האָט פאַרייכערט אַן האוואנא־ציגאַר, האָט זי אַרויסגענומען פון אַ זילבערן פושקעלע אַ פּאַפּיראָס, וועלכן זי האָט זיך דערלויבט רייכערן אין דער אָנוועזנהייט פון מענטשן נישט־„פאַרטרויעטע”: דאָס איז געווען אַ מזרח־פּאַפּיראָס, שטאַרק אָפּיומירט.
איצט האָט שוין מיכאַל קלאָר געוווסט איר כּוונה. האַלב־זיצנדיק אויף די קישעלעך, מיט די קעצישע באַוועגונגען, האָט זיך געקענט דוכטן, אַז זי גרייט זיך מאַכן אויף אים אַן אָנ־פאַל. זי האָט געקוקט אויף אים מיט אַ פאַרעקשנדיקן בליק, מיכאַל האָט שוין געקאָנט פון לאַנג דאָס בלאָע טאַנצנדיקע פּיי־ערל אין דער טיף, אונטערן שטערן. דאָס איז געווען אַן אַרויס־פאָדערונג צום גוואַלד-טאַט. מיט דעם דאָזיקן בליק איז אים, ווי אַ ייִנגן צעהוליעטן מיליאָנער, נישט איינמאָל אויסגעקומען באַ־געגענען זיך. מען האָט באַדאַרפט, ווי אַמשנעלסטן אָנהייבן אַ שמועס, כּדי איבערצורייסן דאָס פאַרצויבערטע שטילשווייגן ביי אַט דער פאַרכּשופטער שיינהייט, וועלכע זייענדיק זיכער מיטן נצחון, האָט אים מיט אַ שמייכעלע געבלאָזן גלייך אין פּנים אַריין וואָלקנדלעך רויך פון איר פּאַפּיראָס. מיכאַל האָט איר דערמאָנט די גרויסע צאָל געליבטע, וועגן וועלכע מען האָט אים דערציילט, ווי ער וואָלט געוואָלט אויסגראָבן צווישן זיי אַ תּהום.
—וואָס הייסט דאָס? הו אויך? — האָט אליציא געפרעגט, לאַכנדיק ווי אַ מאַנספּערשוין, אָפנהערציק: איך גלויב, אַז מיין מוטערס מאָראַל איז נישט דיין מאָראַל און, אַז דו מיינסט נישט צו זאָגן מיר קיין מוסר. און וואָס דער אמת איז, איז מיין מו־טער נישט געווען אַזויפיל אין כּעס אויף דעם, וואָס איך טו, ווי אויף דעם, וואָס מיך אַרט נישט אַזוי די עפנטלעכע מיי־נונג.
אַ ווײַלע איז זי אַנטשוויגן געוואָרן, אַריינדרינגנדיק מיט איר אומרויִקן בליק אין מיכאַלן.

— אמת, איך האָב געקענט אַ סך מענער. און דו? מײנ־סטו אפשר, אַז איך װײס נישט פון דײנע װאַנדערונגען איבער דער װעלט, װוּ כּנדיק אַלץ נײע סענסאַציעס? מיר האָבן בײדע געטון דאָס זעלבע, מיט דעם אײנעם חילוק װאָס איך, איך האָב זיך נישט באַדאַרפט אַרומבלאָנקען איבער דער װעלט בכדי צו באַקומען דעם זעלבן רעזולטאַט. װאָס דו. איך מײן אױך, אַז דיר װעט נישט אײנפאַלן צו טראַכטן, װי אַנדערע מענער, אַז דער פאַרגלײך איז נישט קײן געלונגענער, בלױז צוליב דעם, װאָס איך בין אַ פרױ. צו פיל קענסטו מיך, אַז זאָלסט קענען מײנען דאָס איך האָב װעגן דער ליבע אַדורכגעשניטן באַגריף. כ׳װײס בכדי צו קענען פאַרטראָגן איר מאַטעריאַליזם, דאַרף מען זיך קענען אַ ביסל געניאַרן, אָבער אין דער אמתן לאַך איך דאָך פון דער ליבע. נישט קײן געליבטע דאַרף איך, נאר אַ דאָראַ־טאָרן.

זײענדיק שטאָלץ און באַגײסטערט פון איר אײגענער שײנ־קײט, האָט אליציא זיך געהאַלטן פאַר אַזאַ פערזאָן, װעלכע איז באַפרײט פון יענע אַלע דורכשניטלעכע מאָראַלישע פרינציפּן. זי האָט דערפאַר נישט געקענט זײן נישט צניעותדיק און נישט אױסגעלאַסן: זי איז געװען זײער שײן און דאָס איז געװען גענוג.

— פּאָעטן, מוזיקער און מאָלער, זוכן אין דער פּרוּישער קאָקעטעריע זײער ליוב און אַלגעמײנע באַגײסטערונג. אױך איך בין אַזאַ. איך מוז אָבער נישט שאַפן קײן שײנקײט, װײל װי מען זאָגט, טראָג איך די שײנקײט אין מיר גופא. איך דאַרף אױך װי זײ, האָבן אַן אטמאָספערע פון פאַרערונג. דערפאַר פאַר־אינטערעסיר איך זיך מיט פאַרשידענע אײנפעלערישקײטן, צו־פרידן־זײענדיק, װאָס איך קאָן שענקען גליק, שטאָלץ זײענדיק, װאָס איך פיל זיך קײנמאָל נישט אַלס די יעניקע, װאָס האָט זיך אָװעקגעשאָנקען. די שענסטע און אױפריכטיקסטע זאַך, װאָס װאָס האָט מיר װען־עס־איז הנאה געטון, איז דאָס װאָס מיר איז אַמאָל אױסגעקומען צו לײענען; דאָס הײסט: „די זקנים־באַנק״.

דער פירשט האָט געמאַכט אַ זשעסט פון פאַרווונדערונג און אליציא האָט ווייטער גערעדט:

—זקנים פון טראיא זענען געזעסן אויף אַ באַנק און גע-רעדט פון דער לאַנגער באַלאַגערונג, וואָס זיי האָבן געמוזט אויס-האַלטן און האָבן באַדויערט די גרויסע צאָל העלדן, וואָס זענען געפאַלן, פאַרשילטנדיק אַ פרוי, צוליב וועמען דאָס דאָזיקע אומ-גליק איז געשען.

מיט אַמאָל האָט זיך באַוויזן די מאַיעסטעטישע העלענע פאַרבייגייענדיק. די אַלטע לייט זענען פאַרשוויגן געוואָרן. עס האָט זיך זיי אויסגעדאָכטן, ווי אַ פראָדיטא וואָלטן דאָ געגאַנ-גען פאַר זיי, אַראָפּשטייגנדיק פונם אָלימפּ. און זיי האָבן גע-נומען שעפּטשען אין דער שטיל: אַזאַ שיינע! פאַר איר מעגן מיר ליידן!...״

—כ׳האָב ליב—האָט זי ווייטער גערעדט: אַז מענער ליידן צוליב מיר. ס׳זענען ליב די שטייגער מאָרדן וועלכע עס האָט אַרויסגערופן מיין אומשטערבלעכע עלטער-באָבע!—כ׳פיל אַ טיפן שטאָלץ ווען כ׳חער הינטער מיינע פלייצעס דאָס שנאה-קנאה-דיקע שפּעטשן. און כ׳האָב ליב צופילן די בליקן פון יענע מע-נער, די זעלבע וועלכע זענען פריער געשטאַנען אינמיטן וויי-בערישן כאָר—פילן זייערע בליקן ווען איך גיי אַדורך. אַ טייל ווערן רויט, אַ טייל ווערן בלאַס. איך ווייס זייערע פאַרלאַנ-גען. איך קאָן זייער חשקות... איך האָב אויך אַזאַ „באַנק פון זקנים.״

מיכאַל האָט פלוצים באַמערקט, ווי אין דער צייט פון שמועס, האָט זי זיך דערנענטערט צו אים, פון איין קישעלע אויפן צווייטן, ציענדיק זיך אויף די אינטערגעלענטע עלנבויגנס. זי איז שוין געווען, כמעט, ביי זיינע פיס. איר קאָפּ איז געווען אַרויפגעהויבן און איר בליק האָט עקשנותדיק זיך געקלאַמערט אָן אים.

— דער איינציקער מענטש אויף וועלכן איך האָב זיך אָפּ געשטעלט—האָט זי ווייטער גערעדט, שיין אין אַ שטילערן טאָן:

דער איינציקער, וועלכער האָט מיך אויסגעדאַכטן צו זיין אַ ביסל אַנדערש פון די אַנדערע, דאָס איז געווען — דו... שרעק דיך נישט; דאָס איז נישט קיין ליבע. כ׳וועל איצט נישט אויסבייטן מיין ראָלע און זיך דערקלערן אין דיר ליבע. מעגלעך אויך, אַז דאָס שטאַמט דערפון, וואָס מיר האָבן זיך אין די קינדערישע יאָרן פיינט געהאַט און דאָס, וואָס מיר האָבן נאָך ביז אַהער איינער דעם צווייטן נישט פאַרלאַנגט. און אָט דאָס איז אַ זעלטענער פאַקט אין מיין לעבן; דאָס פאַראינטערעסירט מיך זייער און זייער.

זי האָט זיך אָנגעלענט אויף זיינע קניען.

— ווען איך האָב דיך, נאָך אַזויפיל יאָרן, דערזען אויפן בית־עולם, האָב איך זיך דערמאָנט אָן אַלץ, וואָס מ׳האָט וועגן דיר דערציילט. פיל פון מיינע באַקאַנטע, זענען געווען דיינע געליבטע. האָב איך זיך געטראַכט: „פאַרוואָס איך נישט?...״ איך האָב זיך דערמאָנט אָן אַ מאַסע מענטשן, וואָס זענען אַדורכגעגאַנגען מיין לעבן און אין זיך האָב איך צוגעגעבן: „און פאַרוואָס עפּעס ער נישט?...״

איצט איז שוין אַליציאַ געלעגן אָנגעלענט מיט די איילנבויגנס אויף זיינע קניען, זייערע אויגן און מויל זענען געווען נאָנט. מיכאַל האָט זיך געוואָלט צוריקציען, נאָר איר האַנט איז שוין געלעגן אויף זיין אָרעם:

—האָסט נישט פאַרוואָס מורא צו האָבן, מיט מיר קענסטו זיין גאַנץ רויק, וועסט מיך פאַרלאָזן ווען נאָר דו אַליין וועסט וועלן, מעגלעך אויך, אַז איך וועל דיך פריער פאַרלאָזן. שוין אַ פּאָר טעג, ווי איך באַגער דיך... דו דאַרפסט מיך אויך באַגערן, אַזוי ווי אַנדערע... אונזער לעבן איז דאָך אַ לעבן אויף אַ ווייַלע, ווי מענטשן, וואָס זענען דערגאַנגען דעם סוד און דעם ווערט פון זייער עקזיסטענץ. און דערנאָך, אויב מיר וועלן איינער דעם צווייטן האָבן פאַרפייניקט, וועלן מיר זיך צעשיידן אָן פאַרדראָס און אָן בענקשאַפט...

ווען דער פירשט האָט זיך דערמאָנט אין דער דאָזיקער סצענע,

האָט ער דערפילט אַ מישונג אין קאָפּ. ער איז געווען זיכער, אַז ר׳האָט אויסגעזען לעכערלעך און ברוטאַל. ער, וועלכער איז אַזוי לייכט מיטגעריסן געוואָרן פון דער ליבע, האָט זיך געבונטעוועט אַקעגן דער פירשטנס שטאַרקייט, מיט עפּעס אַ מאָדנער שעמעוודיקייט און צנועות. ניין ! מיט איר — קיינמאָל אין לעבן נישט !

ער האָט געפילט, ווי ס׳האָט זיך אין אים אויפגעוועקט די אַנטיפּאַטיע צו איר, פון יענע צייטן ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד. ער איז געשטאַנען אינמיטן איר אַרבעטס-צימער און האָט געקוקט אויף דער טיר מיט אומרויקע באַוועגונגען. שעפּטשנדיק אַ נאַרישן אויסרייד :

—איך מוז גיין. ס׳איז שוין שפּעט. קאָלעגעס וואַרטן אויף מיר...

די פירשטן האָט זיך באַהערשט. זי איז אויפגעשטאַנען און געקוקט אויף אים מיט פאַרוווּנדערונג און כעס :

—דו ביסט דער איינציקער, וואָס האָסט זיך געקענט דערלויבן אויף אַזאַ מין אַפראָנט—האָט זי געזאָגט געזעגנדיק זיך מיט אים.—איצט ווייס איך, וואָס איך האָב צו טראַכטן וועגן דיר. איך קען דיך נישט ליידן, פּונקט אַזוי גוט ווי דו קאָנסט מיך נישט פאַרטראָגן. מיין קאַפּריז איז געווען נאַריש. ווען כ׳וואָלט געווען יינגער, וואָלט איך דיך באַלייגט מיטן שפּיץ-רוט אַזוי ווי אַמאָל אין בולאָנער וועלדל. היינט וועל איך דאָס נישט טון, זיי וויסן אָבער, אַז איך חזר דיר היינט איבער אַלץ, וואָס איך האָב דאַמאָלסט געזאָגט...

און זיי האָבן זיך אויפגעהערט צו זען מער.

ווען דער פירשט האָט זיך איינרעגולירט מיט די אַלע ענינים און געשעפטן, וועלכע זענען אים ציגעפאַלן נאָך דער מוטערס טויט, האָט ער ווידער באַשלאָסן צו מאַכן אַ רייזע. איצט אין די בעסטע באַדינגונגען: ער האָט שוין מער נישט באַדאַרפן צו בעטן קיין געלט ביי דער מוטער. ער איז איצט פאַררעכנט געוואָרן פאַר איינעם פון די וועלט-עשירים.

דער פּולקאָווניק האָט באַקומען אַן אויפטראַג : צושטערן

די פּעאַדאַלע מויערן פון דער ווילע סירענע. דער פּירשט האָט נישט געקענט פאַרטראָגן די אַלערליי אַרכיטעקטאָנישע ווי-דער - געבורטן. ער האָט נישט געקענט קוקן אויף די מאָדער-נע בנינים, וועלכע זענען געווען קאָפּירט נאָך אַלדהאַמבראַ, די פלאָרענטישע פּאַלאַצן, אָדער די יום - טובדיקע ווערסאַלער בנינים.

און טאָלעדאַ האָט אַכטונג געגעבן ביים איבערבויען די ווייסע ווילע סירענע, אין מאָדערנעם סטיל, לויט דער אָנווייזונג פון פּירשט, וועלכע האָט אַרום באַטראַכט דעם מינדסטן פּרט ביים אַריינשטעלן דאָס מעבל און געדענקט צו באַזאָרגן די ווילע מיטן גאַנצן קאָמפאָרט.

לייכט איז אים אָנגעקומען דאָס איבערבייטן זיין וואַנדער-שיפל מיט איר גאַנצער עקזיסטענץ. ער האָט פאַרקויפט די שיף „גאַוואָט" און צוריק געקויפט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אַ ריזיקע יאַכט - שיף, געבויט פאַר אַן אַמעריקאַנער מיליאָרדער, וועלכער איז פּלוצלינג געשטאָרבן. דאָס איז געווען „גאַ-וואָט II".

דער דאָזיקער דאַמפּער האָט געקענט יאָגן מיט דער שנעל-קייט פון אַ „טאָרפּעדאָ" און האָט פאַרמאָגט דעם פאַרנעם פון אַ פּאַסאַזשיר-שיף. ווען ער איז אָנגעקומען אין אַ קליינעם פּאָרט, האָט ער אים אויסגעליידיקט פון זיינע קוילן-זאַפּאַסן. ווען זי האָט זיך געפונען אויף די ווייטע ימען, האָט אַ ספּעציעלע פראַכט-שיף געמוזט איר אַנטקייגן-שווימען, געלאָדן מיט ברען-מאַ-טעריאַל.

פאַרשלאָפענע פּאָרטן פלעגן פּלוצלינג אינמיטן דער נאַכט באַלויכטן ווערן, פּונקט ווי די זון וואָלט אויפגעגאַנגען. דאָס האָט דער פּירשט דאַמאָלסט געמאַכט אַ מאָלצייט אויף דער שיף-דעק.

זיין דאַמפּער פון די וואַסער-ליניע אַרום, ביז די שפּיצן פון די מאַסט-בוימער, האָט זיך העל געצייכנט אַ באַקליידטע מיט עלעקטרישע לעמפּלעך און די שטאַרקע רעפלעקטאָרן האָבן גע-

וואָרפן באַוועגלעכע גאַרבן ליכט, וואָס האָבן פון די פינסטערע כוואַליע-טיפן אַרויס-באַקומען די בּרעגן אין די שטאָטישע הייזער. טײַלמאָל פלעגן היבשע אויגן זיך גליטשן איבער די אייז-קריעס; אַרויספאַרלוירן פון דער פינסטערניש פלעגן זיך די פינגווינען, ים-הונט און ווייסע פּאָלאַר-בערן אויפוועקן איבערגעשראָקענע, צוליב דעם חיזשן, אומגעוויינטן שווערן און דריקנדיקן ליכט, וואָס האָט צו - נישט געמאַכט דעם סוד פון דער נאַכט.

דער באַזיץ פון דעם שווימענדיקן פּאַלאַץ, איז פאַר מײַכאַלן נישט געווען געוויין.

ער האָט צוגעפּגענומען אויף דער דעק אַ הערלעכן אָרקעסטער. מוזיק האָט אים געוואַלדיק געריירט. האָט ער זיך אויסגעזוכט אומבאַקאַנטע קאָמפּאָזיטאָרן, עקסצענטרישע, וואָס האָבן ליב געהאַט זיך אַנטקייגן צושטעלן דער אַלגעמיינער מיינונג. דאָך פלעגט ער אויף די מוזיקאַלישע סעודות פאַרלאַנגען אַלס גרונט-אינהאַלט, קלאַסישע ווערק און פאַר אַלעם בעטהאָווענען.

קריגנדיק באַצאָלט וויפל זיי האָבן אַליין פאַרלאַנגט, באַהאַנדלט, ווי אָפּיצירן, פאַרכשופט פון דער פּערספּעקטיוו פון באַקענען אַ וועלט,—פלעגן מוזיקער פון פאַרשידענע לענדער, גערן זיך איינגאַזשירן אין זיין אָרקעסטער. באַקאַנטע ווירטואָזן און יינגע קאָמפּאָזיטאָרן דהאָבן אין אים אַנטייל גענומען אַלס געוויינלעכע קאָנצערט-אויספירער.

אַ טייל קראַנקע האָבן אַזויערנאָך געזוכט געזונט-צו ווערן, מאַכנדיק אַ רייזע אַרום דער וועלט, אַ רייזע אַן אויסבּרענגערישע, וואָס האָט זיי גאָר נישט געקאָסט. אַנדערע ווידער, האָבן געזוכט פּאַסירונגען, וועלנדיק באַקענען נייע לענדער, אַדורכלעבן אַ צייט אין דעם דאָזיקן שווימענדיקן גן-עדן, ווי אַלץ האָט געהויכט מיט אייביקן פאַרגעניגן און גלוסטונג. אַלע צוזאַמען זענען זיי געווען אַן ערך פינפציק פּערשוין.

—איך פאַרמאָג דעם בעסטן אָרקעסטער אויף דער וועלט—
האָט דער פירשט מיט שטאָלץ געזאָגט צו די יעניקע, וואָס זע־נען אים געקומען ווּנטשן נאָך איינעם פון די זעלטענע קאָנצערטן, וואָס ער האָט געגעבן אויף דער יבשה.

אין וואַרעמע נעכט אויפן דרום, אונטער געוועלבטע לבנה־דיקע הימלען, וועמענס ליכט ס'האָט געמאַכט פון ים־אויבער־פלאַך אַ באַזילבערטן טאָוול, האָבן זיך די מוזיקער, אין פּרעק, אויסגעזעצט אויפן אויבערשטן דעק פאַר זייער פּולפּיטערס, באַ־לויכטענע מיט עלעקטרישע לעמפּלעך און די חלום־אַטמאָספערע איז פול געוואָרן מיט קלאַנגען פון די ראַפינירטסטע און אָרגי־נעלסטע מעלאָדיען.

די מוזיק איז נאָכגעשווומען דעם דאַמפּער, ווי אַ באַנד, וואָס צערייסט זיך און פאַרשווינדט אַ צעוויקלטער אין פראַגמענטן־שטיקער צוזאַמען מיטן רויך.

אין די צייטן פון די פּויזעס, האָט מען געהערט אַ טויב גערויש פון שווימענדיקן יאַכט, צווישן די שווימענדיקע כוואַ־ליעס; נאָכדעם האָט מען געהערט אַ לאַנגזאַמען גלאָקן־קלאַנג, וואָס האָט גערופן די מאַטראָזן אויף זייער וואַך, אָדער אַ גע־שריי פון אַ שומר, וואָס איז געזעסן אויף אַ הויכן מאַסטבוים, וואָס האָט דערמאָנט דאָס רופן פון אַ מועזין אויף אַ מינאַרעט־טורעם.

די דאָזיקע גאַנצע נאַכטיקע ים־מוזיק, אַזאַ מאַנאַטאַנע, האָט צו געגעבן דער מענטשלעכע מוזיק אַ געוויסע סודותדיקייט און שטאַרקייט —

די אָפיצירן צוזאַמען מיט די פירשטלעכע סוויטע, האָבן זיך גרופּירט אויף די טרעפּ, אָדער אויף די הינטערשטע דעקן, בכדי צו קאָנען הערן דעם דאָזיקן קרעפּטיקן נאַכט־קאָנ־צערט.

אין סאַמע פאָרנט איז געזעסן די שיף־מאַנשאַפט מיט פאַר־לייגטע פיס אויפן טערקישן אופן און זיך צוגעהערט מיט אַ רע־ליגיעזע פאַרטועקייט, מיט אַזאַ פאַרנומענקייט, וואָס איז אייגנ־

טימלען נאָר ביי פראָסטע מענטשן, אין דער הויך איז דער איינ־ציקער צוהערער געווען מיכאל פיאָדאר.

דער פירשט האָט זיך געהאַלטן ווייט פון אָרקעסטער, גע־וועסן אויסגעדרייט מיטן רוקן און געקוקט אויפן שוימענדיקן וואַ־סער, וואָס די יאַכט האָט אויף צווייען צעשניטן און וועלכע זענען געשווימען אויף זיינעביידע זייטן, ווי צוויי טייכלעך. אַ ציגאַרן־שפּיץ האָט פון צייט צו צייט אַ בלאַסק־געטון, באַלויכטנ־דיק דאָס פאַרטראַכטע פּנים זיינס.

און נישט בלויז אַן אָרקעסטער האָט די יאַכט געפירט מיט זיך. פון צייט־צו־צייט האָט מען אויך געקענט אויפן דעק אָנ־טרעפן פּרויען, פּרויען אין ווייסע שיכלעך, אין גראַנאַט הייזלעך, זשאַקעטלעך מיט באַגילדטע קנעפּ, אין מענער־קראַגנס און קראַ־וואַטן און אין היטלעך אָפיצערישע. קיינער דהאָט געווי נישט געוווסט זייער צאָל.

דער אריינגאַנג אין די מיטלסטע צימערן און דער וועג צום אויבערשטן דעק, איז געווען פאַר דער מאנשאַפט פאַר־באָטן. אין גרויסע פאָרטן פלעגן מאָטאָר־שיפלעך איבערפירן די דאָזיקע אומבאַקאַנטע שיינהייטן אויף דער יבשה און דאָס איז איז תמיד געמאַכט געוואָרן אויף אַן איידעלן און דיסקרעטן אופן.

ווען „גאַוואָט II” האָט פאַראָפּגעלאָזט איר אַנקער אין אַ בורטע וועלכע מ׳האָט דאָס פאַריקע יאָר באַזוכט, האָבן פאַר־אינטערעסירטע געקענט באַמערקן דעם דאָזיקן וואַנדערנדיקן האַ־רעם אויפסניי אויפגעפרישט.

אין זומער פלעגט מיכאל אַמאָל איבעררייסן זיין רייזע, כּדי צו פאַרברענגען אַ געוויסע צייט אויף אַ מאָדערנע פּליאַזשע. די פּרויען, וואָס האָבן אים באַגלייט אין זיינע ווייטע רייזעס, זע־נען איבערגעבליבן אויפן דאַמפּער, פירנדיק ווייטער דעם לעבע־דיקן לוקסוס צו וועלכן ער האָט זיך צוגעוווינט.

און ס׳האָט געטראָפן, אַז ער דהאָט זיי אַלע באַפרייט.

פונקט ווי מען לאָזט פריי אַ שיף-מאַנשאַפט נאָך אַ געענדיקטע רייזע.

מיט אַמאָל פאַרלאַקט פון פרויען, וואָס פירן אַ געזעצט לעבן, געצויגן פון אַ יבשה-געזעלשאַפט, פאַרבענקט נאָך זומער-שפּילן און עלעגאַנטע באָדע-ערטער — האָט זיך מיכאַל באַזעצט אין אַ האָטעל, אין דער צייט ווען זיין יאַכט-שיף האָט זיך אַרויסגעהויבן אַן אומבאַוועגלעכע פון די בלאָע וואַסערן, ווי אַ געהיימנישפולער פּאַלאַץ צו ווען עס ציען זיך פרויען-אויגן.

אין ביאַריץ האָט ער זיך געטראָפן מיט אַטילאַ קאַסטראָן ווי האָבן באַלד אויסגעפונען דאָס זיי געהערן זיך אָן קרובים דורכן גענעראַל סאַלדאַנס צד.

און ווייטער האָט דער פירשט געמאַכט זיין טריומף-רייזע אַרום דער וועלט, באַזיגנדיק די הערצער פון נישט-צוטריטלעך מיידלעך צומערסט. זייער ערלעך ווידערשטאַנד האָט אים צום סוף אויסגעוויזן צו זיין נישט מער ווי אַן אויסרייד, וואָס איז ווי באַרעכנט צו פאַרגרעסערן דעם ווערט פון זייער אייגן פאַלן. די מיליאָנען זענען כסדר געפלאָסן פון רוסלאַנד, אויפהאַלטנדיק די עקזיסטענץ פון נישט איין פאַמיליע. זיי האָבן אויפגעהאַלטן דער עלעגאַנץ ביי אַ סך פרויען און דאָס פאַרשווענדעריש-קייט.

עטלעכע פרויען האָבן זיך אויף אַן אמת געפילט פאַרליבט אין מיכאַל, ס'קען זיי אַ דאַנק דעם סודותדיקן צויבער פון זיין רייזע אויפן יאַכט, פון וועלכן מ'האָט גערעדט, ווי פון אַ פאַר-כשופטן פּאַלאַץ און ס'קען זיין, אַז זייער געפיל איז געקומען אַ דאַנק זיינע ליבעס-פאַסירונגען, וואָס זענען שוין געווען באַ-רימט. נאָר ווען ס'איז געקומען דער מאָמענט ווען זייער אייגענע ליבע און פאָרשטעלונגען האָבן זיך באַרויקט. האָט זיך אין זיי אויפגעוועקט דער עגאָאיזם: „פאַרוואָס זאָל איך זיין אַ נישט-פאַר-אינטערעסירטע, אַן אויסנאַם פון די אַנדערע?..."

איבריקנס האָבן זיי נישט באַדאַרפט קיין אויסריידן כּדי צו פֿאָרמולירן זייער פֿאַרלאַנגען. דעם פּירשטס גרויסמוט האָט ווי דאָס איינגעברענגט. ער האָט געוואָלט באַפרידיקן זיינע געליבטע, האָט ער זיי באַשאָטן מיט פּרעזענטן, באַהאַנגען מיט צירונג, ווי פֿאַוואָריטנס. אַזוי אַרום איז אים לייכט אָנגעקומען איבערצורייסן מיט זיי; ער האָט געקענט אַוועקגיין ווען ס'האָט זיך אים פֿאַרגלוסט, זייענדיק צופֿרידן פֿון זיין האַנדלונג, אַ האַנדלונג צו וועלכע ס'האָבן נישט געהאַט קיין צוטריט קיין טרערן און קיין שום פֿאָרוואָרפֿן. פֿון זיין רוסישן יחוס, אַ האַלב מזרחדיקן, האָט ער געירשנט די צוציונגס־קראַפֿט און דעם עקל צו פּרויען. ער האָט איר געצערטלט און איז נישט פֿעיק געווען ליב צו האָבן ער האָט געקענט פֿאַרגעטערן, נאָר ווען זי האָט אויפֿריכטיק זיך געוואָלט אַריינקריגן אין זיין לעבן, האָט ער דערפֿילט אַן אמתע אויפֿטרייסלונג.

פּרויען מיט אַמביציע, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסע ליידנשאַפֿט אין דער אומעגלעכע האָפֿנונג, אַז ער וועט מיט זיי חתונה האָבן און פּרויען סענטימענטאַלע ווילנדיק אים פֿאַראינטערעסירן מיט פּסיכאָלאָגישע פֿאַרוויקלונגען — האָבן אומזיסט געזוואַרט אויף אים דעם מאָרגנדיקן אָוונט. „קיין שום שטאַרקע ליידנשאַפֿטן!...“

און באַלד האָט די יאַכט גענומען אַרויסהויבן פֿון זיינע קוימענס געדיכטע וואָלקנס רויך און אָפּגעפֿירט דעם בעל־הבית צו אַנדערע ברעגן און קאָנטינענטן.

ווען דער פּירשט האָט געוואָלט אַנטלויפֿן פֿון אַ שטאָט, וואָס איז געלעגן אין צענטרום, האָט ער זיך געהייסן צוטשעפּען צום אָפּפאָרנדיקן צוג אַ ספּעציעלן וואַגאָן.

דעם פּירשטס גרויסמוטיקייט האָט נישט אויפֿגעהערט צו עקזיסטירן אַפֿילו דאַמאָלסט, ווען ער האָט געהאַט איבערגעריסן. זיין בודזשעט איז יאָר־יערלעך רייכער געוואָרן מיט נייע נעמען, פּונקט ווי אַ קעניגלעכער בודזשעט, וואָס שענקט געלט־הילף זיינע אויסגעדינטע דינער. דער אונטערשייד איז געווען, וואָס די

זענסיעס וועלכע דער פירשט האָט אויסגעצאָלט, האָבן געניגנט צו פירן אַן אויסבערענגעריש לעבן און נישט נאָר אויפצוהאַלטן זיי עקזיסטענץ.

די איינפאַכסטע האָבן דערהאַלטן פון אים דרייסיק טויזנט פראַנק אַ יאָר און מיטלמעסיקע האָבן טאָפּלט אַזוי פיל.

— אייער הויכקייט, ס'איז נויטיק אדורכצוקוקן די דאָזיקע ליסטע—האָט דער פאַרוואַלטער געזאָגט.

דער פירשט האָט אדורכגעקוקט. אָן געוויסע נעמען האָט ער זיך נישט געקאָנט דערמאָנען ווער זיי זענען. טיילמאָל האָט ער אַ שמייכל געטון אין געדאַנק צו פּלוצים אויפגעשטאַנענע תחית-המתים. ער איז געווען אומגעהויער רייך. פאַר וואָס זאָל ער זיי נישט אויסהאַלטן מיט לוקסוס, וואָס דאָס איז געווען זייער לעצטער אילוזיע?

דער געדאַנק, אַז די יורשים זיינע וואָלטן געקענט האָבן נוצן פון די דאָזיקע ריזיקע סומען, איז אים געווען גלייכ-גילטיק.

טיילמאָל פלעגט זיך די יאַכט אַרויסקריגן אויפן מיטן ים, אָדער אַזוי אויף אַ ווייטע רייזע.

מיכאל פיאָדאר האָט געזוכט אומגעוויינלעכע וועגן, כדי צו געפינען רו אין דער אומענדלעכקייט. דעם אָרקעסטער האָט ער מיטגענומען, דעם הארעם—נישט.

ער האָט אַדורכגערייזט די וועלט עטלעכע מאָל. איצט האָט ער זיך אויסגעטראַכט פאַרשידענערליי קאַפּריזנע אויספלוגן, פאָרנדיק פון איין האַלבן ערד-קוגל אויפן צווייטן, אַמאָל מיט דעם בלויז איינעם צו באַזוכן עפעס אַ קליינטשיק אינזעלע וועגן וועלכן ער האָט אַמאָל געליינט און וועלכעס געפינט זיך פאַרצייכנט אויף דער קאַרטע מיט אַ זייער דראָבנע פינ-טעלע.

נאָכן אומקערן זיך פון איינעם אַזאַ אויספלוג, האָט ער דערהאַלטן אַ דראַמאַטישע דעפעש וועגן אויסברוך פון דער מלחמה.

דאָס האָט אים נישט שטאַרק פאַרוואונדערט. ער האָט פּערזענלעך געקענט ווילהעלם דעם צווייטן. אַ דאַנק אים האָט ער אין זומער געמוזט אויסמיידן די נאַרוועגישע ברעגן.

אין זעלבן יאָר ווען עס איז אָפּגעקויפט געוואָרן „גאַוואָט II", האָט ער אין יענע געגנט געטראָפן אַ קייזערלעכע שיף. ווילהעלם האָט אים געמאַכט אַ באַזוך אויפן יאַכט, וועלכע ער האָט געגוי אָרום באַטראַכט, פירנדיק אַ דיסקוסיע איבער דער מאַשין און פּלוצים איבעררייסנדיק זיך, כּדי צו קענען אַקייגנקומען מיט אַ ראַט, ווי אַזוי משנה צו זיין די מאַנשאַפט - מונדירן.

לאָהענגרין און זיין געפליגלטן קיווער, ווייסן מאַנטל און שווערד, איז געווען מער דערטרעגלעכער, ווי דער דאָזיקער הער מיט די קריגערישע וואָנסעס און וועלפּישע ציין; ער איז געווען געקליידט אין אַ מאַטראָזן-מונדיר און האָט געשמייכלט מיט אַ פאַלשן שמייכל און געשפּילט די ראָלע פון אַ פּשוטן מענטש, אַ מאָנאַרך אָן צערעמאָניעס, דאַמאָלסט ווען ער האָט אויפן מיטן ים אָנגעטראָפן אַ מולטי-מיליאַרדער פון אייראָפּע, אָדער פון אַמעריקע. געלט איז שטאַרקער געווען ווי דער יחוס-כּבוד פון דעם דאָזיקן לעגענדאַרן העלד.

מיכאל האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין ענטוזיאַזם פאַרן דייטשישן קייסער. ער האָט געלאַכט פון זיינע קריגערישע פאַנפאַרן, פון זיין עקשנות און אינטעלעקטועלע פּרעטענזיע.

— דאָס איז אַ קאָמענדיאַנט — האָט ער נישט איינמאָל געזאָגט: אַ קאָמענדיאַנט, אַ דאַנק וועמען די וועלט וועט נאָך אַמאָל קרעכצן פון ווייטאָק.

מיכאל פיאָדאָר האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ מענטש, וואָס שטייט העכער פון אַלע. די מלחמה, האָט ער געגלייבט, איז אַן אַלגעמיין אומגליק, אָבער אויף אים גופא, האָט זי אַבסאָלוט נישט געהאַט קיין איינפלוס. אייראָפּע האָט באַהערשט אַ בלויטיק משוגעת און ער וועט דורך דער דאָזיקער צייט קענען שווימען אויף ווייטע ימען. אַ דאַנק זיינע עשירות האָט ער זיך

געקענט האַלטן אין דער זייס.

דאָס פּנים פון דער וועלט האָט זיך אָבער גיך געביטן. „גאַוואָט II", הגם זי איז געשווומען אונטער רוסישע פלאַגן, איז פאַרהאַלטן געוואָרן פון אַן ענגלישן טאָרפּעדאָ און איז אָפּ־געגעבן געוואָרן צו אַ שטרענגע רעוויזיע: אַזוי גיך ווי דער ים איז געוואָרן דאָס אָרט פאַר קאַמפן, איז אונמעגלעך געוואָרן די רייזע צוליב דעם אייגענעם פאַרגעניגן. אַ צווייט מאָל איז די יאַכט קיין אַרויס אַ גאַנצע פון צווישן דייטשע ים־רוי־בער.

אַ חוץ דעם איז וואָס אַמאָל שווערער געוואָרן דאָס באַ־קומען שטיין־קוילן. די פּאָרט ־ מאַגאַזינען האָבן נאָר באַזאָרגט מלחמה־שיפן, די יאַכט־שיף פלעגט אָפט דערהאַלטן, דורכן דראָט־לאָזן־טעלעגראַף ידיעות פון פּאַריז, ווו ס'האָט זיך אויפגעהאַלטן דער פירשטלעכער הויפט־פּאַרוואַלטער.

די קאָמוניקאַציע מיט רוסלאַנד איז אינגאַנצן איבערגעריסן געוואָרן. קיין געלט איז שוין מער נישט איינגעפלאָסן אין די פּאַריזער בענק, פאַרענגט, צוליבן מאָראַטאָריום, האָבן געגעבן די מיליאַרדערן סודותדיקע הלוואות, וואָס האָט פאַר זיי נישט גע־נוגנט.

די יאַכט האָט אַראָפּגעלאָזט דעם אַנקער אירן אין מאַנאַ־קאָ און דער פירשט איז אַוועק קיין פּאַריז מכּח אַן הלוואה. דער הויפּט־פּאַרוואַלטער האָט נישט באַהאַלטן פאַרן פירשט זיין אָפּ־געלאָזנקייט.

דער רובל איז געפאַלן פון טאָג־צו־טאָג מיט אַ שווינדלדי־קער שנעלקייט און שיקן געלט קיין פּאַריז איז געוואָרן איינע פון די שווערסטע זאַכן אין דער וועלט.

—הייסט עס: כ'בין געוואָרן אַן אָרעמאַן ?—האָט לובימאָוו געפרעגט מיט אַ שמייכל און דער געדאַנק וועגן דעם האָט אים ווייער אַ הנאה געטון.

און פּאַקטיש האָבן מיליאָנען אין פּאַריז באַקומען דעם ווערט פון קוים עטלעכע הונדערט טויזנט פראַנק. די מאָבילי־

איציע האָט אַוועקגעריסן די אַרבעטער פון די שאַכטן. פּראָדוקטן זענען שוין נישט געווען אַזוי לרוב. אַרבעטער, וואָס זענען אין דער היים. האָבן נישט געוואָלט אַרבעטן. די רעגירונג, דהאָט באַגרענעצט ביז אַ מינימום, דאָס אַרויספירן געלט צו יענע לאַנדס-לייט, וואָס זענען געזעסן אין אויסלאַנד.

—דער צאַר באַשטימט מיר אַ פּענסיע!—האָט דער פירשט געזאָגט אַ זייער פערחידושטער: טויזנט אָדער צוויי טויזנט פראַנק אחודש!... אַ קאָמעדיע, מער נישט!

ער חאָט שוין מער נישט געלאַכט. דער עגאָיסטישער כעס צום צאַר איז געוואָרן ברוטאַל.

דער קייסער מיט זיינע עצה-געבער, וועלכע האָבן געוואָלט פאַרוסיפיצירן גאַנץ מערב-אייראָפּע — זיי זענען שולדיק געווען אין דער מלחמה. זיי האָבן געקענט ווייטער בלייבן אין פריינטשאַפטלעכע באַציונגען מיט די דייטשן. צו וואָס האָבן זיי נויטיק געהאַט צו שטערן דעם וועלט-שלום, צוליב אַ קליינע באַלקאַנישע מ וכה?

די קומענדיקע צוויי יאָר זענען אַריבער פאַר דעם פירשט, ווי אַ קאָשמאַר. דאָס פּרעכטיקע לעבן איז געווען פאַרענדיקט. זוער וועט זיך איצט דאַגהן וועגן אים? ווען וועט אַ סוף נעמען צו אָט דער קאַטאַסטראָפע? און וואָס וועט געשען דערנאָך?

זיינע שמועסן מיטן הויפט-אַדמיניסטראַטאָר, האָט זיך אים אויסגעדאָכטן, קומען פאַר ערגעץ אויף אַ פּלאַנעט, וואָס פאַלט אַרונטער מאָדנע אויסטערלישע געזעצן. פאַרענדיקט האָבן זיי זיך מיט אַ באַפעל:

—איך מוזט מיר שאַפן געלט. איר מעגט זיך אויך באָרגן איך בין דער פירשט לובימאָוו, און לאַנג אַזוי קען עס נישט אָנהאַלטן. ווער ס׳זאָל נישט זיגן—מיר איז עס אַלץ-איינס! דאַמאָלסט וועל איך צוריק ב׳ענגען אַלץ אין אָרדנונג און מיינע חובות וועל איך באַלד באַצאָלן!

נאָר דער הויפּט-פאַרוואַלטער האָט אים געענטפערט נישט גערן:

— באָרגן זיך אויף אַ גוט, וואָס געפינט זיך אין רוס־לאַנד?..'

באַנוצנדיק זיך מיטן פירשטלעכן נאָמען, פלעגט דער פאַר־וואַלטער פאָרט קריגן געבאָרגט אַ ביסל געלט: די פראָצענטער ווענען אָבער געוואַקסן און די צייט האָט זיך נישט געביטן. און נישט־קוקנדיק דערויף, וואָס דער פירשט האָט פאַרקלענערט זיינע הוצאות און אויפגעהערט אויסצאָלן די רענטעס, האָט ער דאָך באַדאַרפט האָבן אַ סך געלט, כדי צו קענען לעבן.

דאָס פאַלן פון צאַריזם האָט דערפרייט דאָס הארץ פון אָט דעם מאַגנאַט, וועלכער האָט נישט געליטן די צאַרישע רע־גירונג.

דער עגאָאיזם זיינער האָט אים געהייסן זיך פאָרשטעלן אַ רעפּובליק, וועלכע וועט זיך, פאַר אַלעמען, פאַרנעמען מיט אָפּ־געבן די פּריווילעגירטע פּערזאָנען פון געבוירן אָן—זייער אייגנ־טום און פאַרמעג.

דערווייל אָבער, האָבן די שוואַכע איינגעפלאָסענע הכנסות זיינע, אינגאַנצן אויפגעהערט. דאָס איינפאַלן פון גאַנצע וועלט אויף אייביק, האָט פאַרשטאָפּט זייערע קוואַלן.

—אייער הויכקייט. מ׳דאַרף עפּעס פאַרקויפן — האָט זיין פאַרוואַלטער געזאָגט: מען דאַרף זיך באַפרייען, פון אַלץ, וואָס איז איבעריק. לאָמיר עס ליקווידירן ווי לאַנג עס איז נאָך צייט. וואָרום, ווער ווייסט, וואָס דער מאָרגן קאָן אונז נאָך ברענ־גען.

די יאַכט איז געשטאַנען פאַראַנקערט הינטער מאָנאַקאָ. כמעט די גאַנצע מאַנשאַפט, וואָס איז באַשטאַנען פון איטאַליע־נער, פראַנצויזן און ענגלענדער, האָבן פאַרלאָזן די שיף צוליבן מיליטער־דינסט. ס׳זענען בלויז איבערגעבליבן עטלעכע שפּאַניער כדי צו האַלטן די אָרדנונג אויפן דאַמפּער.

„גאַוואָט !!" האָט אָפּגעקויפט דער ענגלישער רויטער קרייץ.

ווען דער פירשט האָט אונטערגעשריבן דעם קאָנטראַקט,

האָט זיך אים אויסגעדוכטן, ווי ער וואָלט אָבדיקירט פון זיין גאַנצער פאַרגאַנגנהייט. דער ראָמאַנטישער צויבער פון זיין לעבן איז פאַרווייעט געוואָרן. דער פּאַלאַץ פון „טויזנט און איין נאַכט", איז אומגעביטן געוואָרן אויף אַ שפּיטאָל; וואָס פאַר אַ איראָניע!

די ענגלישע מיליאָנען האָבן אים געגעבן רו אַ גאַנץ יאָר. דער הויפּט-פאַרוואַלטער האָט געצאָלט די ריזיקע חובות און האָט געהאַט די געלעגנהייט צו בלייבן ווייטער אין פּאַריז. ווי די איינוווינער האָבן איבערגעלעבט דאָס דריטע יאָר פון די מלחמה, פאַרהאַלטנדיק זיך אויסערגעוויינלעך רויק און נאָכמער: די שטאָט האָט זיך ווייטער גענומען צו אירע פאַרווייל־ונגען. פּונקט ווי די סכנה וואָלט שוין געווען פאַרביי.

די ליבעס, וואָס דער פירשט האָט געפירט מיט צוויי גרויסע דאַמען, וועמענס מענער ס'האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די הינטערשטע אַרמעע־רייען, דאָס האָט אים פאַרשלעפּט אַמאָל אין ביאַריץ, אַמאָל אין אַקוויזגראַן, אָדער גאָר אויפן „בלאָען ברעג".

נאָר דער הויפּט-פאַרוואַלטער האָט אים איבערגעריסן די דאָזיקע ליבע רו-צייט. ער האָט כסדר איבערגעחזרט: דעם רעפריין: „מ'דאַרף פאַרקויפן". און דעם פירשטס מאַיאָנטעק איז פון טאָג־צו־טאָג צערינען אונטער די הענט.

סוף־כל־סוף האָט זיך מיכאַל פיאָדאר צוגעוויינט צו זיין אומגליק און אַלץ, וואָס ס'איז געשען, האָט ער אויפגענומען רויק, קאַלט.

דאָס פאַרקויפן דעם פּאַלאַץ וועלכן די מוטער האָט אויפגעשטעלט האָט אים ווייניקער גערירט, ווי דאָס פאַרקויפן זיין יאַכט-שיף.

ענדלעך איז געקומען אַן ענדערונג אין זיין געוויינטשאַפט ער איז זאַט געוואָרן אין די ליבעס-פּאַסירונגען.

ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן אָרימאַן און איז געוווינט געווען צו באַלוינען זיינע געליבטע אויף אַ קייסערלעכן אופן. נישט קענענדיק אויסהאַלטן קיין פרויען אויפן אַלטן אופן, מוז

ער זיי אויסמיידן, בכדי נישט צו בלייבן קיין בעל-חוב און נישט אויסצוטראָגן זייערע קאַפּריזן. ס׳איז אים ליבער געווען צו באַהערשן זיינע חשקות, ווי נישט פאַרגיטיקן זיי מיט דער גרויס-מוטיקייט פון אַ מזרח-מאַגנאַט. איבעריקנס — האָט ער שוין געהאַט גענוג די אַלערליי ליבעס און די אַלע אַזויגערופענע לעבנס-פאַרגעניגנס!

ער האָט געטראַכט פון אַטילאַן, פון פולקאַווניק און פון דער ווייסע ווילע סירענע, וואָס שטייט, צווישן ציפּרעסן און אייל-בירטן ביימער, אַ רויטלעך באַגאָסענע פון דער מיטן-טאָג-זון.

— די וועלט איז פאַרגאָסן פון אַ מבול. מעגלעך, אַז די ערד וועט זיך צוריק אויסטריקענען און ס׳קאָן אויך מעגלעך זיין, אַז זי וועט שוין אַזוי בלייבן אַ פאַרגאָסענע אויף אייביק!.. לאָמיר זיך באַהאַלטן אין דער תיבה און וואַרטן!...

## IV

די געזעלשאַפט, וועלכע אטילא דהאָט אַ נאָמען געגעבן: „פּרויען-פּיינט"—האָט געלעבט צווישן זיך שלום-ושלוה. דורכאויס רויק! די ווילליע סירענע האָט אָנגעקערט צו אַלעמען און איר אמתער בעל-הבית האָט אויסגעזען צו זיין נישט מער, ווי אַ גאַסט, אַזוי גוט ווי די אַנדערע.

ווען קאסטרא פלעגט אויפן שפּעטן מאָרגן, אַרויסשפּרינגען פון בעט, האָט ער געקענט ווען דעם פירשט שטיין אַ נישט אָנגעטוענעם, מיט פאַרקאַשעטע אַרבל, ווי אַ גרעבער, אין אַ ווינקל פון גאָרטן. ער דהאָט באַאַרבעט דאָס גרינס. ס'האָט אים פאַרשאַפט פאַרגעניגן דאָס, וואָס ער קען הנאה דהאָבן פון גרינס, וואָס ער אַליין דהאָט באַאַרבעט אין זיין אייגענעם גאָרטן.

דער דאָזיקער מענטש, וועלכער האָט געהאַט הינטער זיך גאַנצע באַטאַליאָנען פון אַרבייטער, האָט אַליין איצט געוואָלט דערקענען די שטאָלצע פרייד פון דעם, וואָס הייסט: אייגענע מי. אומזיסט האָט ער איינגערעדט קאסטראן, ער זאָל נאָכטון זיין ביישפּיל, אָן אַרבעט וואָס איז געזונט און ברענגט נוצן; ער זאָל זיך צוריק נעמען צום אור-אַלטן אַרט לעבן.

— איך דאַנק אײַך; איך אָנערקען נישט טאָלסטאָיען. אויב ס׳גייט דאָ װעגן פירן אַ פּשוט לעבן, איז מיר ליבער צו־לעבן אָט־אַזוי!

איז אַטילאַ האָט זיך אויסגעצויגן צו לעבן אַ בוים, אויפן גראָז, אין דער צייט, װאָס דער פירסט האָט נישט אויפגעהערט צו גראָבן און איבערצושיטן די ערד. זיי האָבן געשמועסט פון זייערע חברים.

נאָוואַ איז געװען אין דער ביבליאָטעק, אָדער האָט אַרומגעבלאָנדזשעט אינעם פּאַרק. אַמאָל פלעגט ער באַלד אין דערפרינעמען אַ טראַמוואַי און פאָרן קיין מאַנאַקאָ, שטודירן אין דאָרטיקן מוזעאום. װאָס שייך ספּאַדאַני, פלעגט ער פריער, װי אין מיטן טאָג נישט אויפשטיין פון בעט און אָפט פלעגט דער פּולקאָװניק דאַרפן אָנקלאַפּן אין זיין טיר, כדי ער זאָל נאָך באַװייזן קומען צום פרישטאָג.

— פאַרטאָג גייט ער איצט שלאָפן—האָט דער פּולקאָװניק דערציילט: די גאַנצע נאַכט פאַרבּרענגט ער אויף באַטראַכטן פאַרשידענע שפּיל־קאָמבינאַציעס. אָפט קומט ער אַריין אין מיין צימער, בכדי צו דערציילן מיר װעגן אַן אויסערגעװיינלעכן רעזולטאַט, װאָס ער האָט דערגרייכט און איך — מוז אים דראָען מיט אַ שוך.

אין זיין צימער באַהאַלט ער אויס, צווישן די נאָטן, אַ גאַנצן באַל פון גרינע בויגנס, װאָס ענטהאַלטן אין זיך דעם גאַנצן יאָרלעכן רעזולטאַט פון שפּילן אויף פאַרשידענע קאָמבינאַציען...

קאַסטרא האָט אָבער נישט דערציילט, אַז ער אַליין פלעגט זיך צו כאַפּן צו אָט די נאָטיצן, בכדי צו קאָנטראָלירן זיינע אייגענע קאָמבינאַציעס און, אַז לאַכנדיק פון ספּאַדאַניס אויסרעכענונגען, פלעגט ער זיך מיט זיי באַנוצן, אַ דאַנק דעם אבערגלויבן פון אַ שפּילער, װאָס גלויבט אינעם אינסטינקט פון אַן ערלעכע נשמה.

נאָכן מיטאָג זענען זיי אַװעק אין קאַסינאָ. דער פירסט,

ווען ער איז נאָר נישט אַוועק אויף אַ קאָנצערט, פלעגט ער בלייבן מיט נאוואַאן און מיטן פּולקאָווניק, אויף דער וואַרענדע פון צווייטן שטאָק און זיך צוקוקן צום ים.

יעדן טאָג פלעגן אַדורכפאָרן מיליטער-צוגן. אַמאָל האָט מען אויך געקענט זעען האַנדלס-שיפן, וועלכע זענען געווען, ווי די זעברעס, געמאָלן מיט פאַרשידענע קאָלירן, וואָס האָט זיי געמאַכט ווייניקער אָנזעעוודיק. זיי זענען געפאָרן אין דער באַגלייטונג פון איטאַליענישע, אָדער פראַנצויזישע טאָרפּעדאָ-שיפן.

דאָס דאָזיקע בילד האָט ביים פירשט און ביים פּראָפעסאָר ארויסגערופן פאַרשידענערליי באַמערקונגען וועגן דער מיאומדיקייט פון דער מלחמה.

דער פּולקאָווניק פלעגט אָפט אַנטייל נעמען אין די דאָזיקע דיאַלאָגן, אויף אַזויפיל נאָר, אַז איבם זאָל אויסקומען צו קלאָגן זיך אויף די מאַטעריעלע שוועריקייטן, וואָס אים קומט אויס צו ליידן אַלס מענטש, וואָס דערפילט די פליכט פון אַ הויז-פאַרוואַלטער. און די דאָזיקע פליכטן זענען פון טאָג-צו-טאָג געוואָרן אַלץ שווערער.

קיין בעסערן פירשטל'עכן טיש האָט ער נישט געקאָנט איינאָרדנען, הגם ער האָט געצאָלט פאַר אַלץ מיט גערזאַלצענע פרייזן. און די דינערשאַפט?—קוים מיט צרות, וואָס ס'האָט אויסדרעסירט די צוויי יינגע איטאַליענער און אָט האָט מען זיי גענומען צום מיליטער!

טיילמאָל פלעגט, אין די מיטאָג-שעה, פאַרלוירן גיין די גאַנצע דיסציפלין. ספּאַדאַני האָט זיך נישט געשטעלט אויף דער צייט. ער פלעגט קומען נאָך האַלבע נאַכט, אָדער באַגינען גאָר אַטילאַ איז אויך פאַרשוווּנדן: ער איז זיכער געווען, אַז אַרום אַכט דער זייגער קאָן דער שפּילער האָבן שאַנסן צו געווינען, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון די גוטע מיטאָגן אין דער ווילעסירענע און באַנוגנט זיך מיט אַ קופעל ביר אין סענדוויטש פון באַר.

נאָכדעם איז ער געקומען שפּעט אין דער נאַכט און גע-צאָלט דעם פאַרוווּנדעטן וועכטער מיט פולע הענט. ס'פלעגט אויך טרעפן, אַז ער האָט אומזיסט געגנישטערט אין די טאַשן, כדי צו געפינען עפּעס מיט וואָס צו צאָלן דעם פּיאַקער. דאָס מזל פון אַ שפּילער איז נישט אַלעמאָל גלייך.

און טאָלעדאַ האָט זיך געקלאָגט. דאָס פעלן פון די די-נערשאַפט, האָט נאָך פאַרגרעסערט די אומאָרדנונג. די לאָקאַיען זענען שפּעט אויפגעשטאַנען, ווייל זיי האָבן געמוזט היטן ביי-נאַכט.

און, אַז ס'האָט געטראָפן אַן אָוונט ווען דעם פירשטס פריינט האָבן זיך געפונען אַלע צוזאַמען אין דער ווילע,—האָט טאָלעדאַ געהאַט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט געווען אַ קאָמענ-מענדאַנט פון אַ פאָרט, אַ קאָמענדאַנט, וואָס ווייסט, אַז די טירן זענען פאַרהיטן און אַז די שליסלען האָט ער אין די טאַשן.

נאָכן מיטאָג האָט ספּאָדאַני געשפּילט אַמאָל לויט זיין אייגענעם חשק, אַן אַנדערש מאָל לויט דעם באַפעל פון פירשט.

קאַסטראַ, וועלכער איז געווען מוזיקאַליש, פלעגט זיך זיי-ער שווער קענען באַהערשן איבער דער התלהבות, וואָס דאָס שפּילן האָט אין אים אַרויסגערופן.

— מ'דאַרף וויסן, אַז ער איז אַ נאַר! — פלעגט ער אָפּנ-האַרציק אויסשרייען, זייענדיק געריירט: אַלע זיינע פעיקייטן האָט איינגעשלונגען די מוזיק. און פאַר נאָך עפּעס איז אים גאָרנישט געבליבן... דאָך—אַן אידיאָט, דערפאַר אָבער אַדערהויבענער, אַ געבענטשטער אידיאָט.

אַ געוויסן אָוונט האָבן אַטילאַ, דער פולקאָווניק און דער פירשט, געגעסן צוזאַמען מיטאָג. דער פּיאַניסט איז אַוועק מיט זיינע ענגלישע פריינט קיין ניצע שפּילן אין פּאָקער. באָוואָאַ איז פאַרבעטן געוואָרן פון אַ מוזעום-קאָלעגע אויף מי-טאָג.

מיכאל האָט אויפגעפרישט זיינע איינדרוקן פון פּאַריזער אָוונט. ער איז געווען אין קאַסינא אויף אַ קלאַסיקער קאָנצערטן נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט זיך נישט געוואָלט טרעפן מיט זיינע אַמאָליקע פריינט און מיט די מיאוסע נייגיריקע באַאַמטע.

פון די טרעפ אויפן דרויסן, ביזן סאַמען מיטן טעאַטער, האָט ער כסדר געמוזט צוריק גריסן אויף טיפע פאַרבויגן. מענטשן וואָס האָבן אַרומשפּאַצירט אין אַטריום, האָבן אָנגעוויזן אויף אים: „אָט, דאָס איז דער פירשט לובימאָוו...״ אַלע האָבן זיך דערמאָנט אָן זיין יאַכט, אָן זיינע אויפנאַמען און האָבן אומאויפהערלעך איבערגעחזרט זיין נאָמען. ער האָט געמוזט גיך אַדורכגיין צווישן די גרופּן, בכדי נישט צו זען די בליקן, געוויסע שמייכלענדיקע פּנימער, וועלכע האָבן אים דערמאָנט אָן זיין גליקלעכע פאַרגאַנגנהייט.

אין קאָנצערט־זאַל האָט ער זיך אויסגעזוכט אַ זייטיק אָרט, הינטער אַ וואַנט, אָבער האָרטן האָט צו אים אויך דערגרייכט דער בליק פון דער אַלגעמיינער נייגיריקייט. אַרום עטלעכע פּולפּיטערס זענען געשטאַנען דעם מאנאקאשן פירשטס מוזיקער, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען פילע, וואָס האָבן מיט געמאַכט די רייזעס אויפן גאַוואָט II און זענען געווען מיטגלידער פון זיין אָרקעסטער.

אַלע האָבן זיך אומגעדרייט צו אים שמייכלענדיקע, ווי זיי וואָלטן אים געבערענגט אַ מתנה די נאָר־וואָס אויסגעפירטע ווערק, אַזוי, אַז דאָס גאַנצע פּובליקום האָט ענדלעך באַמערקט דעם הער, וואָס האָט צוגעצויגן צו זיך די בליקן פון גאַנצן אָרקעסטער.

ווי נאָר דער קאָנצערט האָט זיך פאַרענדיקט, איז ער ווי צום שנעלסטן אַרויס כדי אויסצומיידן די באַגריסן פון געוויסע פריינט, וועלכע האָבן זיך געפונען אויפן זאַל. ער איז גיך פאַרביי דעם אַטריום און האָט באַמערקט אַ פּערזאָן מיט מאַיעסטעטישע באַוועגונגען און עלעגאַנטן אויסזען, ער האָט געטראָגן אַן אַש־גראָען מעלאָן־הוט, אַ קאַקי־מאַנטל, ווייסע האַנטשן און

שיך. זיינע גראָלעכע באַקן-בערדלעך זענען זיך צונויפגעקומען מיט די וואָנסעס; די האָר — פאַרקעמט אין סאַמע מיט, און אַן אַפּטייל, וואָס האָט דערגריילכט ביז אויפן קאַרק און איבער די אויערן זענען אים אַראָפּגעהאָנגען צוויי צעשויבערטע געפאַרבטע בינטלעך האָר.

—איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז, צום וויינקסטן, אַרויִסישער גענעראַל, צום סוף ביזטו עס גאָר, מיין טייערער פּולקאָווניק! וואָס פאַר אַ עלעגאַנץ! אויסער די גרענעצן פון דער וויליע האָב איך דיך נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געזען אַזוי.

טאָלעדאַ האָט נישט געוווּסט צו ער דאַרף זיין צופרידן, אָדער עס דאַרף אים גאָר אַרן די דאָזיקע מיינונג פון פירשט.

— אייער הויכקייט! כ׳האָב תמיד ליב געהאַט דעם שיך...

— מיט וואָס פאַר אַ דאַמע האָסטו עס גערעדט?...

— מיט דער אינפאַנטן. זי האָט מיר דערציילט דאָס זי האָט פאַרשפּילט זיבן טויזנט פראַנק, וועלכע זי האָט דערהאַלטן פון איטאַליע, און אַז זי דהאָט געוואַלטיקע דהוצאות און אַז...

— דאָס איז יענע, די מאָגערע מיטן גרויסן הוט, אַלאַקאַווּבאַי?... ניין, נישט די-אָ. כ׳מיין יענע. — „יענע” האָט ער נאָר געזען פון הינטן. זי האָט אים אָבער אַ שלאָג-געטון מיט איר שלאַנקייט און אויסזען פון אַ גרויסע דאַמע.

— אייער הויכקייט — האָט דאָן מאַרקאָס געמורמלט: דאָס איז דאָך די פירשטן דע-ליסל.

זיי זענען געוואָרן שטיל. פונקט ווי מען וואָלט איינעם געכאַפּט ביי אַ מיאוסן טאַט, און האָט צוגעגעבן:

— זי איז זייער אַ גוטע צו דער אינפאַנטן. זי מאַכט אירע

קינדער קליידלעך און ס׳דאַכט זיך מיר, אַז זי האָט אַפּילו גע־לייען וועש. איך, אַן אַלטער טרייער זעלנער, קאָן נאָר דאַנקבאַר צו איר אַ דאַנקבאַרקייט, וואָרום די אינפאַנטן איז דאָך אַ קעניגלעכע טאָכטער און אַ שוועסטער־קינד פון די הייליקן פערדינאַנד...

מיט אַ זשעסט האָט אים מיכאַל אַנטשוויגן נישט וועלנדיק מער הערן. ער האָט זיך געווענדעט צו קאַסטראַן, וועמען ער האָט אויך באַמערקט רעדן מיט עפּעס אַ דאַמע ביים אַריינגאַנג אין קאַסינאָ.

— זי איז אַ „גענעראַלאָווע”—האָט קאַסטראַ געענטפערט— ס׳איז אָבער נישט מער ווי אַן אינטימער צונאָמען. דאַכט זיך, אַז זי איז אַ פּירשטן. אַזוי טיטולירט מען איר. וואָרום זי קומט אין אַלע גרויסע ערטער. זי איז אַ גענעראַלאָווע פון דעם זעלבן מין, ווי ס׳זענען די געוויסע פּאָלקאָווניקעס...

דאָן מאַרקאָס איז נישט געווען זייער דערהויבן פון דער דאָזיקער מיינונג, אַטילאַ איז אין דעם אָוונט געווען שלעכט גע־שטימט, ער האָט אַוודאי געמוזט אַ סך פאַרשפּילן.

—מען רופט איר אַזוי דערפאַר, וואָס זי האַלט זיך מענע־ריש און איז אַ ביסל נישט צוגעהובלעוועט... אין דער אמתן הייסט זי קלאָרינדאַ. מיט אַליציאַן האַלט זי זיך נישט גוט אויף— זיי קענען אָבער איינע אָן דער אַנדערע נישט לעבן. זיי קריגן זיך, באַרעדן איינע די אַנדערע און נאָכדעם בעטן זיי זיך איי־בער, „וואָס מאַכסטו, מלאכל ?—צי ביסטו נישט בייז אויף מיר, האַרציניקע ?...”

דער פּירשט האָט געלאַכט, זעענדיק די באַוועגונגען און אַרט רעדן פון ביידע פרויען, וועלכע קאַסטראַ האָט נאָכגע־מאַכט.

—קלאָרינדע איז אַ דרום־אַמעריקאַנערן, אַן אַלמנה נאָך אַ פראַנצויז. רייך איז זי נישט, זי איז אָבער גענוג פאַרמעגלעך.

איך האָב דעם אײַנדרוק, אַז זי טוט זיך גיכער אָן עצה, ווי דער פירשט. זי איז אַ פרוי מיט אַ קאָפּ אויף זיך!

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן אויף אַ ווײַלע.

— היינט האָבן מיר צום ערשטן מאָל געהאַט אַזאַ לאַנגן שמועס. צי ווייסטו וועגן וואָס זי האָט מיך ס'ערשטע אַ פרעג געטון? פאַרוואָס איך בין נישט אויפן פראָנט. אומזיסט האָב איך אין איר אָרײַנגעטענהט, אַז איך בין אַ נייטראַלער, אַז די מלחמה גייט מיך ווייניק אָן. „כ'וואָלט געוועזן אַ זעלנער, ווען איך בין אַ מאַנספערשוין"—האָט זי מיר געענטפערט. און ווען דו וואָלסט אַ קוק געטון אויף איר ווי דאָס רעדט!

מיכאַל האָט אַ שמייכל געטון מיט פאַראַכטונג.

— וויפל מאָל כ'זאָל נישט רעדן מיט איר —האָט אַטילאַ ווייטער גערעדט: פיל איך ווי זי שטרענגט זיך אָן אַרײַנצובּרענגען אַ קאַלטקייט אין אונזערע באַציונגען. אָבער איך דאַרף דאָך גאָר זיין פריילעך.

שוין שיינע חדשים, ווי כ'האָב נישט געהאַט אַזאַ סצענע, כ'האָב געשפילט און זע! כ'האָב געהאַט זיבצן-טויזנט פראַנק! האָב איך זיך דערשלאָגן צו זעקס-און צוואַנציק טויזנט. ס'אַן אמת גליק פון אַ פאַרצווייפלטן געליבטן, אָדער פון אַן אומגליקלעכן מאַן!... און דאָך בין איך נישט צופרידן!

—ס'הייסט, אַטילאַ, אַז די דאָזיקע הערצאָגישע באַבע מיטן מעלאָדישן קולכל, האָט געווירקט אויף דיר — האָט זיך דער פירשט אָנגערופן מיט אַ טאָן פון פאָרוואורף: ס'הייסט דו גלייבסט אין ליבע, ווי אַ יינג מיידעלע!

קאסטרא האָט אָנגענומען אַ קאַלטע און קריגערישע שטעלונג. דער פירשט האָט געמעגט טראַכטן פון אים, וואָס ער וויל, אָבער מאַכן פון אָט דער פרוי אַן הערצאָגישע באַבע!... מיט וועלכע רעכט? האָט ער באַהאַלטן די אמתע סיבה פון זיין אומצופרידנקייט און זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט איצט חרטה

געהאַט אויף זיין לייכט-גלויביקייט.

איך גלייב נישט אין גאָרנישט! אַלץ איז שקר! ס'איז אָבער נישט קיין שכל צו לעבן, ווי אַ שטיין, אָדער אַ דהאָלץ. איך מוז אָבער האָבן ליבלעכע אילוזיעס, וועלכע זאָלן מיך פאַר-וויגן ביזן סאַמען טויט.

היינט ווען כ'האָב געוווּנען, האָב איך געטראַכט פון די „געגעראַלאָווע" און געטראַכט מיט אַן אמתער פאַראַכטונג, ווילנ-דיק מיט אַ ווילדער משוגעת זיך נוקם-זיין איבער איר, כ'דהאָב געוואָלט געוווּנען הונדערט טויזנט פראַנק, (און ווער ווייסט צי כ'וועל זיי נישט געוווּנען?) האָבנדיק זיי וואָלט איך אַרויסגיי-ענדיק פון קאַסינא, געקויפט אַ שנור פערל און געשיקט איר, אַנאָנים מיט אַ קאַרטל פון מער-ווייניקער אַזאַ אינהאַלט: „אַלס צייכן פון אַנטיפּאַטיע דעם מענטש, וואָס איז ווערט פאַראַכטונג און איז נישט נויטיק קיינעם".

—אָבער וואָס קענסטו געפונען אין דער ליבע?—האָט דער פירשט געפרעגט: וואָרום, דו מוזט דאָך צום ערשט וויסן, וואָס אייגנטלעך דאָס איז אַזעלכעס. אַלע יינגלישע אילוזיעס, אַלע פּאָעטישע באַגייסטערונגען זענען פאַרדרייטע וועגן, וועלכע פירן צו אַן איינציקן ציל: דער קערפּערלעכער אַקט. און די מאַנאָ-טאָנקייט זיינע, אַרט דיך גאָרנישט?

דעם פירשטס קול האָט באַקומען אַ טריבע אונטאָנאַציע, אַזוי ווי ס'וואָלט אַרויסגעגאַנגען אויס די חורבה פון זיין לעבן. הונדערטער פרויען האָט ער געטראָפן, וועלכע האָבן אין אים אויפגעוועקט פאַרלאַנגען. אַ פרויען-ווידערשטאַנד, דאָס איז געווען פאַר אים אַ פרעמדע זאַך. וואָרום זיי זענען אים תמיד אין אַלעם אַ קיינן געקומען, אַלע זענען געווען אַלץ-איינס! דערפאַר האָט ער געהאַלטן פאַר שכורע די יעניקע, וועלכע האָבן באַוווּנדערט פון דערווייטנס דאָס, וואָס איז פאַר זיי נישט געווען דערגרייכ-באַר. די שטערונגען האָבן געוועקט אין זיי דעם אומגעדולד.

ליידער האָט אים שוין קיין שום זאַך נישט געקענט פאַראינטע-רעסירן.

— דיר איינעם וועל איך מודה זיין, — האָט ער שטיל גע-זאָגט: ליבע און פרויען דערמאָנען מיך אָן דעם עלנט פון אונ-זער לעבן, פון אונזער עקזיסטענץ, אָן דעם אומפאַרמיידלעכן סוף, דעם טויט. פון דער צייט, וואָס איך האָב זיך באַפרייט פון דעם שקרדיקן כשוף, פיל איך זיך אַ ביסל פרייערער, זיכערער. איך פריי זיך פשוט מיטן היינטיקן מאָמענט...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און באַלד האָט ער צוגעגעבן אַן אומעטיקער:

— די פרויען-געזעלשאַפט ברענגט מיר דעם רעיון פון טויט, אונדז דאַכט, אַז מיר פאַרערן די העכסטע שיינקייט און — דריקן גאָר צו זיך אַ סקעלעט. דאָס בילד פון טויט רעגט אונז אויף און — די פרויען טראָגן אים אין זיך און צווינגען אונז צו פאַר-ערן אים.

קאַסטרא האָט כסדר געקוקט אויף לובימאָוון מיט אַ פאַר-חידושטע מינע. זיינע אויגן, וועלכע זענען געוועזן, ווי צוגע-בונדן צום פירשט, האָט זיך געדאַכט רעדן: „ער האָט פאַרלוירן דעם קאָפּ".

— דו רעדסט, מיכאַל, ווי אַ מענטש אַ פאַרזעטיקטער! — האָט ער אויסגערופן נאָך אַ לאַנג שטילשווייגן: וואָס קאָן מיך אָנגיין צו די פרוי טראָגט אין זיך אַ סקעלעט, אָדער נישט? איך טראָג דאָך אים אויך אין זיך און דאָס שטערט מיר אַבסאָלוט נישט צו געניסן פון די לעבנס-פאַרגעניגנס צווישן וועלכע מען געפינט די גרעסטע הנאה — דאָס צונויפטרעפן פון צוויי סקע-לעטן.

קאַסטרא האָט געשמייכלט און געקוקט מיט אַ חברישן רחמנות אויף זיין קאָלעגע.

— דו ביסט פאַרזעטיקט, זאָג איך דיר. דיר פעלט דער

אַפּעטיט און זעסט אַזוי נעבעכדיק דערפאַר, וואָס דו קענסט נישט פאַרדייען. נאָר, דו וועסט זיך אָבער אויסהיילן דערפון. דו ביסט נאָך צו יונג, אַז דו זאָלסט בלייבן אין דער דאָזיקער גסיסה דער אַפּעטיט וועט זיך אומקערן. איך ווינטש דיר, אַז דו זאָלסט אַמאָל טרעפן צו אַ געדעקטן טיש, אַז דו זאָלסט אַמאָל ליידן בוליב אַן אַפּזאַג. און דאַמאָלסט... דאַמאַלסט...

## V.

דאָן מארקאס האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען דעם פירשט אַזוי אין כּעס, ווי דאַמאָלסט, ווען מ׳האָט אים מודיע געווען, אַז די פירשטן דע-ליסל וואַרט אויף אים אין סאַלאָן.

—האָסט באַדאַרפט זאָגן, אַז איך בין אַרויסגעפאָרן, אויס-טראַכטן אויף אַ פרישטיק אין ניצע... איר האָט זיך זיכער ביידע אָפּגערעדט.

דער פּולקאָווניק, רויט פון געררירטקייט, האָט זיך פּרובירט פאַרענטפערן: אויב די פירשטן האָט זיך אַזוי פּלוצים דעצידירט צוקומען אין דער ווילע, מסתּמא האָט זי עס דאָך געטון דער-פאַר, וואָס זי האָט געוואָלט אויסמיידן וועלכע-ס׳איז פאַרמיטלונג צווישן איר און דעם פירשט.

אַריינקומענדיק אין זאַל, האָט דער פירשט געטראָפן אַלי-ציאַן שטייענדיק לעבן פענסטער, מיט אַ פאַרטראַכטן בליק אויפן גאָרטן און ים. ווען זי האָט זיך אויסגעדרייט, האָט מיכאַל גע-טראַכט, אַז ער וואָלט איר נישט דערקענט, אויב ער וואָלט איר אַזוי אָנגעטראָפן ערגעץ-אַנדערש-ווו. זי איז נישט ענלעך געווען צו יענע אַליציאַ, וועלכע ער האָט געזען ביים לעצטן מאָל אין איר „אַרבעטס-צימער״ אין דער אַלייע פון בולאָנער וועלדל, אין

צימער צווישן די כינעזישע זאַכלעך און אומגעזונטן ריח. ס׳זענען שוין אַריבער עטלעכע יאָר. און דאָך האָט זי אים אויסגעזען צו זיין יינגער און פרישער.

— אַזוי ווי איך האָב נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו קאָמוניקירן זיך מיט דיר, האָב איך באַשלאָסן אַליין צו קומען — האָט אַליציאַ געזאָגט, דריקנדיק אים די האַנט : ס׳איז אַפילו נישט קיין זייער פּאַסיקער אופן פון באַשטאַטן אַ וויזיט אַ מענטש מיט אַזאַ רעפּוטאַציע, ווי דו ; אָבער, נישט ווייניק פּרויען זענען דאָך שוין דאָ געווען פאַר מיר !...

זי האָט זיך שפּאַסיק צעשמייכלט ביי די ווערטער, נאָכדעם איז זי ערנסטער געוואָרן און האָט נישט דרייסט צוגעגעבן :

— איך קום מכח אַ געשעפט וועגן געלט.

און כדי צו קענען שמועסן מכח איר עסק, האָט זי אָנגעהויבן צו רעדן וועגן די שוועריקייטן, וואָס זי האָט געהאַט אויסצושטיין און וועלכע האָבן געפירט דערצו, אַז זי אַליין זאָל מוזן קומען צו אים.

דער פירשט קאָן זיין צופרידן מיטן אופן, ווי אַזוי עס פירט אויס די באַפעלן „זיין קאַמער-הער”. זייער אַן אָרנטלעכער דער פּולקאָווניק, אָבער אַ ביטערער מענטש. ער האָט אַפילו נישט געוואָלט אָננעמען קיין בריוו פון איר און נישט געוואָלט צעווייסן טון, אַז זי איז געקומען.

—כ׳האָב געקענט שרייבן אַפילו, כ׳האָב אָבער מורא געהאַט, אַז כ׳זאָל נישט בלייבן אָן ענטפער. דערפאַר האָב איך סוף-כל-סוף געמוזט באַשליסן זיך צו מאַכן דיר אַ באַזוך, אין דער האָפנונג, אַז דו וועסט מיך נישט אַרויסוואַרפן.

מיכאַל האָט אַ שמייכל געטון, מאַכנדיק אַ פּאַרדראָסיקע באַוועגונג, וואָס עס האָט געהייסן, אַז ער איז נישט מסכים.

—איך בין געקומען צו דיר מכח די חובות... די הלואות, וועלכע דיין מוטער איז אַזוי גוט געווען און מיר געגעבן. איך האָב אַליין נישט געוווסט וויפל זיי באַטרעפן. דיין הויפּט-סעקרע-

נאָר ד׳האָט געזאָגט, אַז זיי מאַכן אויס אַריבער פירד׳הונדערט טויזנט פראַנק. מסתמא איז אַזוי ווי ער זאָגט. אין די שווערע צייטן האָב איך געפּלעגט בעטן און די פירשטן וועלכע איז געווען אַזאַ איידעלע, האָט מיר געגעבן און קיינער פון אונז האָט נישט נאָכגערעכנט וויפל... איצט פאַרשטיי איך, וואָס פאַר אַ גוטע זי איז געווען.

אין אָנהייב האָט ל׳ובימאָוון די דאָזיקע נייעס זייער געוואונדערט. נאָכדעם האָט ער זיך דערמאָנט, אַז אויפן צעטל פון די בעלי-חובות, וועלכע די מוטער האָט איבערגעלאָזט, האָט אויך פיגורירט אַליציאַ. איבריקנס האָט ער שוין געהאַט פאַרגעסן אָן דעם, ווייל די אַלע פאַפּירן ד׳האָבן זיך געפונען ביים ד׳הויפּט-סעקרעטאַר.

— כ׳בין געקומען דיר זאָגן, אַז כ׳קאָן דיר איצט נישט צאָלן... און אפשר קיינמאָל נישט... כ׳בין געקומען דיך בעטן זאָלסט וואַרטן... בעטן דיך, אַז אָט דער אומפאַרשעמטער חברה-מאַן, וועלכער פאַרנעמט זיך מיט די דאָזיקע עסקים — ער זאָל מיך לאָזן צו רו.

אַזוי ווי דער פירשט ד׳האָט געשוויגן ד׳האָט זי צוגעגעבן:

— איך בין רוינירט.

— און איך אויך —האָט מיכאַל געענטפערט:—פון אונז אַלע איז אַ תל געוואָרן. ביים היינטיקן טאָג זענען רייך נאָר די יעניקע, וועלכע באַשעפטיקן זיך ביי דער מלחמה.

— דו ביסט רוינירט— האָט אַליציאַ פּראָטעסטירט: — דיין בויט איז נאָר אַ מאָמענטאַלע. מיט דער רוסישער זאַך וועט עס אַ ליאַדע טאָג ווערן גוט. אַחוץ דעם ביזטו דאָך דער פירשט ל׳ובימאָוו אַ באַרימטער מאַגנאַט. ווען איך וואָלט געטראָגן דיין נאָמען, וואָלט קיינער זיך נישט אָפּגעזאָגט מיר צו-באָרגן...

פלוצים איז פאַרשוואונדן געוואָרן פון איר דער דרייסטער שמייכל, וועלכן זי האָט צו געגרייט פאַרן טרעפן זיך מיט אים.

אירע אויגן זענען טריב געוואָרן, דאָס גאַנצע פּנים האָט זיך אויסגעשפּיצט.

— מיין רואינירונג איז אָבער אַ לעבעדיקער פאַקט. טו אַ קוק...

אָפּדעקנדיק דעם אויבערשטן טייל פון איר מאַנטל, האָט זי אים געוויזן אַ דריי־ווינקל פון איר גוף. ארום דעם ווייסן האַלדז איז געהאָנגען אַ שנור פּערל. מיכאַל, וועלכער האָט זיך אַ ביסל געקענט אויף די זאַכן (ווייל ער האָט גענוג צירונג צע־טיילט), האָט אין דער ערשטער רגע באַמערקט, אַז זיי זענען פאַלשע.

נאָכדעם האָט זי געוויזן די הענט. אויף אַן איינציקן פינ־גער זענען געזעסן צוויי אַריסטאָקראַטיש־איידעלע פינגערלעך אָן דעם מינדעסטן שטיין.

—דאָס קלייד איז אַ פּאַראַ־יאָריקס—האָט זי צוגעגעבן מיט אַ פינסטער קול, ווי אירינע, וואָס איז זיך מודה צו אַ גרויסע זינד: אין פּאַריז האָב איך שוין נישט קיין קרעדיט. געלאָזט דאָרט אַזויפיל חובות! איך בין אָרעם, מיכאַל, די אָרעמ־סטע פון צווישן אַלע פרויען, וועלכע האָסט נאָר אַמאָל גע־קענט!

— און דיין מוטער?

אינסטינקטיוו האָט דער פירשט געשטעלט די פראַגע.

— אַן אָרעמע פרוי! לאָמיר בעסער נישט רעדן פון איר!...

און הגם דאָס איז שוין געווען גענוג, האָט זי זיך אָנ־געהויבן באַקלאָגן אויף איר פילאַנטראָפּישע אויסברענגערישקייט. זי האָט אָפּגעגעבן מיליאָנען אויף אויפצושטעלן אין שפּאַניען אַ ריזיק שפּיטאָל, לויט דער עצה פון איר ודוי־פאָטער, אַראַגאָ־ניער. מ׳האָט גענוצט מערמל, ווי געוויינלעכע שטיינער. דער גאָרטן־טויער איז אויסגעשמידט געוואָרן פון באַרימטע קינסטלער. סוף־כל־סוף איז דער גלח מיד געוואָרן פון דער דאָזיקער פאַר־שווענדערישקייט און איז אַנטלאָפן, און די דאָזיקע געביידע איז

שטיין געבליבן נישט פארענדיקט און דאָס ריזיקע טויער איז געבליבן ליגן אויף דער ערד ווי אַ נוצלאָזע שטיק אייזן. שפּע־טער האָט דער „מאָנסיגנאָר”, אַ דאַנק דער פרייגיביקייט פון דער פרומער דאַמע, אָנגעהויבן אַרבעטן אין אַן אַנדערן ריכ־טונג. מ׳האָט באַדאַרפט פאַרבעסערן דעם גלויבן מיט דער הילף פון „גוטע ביכלעך”. און מ׳האָט אויפגעעפנט אין פּאַריז אַ בוכ־האַנדלונג צוזאַמען מיט אַ פאַרלאַג, אויסערגעוויינלעך הערלעך, מ׳האָט נאָך אַזעלכעס נישט געזען. ווו די ביכער זענען געלעגן אויסגעשטעלט אויף מאַהאָגנע פּאַכן און די בויגנס — אויף לאַ־קירטע ברעטער.

—און דיינע שאַכטן, דיינע גיטער אין אַמעריקע

די פירשטן ד׳האָט ווידעראַמאָל געמאַכט אַ פאַרצווייפלטע באַוועגונג. זי האָט גאַרנישט פאַרמאָגט. זי איז געווען אַן אָרעמע, קאַמפּלעט אָרעם.

— דו זאָגסט, אַז דו ביסט רויִנירט, אָבער אַ נויט איז געלט פּילסטו איצט אַ צוויי יאָר און אפשר נאָך ווייניקער. און איך, עטלעכע יאָר נאָך פאַר דער מלחמה, האָב איך שוין נישט אָנגעזען קיין גראָשן פון מיין באַזיץ. די גאַנצע וועלט פאַרנעמט זיך איצט מיט רוסלאַנד, מיטן באָלשעוויזם, ווייל דער דאָזיקער ענין איז נוגע גאַנץ אייראָפּע. און די רעוואָלוציע אין מעקסיקא וועלכע האָט זיך נאָך אָנגעהויבן פאַר דער מלחמה?

די אַגראַר־רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיך אויף די אַנדערע קאָנטינענטן קוים געלאָזט הערן, האָט ביי איר אָפּגענומען די ערד, אָפּנעמענדיק אויף אייביק דאָס אייגנטום - רעכט. די מעַ־טיסטן האָבן זיך איינגעטיילט מיט איר, אַזוי ווי זיי האָבן גע־וואָלט. ווו האָט מען זיך געקענט קלאָגן? די מעקסיקאַנישע רע־גירונג האָט נישט געהאַט קיין מאַכט. און די זילבער־נראָבנס, דער גרונט פון די באַריאָסאַווס ריזיקער פאַרמעג—האָט זיך נאָך געפונען אין אַן ערגערן מצב.

—אַן אינדיאַנער פון די אַזויגערופענע „גענעראַלן“, האָט זיך באַזעצט אויף דער טעריטאָריום פון די זילבער-גראַבנס און לאַכט פון דער גאַנצער רעגירונג. ווי איך האָב געהערט, הייסט ער זיך יעדן חודש אַרויסקראָגן פאַר אַ האַלבן מיליאָן פראַנק זילבער-שטאַבעס און שלאָגט פון זיי מטבעות מיט וועלכע ער צאָלט זיינע פאַרטיזאַנער. אַט די סיטואַציע געדויערט שוין אַזוי יאָרן. און איך, וועלכער זיץ אין אייראָפּע און ווער פון טאָג-צו-טאָג אָרעמער, מוז אויף דער צווייטער זייט ים, ליידן דעם גאַנצן פרייז פון אָט דער אומאויפהערלעכע קריג.

נישט-קוקנדיק דערויף, וואָס דער פירשט האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרנומען מיט זיינע געשעפטן, האָט ער דאָך געפּונען פאַר נויטיק צו געבן אַן עצה. מען דאַרף פאָרן אין די פאַרייניקטע שטאַטן, ווו זי איז געבוירן און דאָרט בעטן שוץ.

— כ׳האָב שוין דאָס געטון—האָט זי געענטפערט :—כ׳האָב אין ניו-יאָרק מענטשן, וועלכע אינטערעסירן זיך וועגן מיר. אָבער, מיינסטו דען, אַז זיי וועלן זיך שלאָגן צוליב מיר? מעגלעך, אַז כ׳וועל נאָך אַליין פאָרן, נאָר שפּעטער, ווייל כ׳פיל זיך איצט צו שוואַך אין די כוחות. איך האָב איצט אויסערגעוויינלעכע זאָרגן, וועלכע דערלויבן מיר נישט צו פאַרלאָזן פראַנקרייך.

אירע אויגן האָבן זיך פאַרנעפּלט. מיכאַל האָט זיך פּלוצים דערמאָנט אָן דעם בחורל, וועלכן קאסטרא האָט געזען אין איר געזעלשאַפט. אפשר איז ער דאָס דער יעניקער, וועלכער האָט אַזוי געווירקט אויף איר און ער שטערט איר דאָס צו מאַכן די רייזע.

—אַ ליבע!—האָט ער זיך אַ טראַכט-געטון: ליבע, דאַמאָלסט ווען די ייגנט איז שוין פאַרביי!

ווילנדיק אָוועקפירן דעם שמועס אויף אַנדערע וועגן, האָט איר מיכאַל אַ פרעג-געטון וועגן פירשט דע-ליסל. ער האָט געוווסט, אַז יענער איז געווען אין קריג און געדאַכט האָט זיך

אים דאָס ער האָט געהערט, אַז יענער איז געווען פאַרווונדעט, לעבט ער?

צו מיכאַלס גרויס פאַרחידושטקייט, האָט אַליציא גענומען רעדן פון איר מאַן מיט דרך-ארץ. אַמאָל האָט זי אים באַהאַנדלט מיט אַ געוויסע פאַראַכטונג, נאָר איצט האָט עס אויסגעזען, ווי זי וואָלט געביטן אירע —

— יאָ—האָט זי געענטפערט: ער איז אַוועק אויפן פראָנט. דו ווייסט דאָך, אַז ער איז עלטער פון מיר מיט גאַנצע צוואַנציק יאָר. זיין עלטער האָט אים באַפרייט פון דירעקטן אָנטייל אינם קריג; נאָר דערמאָנענדיק זיך, אַז אין דער יוגנט איז ער געווען אַן אָפיציר, האָט ער זיך צוגעשטעלט אַלס איינער פון די ערשטע פרייוויליקע.

ווען מען וואָלט עס געקענט איינפאַלן אויף אַ מענטש, וועלכער האָט געלאַכט פון אַלץ, וואָס איז נישט געווען פאַרבונדן מיט זיין עגאָיזם? ער האָט פאַרלוירן אַ האַנט און איז געווען אין אַ דייטשישן געפאַנגענער-לאַגער גאַנצע צוויי יאָר. ביים היינטיקן מאָמענט געפינט ער זיך אינטערנירט אין שווייצאַריען. ער פאַנגט פיש אין אַ זשענעווער טייכל און טראַכט פון מיר מער, ווי ווען-ס׳איז. יעדן חודש שרייבט ער. זיינע בריוו קאָן מען זאָגן, זענען ליבעס-בריוו. ווי דער דאָזיקער אומגליקלעכער האָט זיך דאָס געענדערט! ער שרייבט מיר, אַז ער האָט געקראָגן אַן אַנדערן בליק אויפן לעבן. ער פאַרהאָפט, אַז נאָכן קאַטאָקליזם, וועלכער וועט אונז זיכער מאַכן בעסער, וועלן מיר זיך קענען באַהעפטן און לעבן גליקלעך. יאָ! ווען איך וואָלט נאָר געוואָלט!...

— צי צוליבן מאַן ביסטו געגייט אָפּצולייגן די רייזע? — האָט דער פירשט געפרעגט, מאַכנדיק דעם אָנשטעל ווי ער וואָלט געגלויבט אין אַזאַ מעגלעכקייט.

די דאָזיקע פראַגע האָט איר אַ ביסל צעמישט. אָרעמער דע-ליסל... זי האָט איצט געהאַט אַנדערע זאָרגן. איר מאַן איז נישט געווען דער איינציקער, וועלכער איז אַוועק אויפן פראָנט. אַנדערע יינגערע, וואָס זענען נאָך שטאַרקער ווי ער געווען צו-

געבונדן צום לעבן, האָבן אויך דאָס זעלבע געטון. אָ! וויפל סודותדיקער טרויער די צייט האָט פאַרמאָגט!...

אַליציאַס אויגן זענען אָנגעפולט געוואָרן מיט טרערן און איר פּנים האָט זיך אויסגעקרומט פון אַן אמת אויפריכטיקן ווייטאָק!...

זיכער גייט עס דאָ וועגן דעם ליבהאָבער, דאָס יינגל, וועגן וועמען קאַסטרא דערציילט ־האָט מיכאַל געטראַכט.

און ווי טרעפנדיק זיינע געדאַנקען און וועלנדיק איר באַקעמפן, האָט אַליציא ווייטער גענומען רעדן וועגן איר שלעכטן מצב.

—כ׳האָב אַל״ץ פאַרקויפט מיט היזק און גענומען וויפל מ׳האָט מיר געגעבן, גאָרנישט זאָרגנדיק וועגן די באַדינגונגען. איך פאַרמאָג נישט קיין שום ביזשוטעריע מער. אַ טייל האָב איך פאַרקויפט אין פאַריז און דאָס איבריקע — דאָ... דו זאָגסט, אַז דו ביסט רויִנירט? ניין, דו האָסט נישט קיין באַגריף, וואָס דאָס הייסט אַזעלכעס; ניין, נישט אַזוי ווי איך, מיין בראָך איז לענגער ווי דיינער. כ׳וויל היך נישט נודיען מער מיט די אַלע איינצלהייטן פון מיין דלות. כ׳האָב שוין נישט אין פאַריז קיין שום הויז. כ׳וועל זיך פריער אהין נישט אומקערן, ביז וואַנען דער ענין מיינער וועט נישט זיין באַזאָרגט. כ׳פאַרמאָג נישט מער, ווי אַ ווילע, וועלכע כ׳האָב געקויפט נאָך זייענדיק רייך. לאָך נישט: זי האָט מער חובות אויף זיך, וויפל זי איז ווערט. אין אַ געוויסן שיינעם טאָג וועט מען מיך פון דאָרטן אַרויסוואַרפן. דאָס איז געוועזן אַ זייער ליבלעך הויז, אין די צייטן ווען קיין געלט האָט נישט געפעלט! אָבער איצט, ווען קוילן קאָסטן אַזוי טייער און די נעכט זענען קילע, באַדאַרף איך אויסגעבן אַן אוצר, כדי צו קענען דערברענען די גרויסע אויוונס. אַלס דינסט באַזיץ איך נאָך דאָס אַלטע שטוב-מיידל און דעם גערטנער מיטן ווייב, וועלכע קאָכן מיר מיטאָגן. אַלע צימערן זענען פאַרמאַכט. וואַלעריאַ און איך באַוווינען צוויי צימערן אויפן ערשטן שטאָק,

דאָרטן עסן מיר און שלאָפן... וואַלעריאַ איז אַ יינג פּאַריזער מיידל, וועלכע איז אונטער מיין אַפּיטרופּסות, ווי אָרעם זי איז ווען איך בין איר אפּיטרופּות !

—פונדעסטוועגן שפּילסטו נאָך!—האָט דער פּירשט זיך אָנ-גערופן.

די דאָזיקע ווערטער האָבן איר אויפגערעגט און זי האָט אויסגעזען ווי צעטומלט פון זיי.

— כ׳שפּיל. וואָס דען זאָל איך טון? כ׳דאַרף דאָך קעמפן, כ׳דאַרף דאָך פאַרדינגען אויף לעבן... צו וואָס פאַר אַן אַנדערע ואַך האָט זיך אַזאַ פרוי ווי איך צו נעמען? וועסט אפשר זאָגן, אַז כ׳פאַרשפּיל אַ סך? זיכער. כ׳האָב פאַרקויפט מיין האַלדז-באַנד פון אמתע פּערל און נאָך אַנדערע טייערע זאַכן. כ׳האָב פאַר-שפּילט גרויסע סומען, וועגן וועלכע איך וויל זיך גאָר נישט דערמאָנען. אָבער איצט ווייס איך שוין דאָס, וואָס איך האָב נישט געוווּסט ביז אַהער, איצט, ווען כ׳האָב שוין נישט קיין געלט.

לובימאָווין האָט פאַרוווּנדערט די זיכערקייט פון די דער-קלערונגען ביי אָט דער פרוי.

—בקיצור, וואָס פאַרלאַנגסטו פון מיר ?

אליציאַ האָט זיך ווי אויפגעוועקט פון אַ שלאָף. איר שמייכל איז געוואָרן חוצפּהדיק, פּונקט ווי ב״ים אָנהויב שמועס. דאָס איז געווען אַ שמייכל, וואָס מ׳זעט ביי די יעניקע, וועלכע קומען עפּעס בעטן און ס׳איז ביי זיי שוין אַ זיכערע זאַך אַז זיי וועלן אויספּועלן דאָס, וואָס זיי פאַרלאַנגען. שוין אין סאַמע אָנ-הויב האָט זי דאָך איבם געזאָגט : איר גייט אין דעם, אַז דעם פּירשטס הויפּט-סעקרעטאַר זאָל איר אויפהערן צו פּיי-ניקן.

— כ׳וועל דיר באַצאָלן ווען נאָר כ׳וועל האָבן די מעג-לעכקייטן... כ׳האָב אָבער מורא, אַז כ׳וועל נישט האָבן פון וואָס, באַטראַכט-זשע דאָס געלט פאַר פאַרפאַלן און הייס דעם אַנטיפּאַטישן פערשוין, אַז ער זאָל שוין אויפהערן צו שרייבן צו מיר.

—איבערגענומען פון דער פשוטקייט מיט וועלכער די דאָזיקע פרוי האָט פאָרמולירט איר בקשה, — האָט מיכאל זיך אָפּגערופן:

— גוט, כ׳וועל הייסן דעם אַנטיפּאַטישן מענטש, אַז ער זאָל דיך לאָזן צו רו, אַז ער זאָל פאַרגעסן אָן דיר.

— כ׳האָב דיך תמיד געהאַלטן פאַר אַ גוטן און גרויסמוטיקן, מיכאל; —האָט זי געזאָגט: איך דאַנק דיר!...

נאָר דער פירשט, ווען ס׳האָט שוין אַ לענגערע צייט פאַרנומען אַ געוויסער ענין, האָט איר מיט אַ מענערישער אויפריכטיקייט אַ פרעג-געטון.

—מ׳האָט מיר דערציילט פון אַ בחור, כמעט אַ יינגל נאָך מיט ווען דו פלעגסט, פאַר דער מלחמה, פאַרברענגען. דאָס איז דיין געליבטער געווען?

אויף דער דאָזיקער שאלה איז זי בלאַס געוואָרן און עס האָט אויסגעזען, אַז זי וואַקלט זיך. ס׳איז קענטיק געווען, אַז זי וויל זיך גערן פאַרענטפערן. צוויי מאָל האָט זי אָנגעהויבן רעדן און באַלד ביים אָנהייב געמוזט אויפהערן, שמייכלענדיק מיט אַן איינגעגעבן שמייכעלע.

—לאָמיר בעסער נישט רעדן וועגן דעם. יעדער האָט זיין געהיימניש.—און זי האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן דער שפּיל. נאָר דער פירשט האָט איר נישט געהערט, זייענדיק פאַרטיפט אין די געדאַנקען.

זעט אויס, אַז ער האָט געטראָפן. דער דאָזיקער עפּעס איז געווען איר געליבטער און צוליב דעם האָט זי געליטן, מעגלעך, אַז ער איז פאַרוואונדעט, אָדער אין געפאַנגען-לאַגער. דאָס איז געווען די גרויסע שטערונג, וואָס האָט איר נישט געלאָזט פאַרלאָזן אייראָפּע.

נאָנט פאַר די פערציקער, האָבן הינטער זיך אַ פאַרגאַנגנהייט, וואָס איז געווען כמעט אַ גאַנצע היסטאָריע און דערביי פילן אַ ליידנשאַפט צו אַ בחור, אַזאַ ־הייסע... גלויבן נאָך אין ליבע!...

מיכאל האָט געקוקט אויף איר מיט אויגן אין וועלכע עס איז געלעגן אַ שטיק פאַראַכטונג. ער האָט געפילט, ווי עס ער-גערט אים איר ליבע צו דעם בחור׳ל, הגם ער האָט נישט פאַר-שטאַנען פאַרוואָס... מעגלעך, אַז דאָס איז געווען די אויפרעגונג, וואָס דערוועקט זיך אין אַ מענטש בעת ער זעט, ווי עמעץ קריכט אום צווישן סכנות און באַמערקט עס נישט, אַ פאַקט איז אָבער, אַז אַליציאַס האַנדלונג האָט אים זייער שטאַרק פאַר-דראָסן.

און דער דאָזיקער פּלוצימער ווידערווילן צו דער פירשטן האָט געווירקט, אַז ער זאָל זיך צוהערן צו אירע רייד.

—אָך! ווען כ׳וואָלט זיך געפונען אין דער זעלבער סיטו-אַציע, וואָס אַמאָל, ווען די מוטער מיינע האָט נאָך געלעבט און ווען מיר האָבן זיך געטראָפן אין מאָנטאָ-קאַרלאָ! אָבער דאַמאָלסט האָב איך נאָך נישט געוווּסט דאָס, וואָס איך ווייס היינט. איך האָב געשפּילט, כדי זיך צופאַרטומלען, כדי צו זיין געראַכט פון די פאַרשפּילטע, וועלכע זענען מיר, וואָס דער אמת, זייער ווייניק אָנגעגאַנגען. כ׳האָב געשפּילט אויסשליסלעך נאָר מיט טויזנט-פראַנקיקע זשעטאָנען. כ׳האָב איינגעפונען, אַז כ׳וואָלט זיך פאַר-שמוצט אָנרירנדיק אַנדערע —

— וויפל האָסטו פאַרשפּילט?

זי האָט געצויגן מיט די אַקסלען, מאַכנדיק אַ פאַראַכטלעך פּנים.

—ווער קען דאָס געדענקען? ס׳זענען שוין אַריבער צוואַנ-ציק יאָר, ווי איך פאָר אַהער... זיכער מיליאָנען... אָבער דאַ-מאָלסט האָב איך נאָך גאָרנישט געקענט... איצט, אַז כ׳וואָלט געווונען, וואָלט איך שוין אַנדערש געשפּילט... מיר פעלט נאָר איין זאַך: קאַפּיטאַל. ווען איך וואָלט געהאַט געלט צו דער אַרבעט!...

דאָ האָט דער פירשט אויסגעבראָכן מיט אַן אָפנהאַרציק געלעכטער: „צו דער אַרבעט!..״ און די פירשטן האָט ווייטער

גערעדט מיט ערנסט וועגן איר אַרבעט: זי האָט זיך כסדר גע־קלאָגט אויף די קליינע מעגלעכקייטן, וואָס זי באַזיצט: אַן ערך דרייסיק טויזנט פראַנק, דאָס איז דער גאַנצער קאַפּיטאַל, מיט וועלכן זי דעספּאָנירט.

— אָ! ווען כ'וואָלט געהאַט געלט צו דער אַרבעט! ווען כ'וואָלט איינמאָל געקענט כאָטש אַריינגיין אין קאַסינאָ מיט אַ סומע פון אַ הונדערט-און פופציק טויזנט אָדער צוויי הונדערט טויזנט פראַנק... נאָר אויף אַזאַ אופן קען מען באַקומען מזל. מ'דאַרף שפּילן גרויס. און איך באַנוץ זיך היינט מיט הונדערט־פראַנקיקע, אָדער צוואַנציק־פראַנקיקע זשעטאָנען, ווי אַ פּרע־צענטניטשקע, וועלכע ציט זיך צוריק פון איר געשעפטן... און אַפילו דערביי מיידט מיך אויס דאָס מזל, אומאויפהער־לעך!

דער פירשט האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, ער האָט זיך אָפּ־געזאָגט צו שטיצן איר משוגעת. וואָלט דען נישט בעסער געווען, אַז זי וואָלט באַהאַלטן די עטלעכע טויזנט פראַנק, ווי פאַרלירן זיי, ווי ס'טרעפט גאַנץ אָפט, דאַמאָלסט ווען מען ריכט זיך צום חייניקסטנס דרויף?

— ווען עס גייט וועגן דער שפּיל, האָסטו אויף מיר גאָר נישט צורעכנען... אַ חוץ דעם בין איך אַ קבצן... אָט, דאַרף דער פולקאָוניק אומבאַדינגט היינט זהאָבן נאָך מער פון דיר. וואָס דער אמת, האָב איך אַליין חשק צו באָרגן ביי דיר דיינע דריי־סיק טויזנט פראַנק.

און ביידע האָבן זיך דערביי צעשמייכלט.

די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכע סיטואַציע האָט זיי פּלוצים אויפסניי פאַרחידושט. זיי האָבן זיך מיט אַמאָל דערפילט נאָענט איינער מיטן אַנדערן, ווי ברידער, וועלכע זענען אומגעריכט אַראָפּגעפאַלן פון אַ הייך, ווו זיי פלעגן זיך טרעפן און פאַרברענגען אומאַנגענעמע מינוטן און אַמאָל זיך אויך צע־שלאָגן.

אַלס יינגערמאַן פלעגט מיכאַל נישט ליידן דער דאננא

פאַרצערטעס טאָכטער, בלויז פאַר איר שטאָלץ און פאַר די מינע פון עפּעס העכערעס, וואָס זי פלעגט תמיד אויף זיך אַרויפציען. נאָר איצט, ווען זי איז געקומען אַזוי שטיל אָן יענער שטייפ-קייט, בעטן זיין מיטהילף, געקומען מיט ליבלעכן פנים פון אַ גוטע חברטע, וועלכע וויל פאַרגעסן די פאַרגאַנגנהייט — האָט ער דערפילט, ווי עס וואַכן ווידער אויף אין אים זיינע אַלטע פאַראורטיילן.

אין דער ליבע איז ער אייביק געווען דער באַשיצער,דער געליבטער אויפן מזרח־אופן, וועלכע איז זיך נישט פעיק צו פאַרנעמען מיט קיין אַנדערע פרויען ווי נאָר מיט די, וואָס גע-פונען זיך אין זיין אָרעם און וועלכע האָבן נאָר אים איינעם צו דאַנקען פאַר זיין גרויסמוטיקייט. דערפאַר האָט ער איצט דערשפּירט פאַר אליציאַן אַזאַ חברישן מיטגעפיל, זעענדיק, אַז זי דאַרף האָבן זיין שטיצע, ענדלעך צו דעם דאָזיקן געפיל, וואָס ס׳דערוועקן אין אים קאסטרא, דער פולקאָווניק און די אַנ-דערע שכנים פון דער ווילע סירענע. ער האָט אפילו גע-טראַכט, אַז דאָס אומגליק לאָזט זיך איבערטראָגן, איבערהאַלטן, אויב נאָר דער מענטש באַקומט דעם אייגנטימלעכן כאַראַקטער דערצו.

די דאָזיקע אליציאַ, וועלכע איז געווען אַזוי אומדערטרעג-לעך אין איר פייער-יוגנט, האָט גאַנץ מעגלעך געקענט ווערן איצט אַן אמתע חברטע, אויב נאָר זי האָט פאַרלוירן דעם שטאָלץ און יענע אַלטע רויקייט אירע.

געשרייען און פייפערייען, אַ טומל פון אַ דורכגייענדיקן צוג, האָט איבערגעריסן דעם פירשטס געדאַנקען. ס׳איז אַדורך אַ מיליטערישער צוג.

דער דאָזיקער טומל האָט צוריק אומגעקערט דעם פירשט די געפילן צו דער רעאַלקייט. צום ערשטן מאָל האָט זיך איצט געלאָזט באַמערקן די פאַרשווענדערישע סאָלידקייט און שטילקייט פון דאָזיקן גרויסן צימער.

זי איז אויפגעשטאַנען, כדי פון דער נאָנט צו באַטראַכטן

די לייוונטער געמעלן פון מאָדערנער מאָלער, וועלכע זענען גע־ווען צעהאָנגען אויף די ווענט. פאַר איר האָבן די אונטערשריפטן פון די קינסטלער מער געהאַט די ווערט ווי דער פאַקטישער ווערט פון די בילדער אליין.

— וויפל דאָס האָט געמוזט אָפקאָסטן! —האָט זי אויסגע־רופן.

— ווען כ׳וואָלט זיי נאָר געקענט דערהאַלטן! —האָט מי־כאל געענטפערט מיט אַ סקעפּטישן טאָן ; מעגלעך, אַז איך זאָל ויין געגייט צו פאַרקויפן.

די פירשטן האָט דורכן פענסטער באַטראַכט די גערטע־נער, וואָס האָבן זיך געצויגן ביזן ים אַזש.

— זיי אַ ווילע — האָט זי געזאָגט:—צו אַ קרובה, וועלכע איז דיך געקומען באַזוכן און וויַיזט איר דיין באַזיץ.

ס׳איז איר נישט געגאַנגען אין באַזען די ווילע, זי האָט זיך באַנוגנט מיט די גערטענער.

—איך מיין, אַז פון דיין זייט הייסט עס אַ סך, דאָס וואָס דו נעמסט מיך אויף ביי זיך. איך קען די גרענעץ פון מיינע רעכט. איך בין ש׳נאס לאַנד. דאָס הויז איז דאָך באַוווינט פון די „פרויען־פיינט“.

דער פירשט האָט זיך געמאַכט, ווי ער פאַרשטייט נישט. זיי האָבן שפּאַצירט איבערן גאָרטן. אַ מערמלנער באַנק, וועלכע איז אונטערגעהאַלטן געוואָרן פון פיר באַפליגלטע פיגורן — דאָס האָט צוגעצויגן דער פירשטנס אויפמערקזאַמקייט.

— געדענקסטו די „זקנים־באַנק?“—האָט זי אים פלוצים אַ פרעג־געטון.

מיכאל האָט נישט געוווסט, וואָס ער האָט צו ענטפערן. נאָר אין עטלעכע מינוטן שפּעטער האָט אים דער זכרון צוריק־געבראַכט יענעם געדענקלעכן אָוונט אין וועלכן ער האָט אַזוי ברוטאַל אָפגעשטופּט פון זיך אליציאַן.

—ווי דו האָסט עס דאַמאָלסט געמוזט לאַכן פון מיר! און ווי נאַריש האָב איך דיר דאַמאָלסט אויסגעזען!.. כ׳האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַז איך בין ווענערע—דאָס זויער־טייג דער וועלט.

אַלץ, וואָס האָט עקזיסטירט, מענטשן און זאַכן — אַלץ איז באַשאַפן געוואָרן צוליב מיר. מיין מיסיע איז געווען אָנצעוואַרפן זיך אויף די מענטשן מיט מיינע קאַפּריזן און די וועלט האָט זיך באַדאַרפט שטעלן פאַר מיר אויף די קניען, אויס דאַנקבאַרקייט, וואָס איך פאַראינטערעסיר זיך מיט איר... וואָס ווילסטו? דאָס איז געווען די שטאָלצע רייכע ייגנט, דער ייגנט-פרילינג, וועלכער האָלט זיך פאַר אַן אייביקייט. און דערנאָך... נאָכדעם... ווען כ׳וואָלט דיר דערציילט אַלץ, וואָס האָט מיר פאַרשאַפן עגמת - נפש, אַפילו דאַמאָלסט נאָך ווען כ׳האָב נאָך פאַר גאָרנישט באַדאַרפט זאָרגן... דער ווינטער פאַרווישט אַלערליי אילוזיעס...

— אָבער, דו ביסט נאָך נישט אַלט! — האָט מיכאַל אויסגערופן: — ווילסטו זיך אַליין גענאַרן, אָדער ווילסט שפּאָסן פון מיר. ס׳זענען נאָך פאַראַנען גענוג מענטשן, וועלכע זעענדיק דיך...

— עס קען זיין — האָט זי געענטפערט: אָבער דו, מיין טייערער, געהערסט נישט צו זיי: זיי דיך מודה. איך בין דיר קיינמאָל נישט געפעלן.

דער פירשט האָט זיך צו גאָר נישט געוואָלט מודה זיין און האָט אָפּגעווענדט דעם געשפּרעך אויף אַן אַנדערע זאַך. די דאָזיקע שמועסן איבער דער פאַרגאַנגנהייט, האָבן אים זייער אויפגערעגט. — גייענדיק צום טויער, האָבן זיי אָנגעטראָפן דאָן מאַרקאָסן, וועלכער איז אַן איילייקער נאַר-וואָס אַרויס פון גערטענערס הייזל. די פירשטן האָט אים דערלאַנגט איר האַנט, וועלכע ער האָט צערעמאָניעל געקושט.

— איך פאַרהאָף, אַז מיר וועלן זיך זען אין קאַסינאָ. — דער פירשט האָט געמאַכט אַ מינע, וואָס האָט געהייסן, אַז „ניין״ ער האָט זיך צופיל גענודיעט אין די שפּיל-זאַלן. ניין, ער האָט נישט בדעה אַהין צו גיין.

— כ׳וואָלט דיך געוואָלט דאָרט טרעפן... כ׳בין זיכער, אַז דו וואָלסט מיר געבראַכט גליק. — זי האָט זיך אַ לייכטן וואַקלגעטון. זי האָט מער נישט געוואָלט פאַרבלייבן אין דער חיליע

זירענע, ווו ס'האָבן זיך געפונען בלויז מאַנספּערשוינען. זי האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז זי שטערט זיי.

— קום מיך אין וועלכן מאָרגן באַזוכן. דער פּולקאָווניק ווייסט מיין אַדרעס. קום! וועסט לאַכן, זעענדיק ווי אַזוי איך האָב זיך איינגעאָרדנט.

זי איז צוגעגאַנגען צו אַ געדונגענעם פּיאַקער, וועלכער איז געשטאַנען פאַרן טויער און געוואַרט. און איידער זי איז איינגעשטיגן, האָט זי אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף צוריק און געזאָגט אין אַ דראָענדיקן טאָן:

— אויב וועסט נישט קומען, וועסטו מיך שוין מער נישט זעען. כ'וועל טראַכטן, אַז דו ווילסט איבערייסן די באַציונגען, אַז דו האַלסט מיך פאַר אַנטיפּאַטיש און אַז כ'בין נישט צודער־ליידן... איך דערוואַרט דיך.

זי האָט אַ פּאָכע געטון מיט דער האַנט — אויף ווידער־זען!

— כ'האָב שוין געהאַט גענוג! — האָט מיכאַל אויסגערופן, ווען ער איז געבליבן שטיין איינער אַליין.

די דאָזיקע אַנדערהאַלבן־שעהדיקע וויזיטע, האָט אים באַ־וויגן צו אַ געוויסע פּאָרזיכטיקייט, צו רעכנען זיך מיט ווער־טער, צו פאַרמיידן אויף להבא אַ צו גרויסע מאָס האַרציקייט, צו רעדן ווייניק, צו פאַרשווייגן אינגאַנצן דעם עבר. ער האָט גע־וואָלט האָבן די רו און דעם צוטרויען, וועלכע ער האָט געפונען אין דער געזעלשאַפט פון זיינע חברים.

ער איז געוואָרן אַ ביסל אומרויק, טראַכטנדיק וועגן זיי. ווי אַטילאַ וועט דאָס לאַכן ביים טיש! ער האָט געהאַט זיינע איראָנישע ווערטער: „אָן פרויען!" און אָט איז שוין געווען איי־נע, וועלכע האָט רעגירט מיט אים און וועלכע ער האָט זיך אונטערגעגעבן, אַ ביסל פאַרשעמט, ווי אַ קלויסטער־עלצטער, וועלכער מוז פאַרלאָזן די צעלע, כדי אויפצונעמען די קע־ניגין.

אַן אומרויקייט האָט אים געשטויסן צו פאַרפירן אַ שמועס

מיטן פולקאָוניק, וועלכער איז געגאַנגען אין דער זייט אַ שטיל־שווייגנדיקער, ווו איז קאַסטרא געווען?

— אין דער ביבליאָטעק מיטן לאָרד לעוויס. דער לאָרד איז געקומען צו פאָרן ווען אייער הויכקייט האָט זיך געפונען אין גאָרטן. ער איז געקומען אויף פרישטיק.

ווייל! ווען זי וועט זיין אָנוועזנדיק, וועט קאַסטרא בלויז רעדן איבער דער שפיל.—און ער איז געלאָפן באַגעגענען לעוויסן.

דער לאָרד לעוויס האָט פאַרבראַכט אין [illegible] שוין אַן ערך פינף־און צוואַנציק יאָר.

זענענדיק זיין טרויעריקן פליך־קאָפּ אַ געבויגענעם איבערן טיש, האָבן די קאַסינא־באַאַמטע זיך דערמאָנט אָן אַ דזשענטלמאַן, וואָס איז אַמאָל געווען פריילעך, געזונט און עלעגאַנט. ער איז געקומען צו פאָרן אויפן „בלאָען ברעג", אין איינע פון די ראָמאַנטישע רייזעס פון אַ בייראָנישן העלד און איז פון דאַמאָלסט אָן פאַרבליבן דאָרט.

די ליידנשאַפט צו דער שפיל איז פאַרבליבן ביים דאָזיקן מענטש, וועלכער האָט פאַרזוכט אַלע פאַרגעניגנס און איז פון זיי שטאַרק מיד געוואָרן — אָט די ליידנשאַפט איז פאַרבליבן די איינציקסטע הנאה, וועלכע האָט אים נאָך נישט אָנגעזעטיקט.

—פינף־און צוואַנציק יאָר!—האָט אין אַ געוויסן טאָג געזאָגט דער מרה־שחורהדיקער פירשט: און כ׳קען זיך נישט פאַרנעמען מיט עפּעס אַנדערש! מיין לעבן איז געענדיקט און איך בין זיכער, אַז מ׳וועט מיך דאָ באַגראָבן. דאָ וועט פאַרבלייבן אַלץ, וואָס כ׳האָב געירשנט פון מיין פאָטער און עטלעכע אַלטע מומעס... טיילמאָל ווען עס גיט פאַר מיר אַ בליק דער חשבון—האָב איך חשק צו אַנטלויפן... נאָר, ווען איך געפין זיך אין דער פרעמד, בין איך געוואַלטיק אויפגערעגט, ביז משוגעת, איך דערמאָן זיך, אַז כ׳האָב דאָ איבערגעלאָזט קרוב אַ מיליאָן און

כ׳פאַרשטיי, אַז כ׳דאַרף נישט רעזיגנירן פון אַזאַ גרויסן שאַנץ און כדי זיך אָפּצוגעמען, הייב איך אויפסניי אָן שפּילן און — פאַרשפּיל. און אַזוי וועט עס, מיין איך, גיין ביזן טויט אַריין. איבריקנס איז דאָך נאָך פאַראַן אַ שלאָס.

מיכאַל האָט געקענט דאָס שלאָס, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַן אלטן-שפּיץ, לעבן טורביע, דאָרט ווו ס׳זענען נאָך אי-בערגעבליבן סמנים פון די אַלטע רוימישע וועגן.

אין די ערשטע יאָרן פון זיין געפינען זיך אויפן בלאָען ברעג, האָט זיך דער עלעגאַנטער לעוויס דערשלאָגן פאַר עט-לעכע טויזנט פראַנק צו אַן אַלט חרוב-שלאָס. אַלס זון פון אַ באַרימטן היסטאָריקער, האָט ער צום אַנדענקונג פון פאָטער, באַ-שלאָסן עס צו רעסטאַווירן.

אויף דערויף האָט ער אַוועקגעגעבן אַ העלפט פון דער ירושה און פאַר דער צווייטער העלפט האָט ער געגומען שפּילן.— „מיט דעם, וואָס כ׳וועל געווונען—האָט ער צו זיך געזאָגט: וועט ער פאַרענדיקן דעם בנין.” אָבער דער שלאָס איז געבליבן לאַנגע יאָרן נישט פאַרענדיקט.

ווען די חברים זיינע האָבן אים נישט געזען אין מאָנטע-קאַרלאָ איז דאָס געווען אַ סימן, אַז ס׳האָט אים אויסגעפּעלט געלט און אַז ער געפינט זיך אין שלאָס, ווו ער באַטראַכט אַ מרה-שחורהדיקער די אַלע זאַכן, וועלכע ער האָט געזאָלט פאַ-ריכטן און באַנייען.

ער האָט געוווינט אין איינעם פון די פליגל ווו עס האָט זיך געפונען אַ וווינונג און האָט פאַרברענגט אין זיין איינזאַ-מען קאַמף מיט זיינע פויערישע שכנים, מיט סוחרים פון שטאָט און בכלל מיט אַלע מענטשן, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, וועלכע האָבן געהאַלטן, כמעט ווי אַ מצוה צו עקספּלאָאַטירן אים און צו פּייניקן מיט פאַרשידענערליי אופנים.

ווען מ׳האָט אים פון ענגלאַנד געשיקט אַ טויזנט, אָדער צוויי טויזנט פונט, האָט ער אַ שטאָלצער פאַרלאָזט די אַלפּן-שפּיצן און געגומען גלייך גיין אין קאַסינאָ אַריין. אים האָט

זיך געדאַכט, אַז ער האָט אין לעבן אויסצופירן אַ גרויסע מיסיע. דאָס מאָל וועט ער שוין אָפּהאַלטן אַ נצחון! און ווען ס'ד'האָבן זיך אָן אַ שיער איבערגעחזרט די דורכפאַלן, ווען עס האָט זיך געענדיקט דערמיט, וואָס ער האָט פאַרשפּילט — האָט ער זיך אומגעקערט אין זיין פּעדאָדאַלער העק און גענומען פונדאָסניי וואַרטן אויף די געלט־אָנווייזונגען, וועלכע זענען מיט יעדעס מאָל געוואָרן אַלץ ש.וערער און זעלטענער און ער האָט אָנגעהויבן פירן אַ מאָנאַכן־לעבן.

דערזעענדיק לעווישן, וועלכן ער האָט שוין נישט געזען גאַנצע צוויי יאָר, האָט דער פירשט געמוזט אויסבאַהאַלטן זיין פאַרחידושקייט. די העלע, רויקע און ליבלעכע אויגן, זענען געווען די איינציקע, וועלכע ד'האָבן דערמאָנט אָן די פאַרלוירענע פרישקייט ביי דעם אַלטן, קרעפטיקן און עלעגאַנטן דזשענטלמען. ער איז געפּערלעך מאָגער געוואָרן. אויף זיין פּליך זענען קענטיק געווען ווי אַן איבערבלייבעכץ, שיטערע בערגלעך פון אַן אַש קאָליר.

בעתן פרישטיק, האָבן לעוויס, קאַסטרא און ספּאָדאַני, מיט אַנאַנדער געשמועסט. זיי האָבן גערעדט וועגן דער שפּיל און איבערן קאַסינא. לעוויס האָט געדענקט אַ פינף־און צוואַנציק יאָר געשיכטע פון קאַסינא. עפּעס אַן ענגלענדער איז אַרויסגעפּאָרן מיט אַ גאַנצן מיליאָן, און אַן אַמעריקאַנער האָט, אויף געבאָרגטע פינף לודוויקן, געוווּנען צען טויזנט פונט ענגלישע פונטן... און ס'זענען געווען חוצפּהדיקע לייט, וואָס האָבן זיך נישט געשעמט צו זאָגן, אַז אַלע שפּילער, אָן אונטערשיד, מוזן פאַרשפּילן!

נאָכן פרישטיק האָבן זיי געפירט דאָס געשפּרעך און אַמאָל ביים קאַווע־טרינקען, רעדנדיק איבער די יעניקע, וואָס שפּילן אין פּריוואַטע הייזער, וואָס שטעלן אין קאָן די גרעסטע סומען. אַ טייל נעמען זענען אַרויסגערעדט געוואָרן מיט אַ געווויסן דרך־ארץ, פונקט ווי ס'וואָלט דאָ געווען אַ רייד וועגן קינסטלער, וועלכע מ'באַדאַרף באַוווּנדערן.

— דער דאָזיקער קען שפּילן, — דאָס איז געווען דאָס

איינציקע, וואָס מ׳האָט געקענט זאָגן וועגן אַזעלכן. דאָס, וואָס האָט מיכאַלן פאַרשאַפט הנאה, איז געווען דאָס, וואָס לעוויס האָט זיך אויך פאַרעכנט צו די מייסטער, וואָס „קענען שפּילן", דאַמאָלסט ווען ער פלעגט פאַרשפּילן צוגלייך מיט אַלע איגנאָ-ראַנטן.

דער גאַנצער פאַרדינסט זייערער האָט געשטעקט אין דעם וואָס זיי האָבן געקענט אָפּשלעפּן דעם לעצטן מאָמענט פון זיי-ער אומבאַדינגטער צערוינירונג, זיי האָבן געקענט פאַרלענגערן זייער הילפלאָזיקייט און עלטערן זיך, ווי תפיסהניקנס אינם שאָטן פון אַ פעלזיקע וואַנט.

דער פירשט האָט זיך געוואָגט צו פרעגן:

— און ווי אַזוי שפּילט מיין קרובה, די פירשטן רע-ליסל?

אַטילאָ האָט געקוקט אויפן פירשט אָן בייזקייט, זייענדיק פאַרנומען מיטן איינדרוק, וואָס ס׳האָט אַרויסגערופן דער פירשטנס נאָמען. ער האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט, ווייל לעוויס, וועלכער האָט נישט געקענט ליידן קיין פרויען, באַזונדערס צוליב זייער שפּילן—ער האָט אים נישט געלאָזט גאָרנישט רעדן.

זיי פאַרנעמען נאָר אַן אָרט און מיט זייער גערוועישקייט און באַוועגלעכקייט, צעשטערן זיי די קאָמבינאַציעס ביי די מע-נער.

—זי שפּילט ווי אַ נאַר—האָט ער געענטפערט ברוטאַל:— אָדער בעסער געזאָגט: ווי אַ פרוי, וויפל האָט זי שוין פאַרלוירן אָן אַ שום זין!..

דער שמועס איז איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ רעש פון אַן אַדורכפאָרנדיקן צוג, באַגלייט מיט געשרייען און פייפערייען דאָס זענען געווען ענגלענדער, וואָס זענען געשיקט געוואָרן קיין איטאַליען.

דאָ איז דער שמועס אַריבער וועגן דער מלחמה. לעוויס, וועלכער האָט ביים טיש אַ סך געטרונקען, האָט זיך דערמאָנט, רעדנדיק איבער דער שפּיל, וועגן דער פּוסטקייט פון זיין אייגן לעבן און פלוצים איז ער אַריינגעפאַלן אין אַן אומעט פון אַ

שיכּור אַ מרה-שחורהניק און פֿול מיט ווירדע.

— מיינע צוויי שוועסטער-קינדער זענען פֿאַרלוירן געוואָרן אין די יוטלענדישע ים-קאַמפֿן. מיין ברודערס זעקס זון זענען געפֿאַלן אין פֿראַנקרייך, אויך אין זעלבן טאָג: זיי האָבן אַלע אָנגעקערט צו איין באַטאַליאָן. אַלע זענען געווען יינגע און פֿריילעכע. און איך בין דער איינציקער מאַנספּערשוין אין דער משפּחה וואָס איז נוצלאָז, אַלט, קיינעם נישט באַדערפֿטיק. וואָס פֿאַר אַ חוזק!... מאָדנע איז דאָס לעבן. און די צייט פֿאַרגייט אָן שום באַזונדערע נייעס און מיט אַמאָל ווערט אַ שעה וויכטיקער, ווי אַ חודש, אַ טאָג וויכטיקער פֿון אַ גאַנץ יאָר און די געשעענישן, וואָס האָבן אַמאָל באַדאַרפֿט פֿאַרנעמען אַ גאַנצן יאָר-הונדערט, געשען היינט אין משך פֿון געציילטע רגעס. אַלץ איז פֿאַרלוירן! ס'איז מיר איבערגעבליבן נאָר איין קוזינע, אַ באַרמהאַרציקע שוועסטער, מאַרי. זי איז דאָ, דאָ. איר רעגירונג האָט איר בגוואַלט אַרויסגעשיקט אַהער, כּדי זי זאָל זיך אָפּרוען און קומען אַ ביסל צו די כּוחות. זי אָבער אַנטלויפֿט, פֿאָרט קיין מענטאָן, קיין ניצע, אומעטום ווּ ס'זענען נאָר פֿאַראַן פֿאַרוווּנדעטע, זי וויל נישט פֿאַרלאָזן איר דינסט. וואָלט זי כאָטש געוואָלט חתונה האָבן פֿאַר אַ מאַן? ניין, זי וועט שטאַרבן ווי יענע. און איך וועל בלייבן אַליין און בלייבן אַ לאָרד, דער דריטער לאָרד לעוויס, ווייל ס'איז געווען לאָרד לעוויס אַ היסטאָריקער, לאָרד לעוויס אַ קאָלאָניען-גובערנאַטאָר און אַ לאָרד לעוויס, וואָס טויג צו גאָרנישט!...

די געזעלשאַפֿט האָט אים געענטפֿערט מיט אַ האַרציקן פּראָטעסט, אַוודאי איז דאָס אומגליק פֿון דיין פֿאַמיליע גענוג גרויס נאָר מ'דאַרף זיך נישט אַזוי איבערנעמען...

— אויב וועסט מיר דערלויבן, פֿירשט—האָט דער ענגלענדער געזאָגט, בייטנדיק דעם שמועס:—וועל איך דאָ וועלכן טאָג אַהערברענגען מיין קוזינע, כּדי זי זאָל זיך אָנזען מיט דיינע גערטנער. זי האָט דאָס אַזוי ליב!

נאָכדעם האָט לעוויס באַקומען אַ ווילן אַוועקצוגיין. ער האָט זיך באַדאַרפֿט פֿאַרגעסן און ער האָט געוווּסט ווּ מען קען

געפונען פאַרגעסונג. קאַסטרא און ספּאַהאָני האָבן זיך איבערגע-קוקט מיט אים.

— ווען מיר וואָלטן אַזוי פֿריינגעגאַנגען אין קאַסינאָ ! — האָט ווער פון זיי פאַרגעלייגט.

און אַלע דריי זענען פאַרשוווּנדן.

דער פּולקאָווניק איז אויך אַרויס און דער איינציקער איז איבערגעבליבן נאָוואַ, וועלכער האָט דעם איבריקן האַלבן טאָג פאַרבראַכט שמועסנדיק מיטן פירשט, באַטראַכטנדיק דעם זון-אונטערגאַנג און באַזונדערס ביים לייענען.

בלויז קאַסטראָ אַליין האָט זיך אומגעקערט פאַרן מיטאָג. ער איז געווען אומעטיק. ער האָט געפייפט און זיין שמייכל האָט דערמאָנט אַ גרימאַסע.

אַ פּאַסקודנער טאָג ! אַלץ פאַרשפּילט! מאָרגן וועט ער זיך מוזן גאָרגן, כּדי צו קענען ווייטער פירן די „אַרבעט".

מיכאַל האָט פּלוצים געהאַט אַ פאַרלאַנג צו רעדן מיט אים וועגן דעם פרימאָרגנדיקן וויזיט, רעדן מיט אים אָפן איז גלייכער ווי אויף וועלכן-ס'איז אַנדערן אופן.

— יאָ, כ'האָב איר געזען—האָט קאַסטרא געזאָגט:—כ'האָב אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער ווען איר האָט שפּאַצירט אין גאָרטן.

דער פירשט האָט אויף אים אַ קוק-געטון, זייענדיק פאַר-וווּנדערט פון זיין לאַקאָניזם. צי האָט ער מער נישט גע-האַט, וואָס צו זאָגן ? ער האָט שוין בעסער געוואָלט הערן אָפּ-הוזקן.

— און פאַרוואָס, צום טייוול, האָט זי, די קרובה דיינע, נישט געזאָלט קומען—האָט קאַסטרא ווייטער גערעדט: ס'איז אַן אומגעמעגלעכע זאַך, אַז מ'זאָל פון צייט-צו-צייט נישט מוזן רעדן מיט אַ פרוי, זאָל זיין צוליב בלויזע פריינטשאַפט. עס איז אומ-מעגלעך צו לעבן אַזוי ווי דו האָסט געוואָלט דאַמאָלס, בעת דיין צוריק-קומען.

—צו מיינסטו דען אין דער אמתן, אַז איך קען זיך פאַר-ליבן אין אַליציאַן?—און דער פירשט האָט לאַנג געלאַכט, ווי ער

וואָלט זיך נישט געקענט באַרויקן נאָך אזא נאַרישן אוןווילדן געדאַנק.

— דאָס איז שוין דיין זאַך — האָט אטילא געענטפערט:— כ׳וויל דיר נאָר זאָגן, אַז מיר קענען לענגער אזוי נישט פאַר-בלייבן קיין „פרויען-פיינט״. טו אַ קוק אויפן פולקאָווניק, דיין רעכטע האַנט און ער פאַרלאָזט דיך. זע: ווי לאַנג קען דאָס אזוי לויפן אין גערטנערס הייזל. ער דאַרף רעדן מיטן גערט-נערס טאָכטער, אַ ראָצערן, וועלכע ער האָט געזען קריכן אויף אַלע פיר; זי איז אָבער גענוג ליבלעך און איז שוין אַלט זעכצן יאָר. זי אַרבעט אין מאָנטא-קארלא ביי אַ מאָדיסטן און היט די מאָדע ווי אַן אמתע פריילן. דער פולקאָווניק קויפט איר במתנה שיכלעך אויף הויכע קנאַפלען, קורצע קליידלעך, בלוזקעס, היטן און האַלדז-בענדער פון פאַלשן בורשטין. אויף דערויף גיט ער אויס דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער באַקומט פון דיר. טיילמאָל, גייט ער איר נאָך אין די גאַסן פון דער ווייטנס, באַוווּנדערט אירע באַוועגונגען און אירע זיידענע זעקעלעך... באַאַרבעט רויק דיין גאָרטן. שמייכל, ווי אַן אידיאָט, ביים געדאַנק פון קומענדיקן שניט.

אין אַ געוויסן זונטאג, אויפשטייענדיק, האָט דער פירשט פלוצים ווי באַקומען אַ חשק צו זינגען. די פייגל, פאַרכשופט פון דעם וואַרעמען פרילינגס-טאָג אין מיטן ווינטער, האָבן פון אין דער פרי אָן געטשוויטשערט אויפן דאַך פון דער ווילע.

# VI.

ער האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער פון זיין צימער דער ים, אָן אַ שום סימן פון אַ זעגל אויפן גאַנצן האָריזאָנט, האָט געטריבן ברייט זיינע כוואַליעס... די מעוועס האָבן זיך געהויבן אין דער לופט, כדי צוריק אַראָפּצופאַלן און צו טיקן זיך אין וואַסער.

זאַמד - בענק האָבן באַשיינט דעם ברעג. אַרום די שלון האָבן געראַשט ווייטע שוימען, לויכטנדיק, וואָס האָבן זיך נישט אויפגעהערט אָנצושלאָגן אָן די אונטערוואַסערדיקע רימן.

גיך איז דער פּירשט אויפגעשטאַנען און זיך אָנגעטון. ער האָט באַקומען אַ פאַרלאַנג אַוועקצוגיין, ווי ס'וואָלט אים פּלוצים ענג געוואָרן אין זיינע גערטענער.

מיט גיכע טריט איז ער אַריבער דאָס טויער און אַוועק קיין מאָנטא-קאַרלאָ. ער איז פאַרביי די ווילע און די גערטע-נער מיט אַ פלינקייט, ווי זיינע פיס וואָלטן באַקומען עפּעס נייע כוחות אָנרירנדיק די ערד, ער איז געגאַנגען גרינג פונקט, ווי די שווערקייט וואָלט פאַרלוירן איר וואָג אין דער דאָזיקער פריי-לינגסדיקע אַטמאָספערע.

ער האָט זיך פאַרהאַלטן אין שטאָט, ביים קלויסטער פון הייליקן קאַרל. דורך די טיר זענען אַרויסגעשווומען בלומען-ריחות גלאַנצן פון ברענענדיקע ליכט, געראוישן פון אָרגלען און מיירלישע קולות.

די נשמה זיינע אַ יינגע און אַ לייכטע פון באַלד אין דער פרי, האָט אים געשטויסן אויף די טרעפּ אַרויף צווישן דער ונטאגדיקער מאַסע. ער איז געווען אַ קאַטויל נאָכן פאָטער, אַ פּראַוואָסלאַוונער נאָך דער מוטער און אַליין האָט ער נישט גע-האַט קיין שום גלויבן. האָט ער זיך דערפאַר צוריקגעצויגן אין שאָטן און ווייטער גענומען שפּאַצירן.

— אָ, ליידי ! וואָס מאַכט איר ?...

דאָס איז געווען לעווים קוזינע. צוויי האַלבע טעג האָט זי געהאַט פאַרברענגט ביים פירשט, אַדורכלויפנדיק די גערטע-נער פון דער ווילע סירענע. זי איז געווען געפּערלעך מאָגער און ס׳האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז אָט-אָט גייט זי אויס פון שווינד-זוכט.

איר עלטער האָט מען נישט געקענט דערקענען. די אויגן נאָר האָבן אויפגעהאַלטן אַ פרישקייט אין זיך. זיי האָבן נאָך געהאַט דעם נאַיוון גלאַנץ פון דער ערשטער ייגנט און האָבן געקוקט אָפן מיט אַ פאַראַכטונג און גלויבן. זי איז נאָר-וואָס אַרויס פון אַ גרויסן האָטעל, וואָס איז איבערגעענדערט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל און זי האָט געוואַרט אויף אַ טראַמוואַי, וואָס גייט קיין מענטאָן.

ס׳זענען אָנגעקומען נייע פאַרוווּנדעטע און דאָס אויספעלן פון סאַניטאַרנס, האָט גענויט די דאָקטוירים אָנצונעמען איר מיטהילף. זי האָט געפילט אַ גרויסע פרייד, טראַכטנדיק וועגן די שווערע אַרבעט, וואָס עס דערוואַרט איר, וועגן די שלאָפלאָזע נעכט און די אָנגעשטרענגסטע קאַמפן, כדי כאָטש אַרויסצורייסן עטלעכע מענטשן פונם טויט.

זי האָט געוואָלט איבערקומען דאָס דאָזיקע שטיקל וועג, ווי צום גיכסטן פונקט, ווי זי וואָלט זיך געאיילט אויף אַ פאַר-

ווײלונג. און זעענדיק דעם טראַמוואַי אָנקומען, האָט זי זיך כמעט מיטן גאַנצן כח געדריקט דעם פּירשטס האַנט.
— כ׳וועל נאָך אויסנוצן אײַער דערלויבניש. דאָס צווייטע מאָל וועל איך שוין באמת פּוסט־און פּאַסטעווען. איך דאַרף האָבן בלומען... אַ סך... אַ סך... ווען דער פּירשט וואָלט געוווּסט וואָס פֿאַר אַ שׂמחה ס׳איז בײַ די עלנטע נעבעך ווען כ׳שטעל בײַ זײַער בעט אַוועק בלומען. טייל דאָקטוירים זענען נישט זײַער צופֿרידן דערפֿון, זיי מיינען, אַז דאָס איז נאַרישקייטן... לייַ־דער! האָבן מיר שוין צושטאַרבן, זאָלן מיר זײַן אַרומגערינגלט מיט אַ געוויסע פּאָעטישקייט... זאָלן מיר זעען זאַכן, וואָס דער־מאָנען אונז אָן זײַער עבֿידה. דאָס ברענגט דאָך קיינעם קיין שאָדן נישט.
ווײַטער איז שוין לובימאָוו געגאַנגען מיט ווייניקער לײַכט־קייט. דער דאָזיקער באַרמהאַרציקער אַמאַזאַנע האָט זיך אײַנגע־געבן צו צערײַסן דעם ראָזן פֿאָרהאַנג, וועלכן ער האָט געהאַט פֿאַר די אויגן פֿון באַגינען אָן.
ער האָט אָנגעהויבן צו זעען זאַכן אויף וועלכע ער האָט ביז אַהער געקוקט מיט אַ גלײַכגילטיקייט. אַלע גרויסע האָטעלן זענען איבערגעאַנדערשט געוואָרן אויף שפּיטעלער. די ווערענ־דעס, לאַנגע באַלקאָנען זענען פֿאַרנומען געווען פֿון מענטשן, וואָס האָבן זיך געוואַרעמט אויף דער זון. דאָס זענען געווען פֿאַרוווּנדעטע מיט ווײַסע באַנדאַזשירטע קעפּ און הענט, אָן פֿיס און אַנדערע, וואָס זענען געלעגן אומבאַוועגלעך, ווי די מתים אין די אנאַטאָמישע זאַלן.
אויף די טריטואַרן דאָט מען געקענט טרעפֿן מענטשן פֿון פֿאַרשידענע נאַציעס: אָפֿיצירן פֿראַנצויזישע, ענגלישע, סער־בישע און רוסישע רעגירונגס־אָפּאָזיציאָנערן, די דאָזיקע גאַנצע פֿאַרשידנקייט פֿון מונדירן, האָט דעפֿילירט פֿאַר אים פֿאַרבײַ; העל־בלאָ יבשה־מיליטער, די העל־ברוינע קאָליר פֿון די אַפֿרי־קאַנישע פֿאָלקן, געלע היטלען פֿון אויסלענדישן לעגיאָן און שי־סער־אָפּטיילונגען.

דאָס זוניקע לאַנד פון די בלאָע שמייכלדיקע האָפנונגען, האָט אויסגעזען צו זיין באַוווינט פון אַ באַפעלקערונג, וואָס איז איבערגעקומען אַ קאַטאַסטראָפע. עלעגאַנטע אָפיצירן מיט אויסגעצויגענע פיס, זענען געגאַנגען פאָרזיכטיקע אויף הויכע קנאָפלען, אָדער אָנגעלענטע ווי אַלטע לייט, אויף שטעקנס, אַטלעטישע פיגורן האָבן זיך גערוקט מיט ציטערדיקע טריט, מיט פעלנדיקע פינגער ביי די הענט, מיט געקירצטע אָרעמס. אויף די באַקן, הינטער וואַטע, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן די ריסן, וואָס זענען געקומען פון שראַפּנעלן. מאומדיקע לעכער, אויפן אָרט פון די נאָז, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף בענדער, וואָס זענען געווען פאַרצויגן אויףביידע אויערן. פון הינטער די באַנדאַזשן האָבן זיך בלויז אָפּגערעזען די אויגן, די אָרעמע אויגן... אַנדערע האָבן אויסגעזען אינגאַנצן געזונט צו זיין. זיי האָבן פאַרמאָגט אין זיך די גאַנצע קראַפט און די לייכטקייט פון דער יוגנט... זענען אָבער געגאַנגען אונטערגעפירט פון הענט, טאַפּנדיקע מיט אַ שטעקן פאָרויס, די ערד; זייערע אויגן זענען געווען פאַרשטעקט אין די אייביקע נעכט...

און די דאָזיקע גאַנצע פראָצעסיע, פול מיט רעזיגנאַציע, האָט זיך געצויגן פון די גערטענער, ווו זי האָט זיך אָפּגעפריט מיטן פרימאָרגנדיקן אָטעם, פילנדיק זיך געשטאַרקט און מיט חשק צום לעבן.

מיכאל האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף די סאַמע הויך פון גאָרטן, כדי צו קענען זעען פון דערווייטנס דעם קאַסינאָ. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געפילט אַזאַ איבל צו אָט דעם פּאַלאַץ, וואָס איז געווען דאָס האַרץ פון מאָנאַקאָ.

ווען דער דאָזיקער „צוקער־דיקער בנין" — ווי קאַסטרא האָט אים גערופן, ווען ער זאָל פאַרמאַכן זיינע טירן, וואָלט גאַנץ מאנטא־קארלא באַדראָט געווען פון אַ געפערלעכע איינזאַמקייט, פּונקט ווי אַ טייל שטעט, וואָס זענען אין די פאַרגאַנגענע יאָר־הונדערטער געווען פאַרטן און ווייט שלאָפן זיי,

אומבאַוווינט, ווייט פון דעם ים, וועלכער האָט זיי פאַר־לאָזט.

מיכאַל האָט געזען ווי ס'איז אָנגעקומען אַ מענטשן־כוואַ־ליע ניכט ווייט פון אָרט וווּ ס'האָט זיך געפונען דער מוססעט־הינקמאָל. עטלעכע טראַמוואַיען זענען אָנגעקומען פון ניצע. אַלע רייזנדיקע האָבן זיך געאײַלט, ווילנדיק נישט־פאַרשפּעטיקטע אָנ־קומען אין קאָלירטן פּאַלאַץ, פּונקט ווי דאָס מזל וואָלט שוין מיד געווען וואַרטנדיק אויף זיי אין די זאַלן און זי וואָלט זיך געגרייט אַ ליאַדע מינוט צו אַנטלויפן.

ער האָט געקוקט אויפן זייגערל. ס'איז געווען צען. יעדן טאָג הייבט זיך אָן די תפילה אין דער צייט אין די דאַווגער, וועלכע ווינען אין מאנטא-קארלא, פּונקט ווי די אָנגעקומענע, לויפן זיך איצט אָן פון אַלע זייטן. אַלע צוזאַמען זענען אַרויף אויף די מערמעלנע טרעפּ.

—ס'איז דאָך אַ מלחמה!—האָט מיכאַל געגומען טראַכטן:— וויפל פון די דאָזיקע מענטשן האָבן קינדער, ברודער, וועלכע קעמפן און גוססן אפשר אין דעם מאָמענט...

נאָר דער לעבנס־ווילן, דער ווילן צו פאַרברענגען, די אי־לוזיע פון געווינענעם, דאָס איז געווען דער ריח־ניחוח פאַר די דאָזיקע מאַסן, ער האָט זיי געהייסן פאַרגעסן אָן אַלע זאָרגן און האָט זיי געשטיפּט צום פאַרגעסן־זיך.

אָט דער אַלגעמיינער טרייב-קראַפט איז נישט געפעלן דעם פירשט. ס'איז אים עקלדיק געווען דער געדאַנק, אַז ער וואָלט זיך געקענט אויסמישן צווישן דעם המון, וואָס שטויסט זיך אַרום דעם קאַסינא. נאָר דאָ האָט דער ווילן, וואָס האָט אים געהייסן זיך פאַרהאַלטן אויף די סאַמע הייך פון גאָרטן, אים אונ־טערגעריקט אַזאַ איינפאַל:

—ווען ער וואָלט אַזוי אַריינגעגאַנגען באַזוכן אַליציען ?.. זי וואָלט אים זייער דאַנקבאַר געווען דערפאַר!

אַ חוץ איר ערשטע וויזיט, האָט זי שוין אין דער ווילע

סידענע געמאַכס נאָך צוויי חיזיטן און ביים צווייטן מאָל האָט זי אַפילו אָנגענומען אַן הלוואה פון פינף טויזנט פראַנק.

מיכאַל האָט זיך אָפּגעקערט פון קאַסינאָ און האָט אָנגעטריבן שפּרייזן איבער די שמאָלע גאַסן, וועלכע פירן צו דער גרענעץ, וואָס טיילט אָפּ מאָנטע-קאַרלאָ פון ביי-סאָלייל. דאָרט האָבן זיך געפונען געסלעך מיט פרילינגדיקע נעמען: די פיילכן-גאַס, רויזן-גאַס, יינגל-קרויט-גאַס, נעלקן-גאַס.

ער איז געגאַנגען אין דער קורצע אַלייע, וועלכע האָט געהאַט אין ביידע זייטן שורות גאָרטן-טויערן. די הייזער האָט מען קוים געקענט אַרויסזען פון צווישן די געדיכטע רייען פאַלמען און האַרטע מאַנגאָליע-בלעטער. ער האָט געליינט די נעמען אויף די מערמל-טאָוולען וועלכע זענען געווען באַפעסטיקט צו יעדן טויער.

די רויזן-ווילע: אָט די-אָ. ער האָט אַ שטויס געטון דאָס האַלב-אויפגעלענטע טירל; ס'האָט קיין הינט קיין ביל נישט געטון, ס'האָט אים קיינער נישט באַגריסט. ער האָט געזען אַ פאַרלאָזענעם גאָרטן מיט פאַראַזיט-געוויקסן אויפן אָרט פון אַמאָליקע בלומען קלאָמבן, לעבן שלעכט געהיטענע ביימער. אַ געוויסער טייל גאָרטן איז בעסער געווען געהאַלטן, דאָס איז אָבער געווען אַ גאָרטן פון גרינס, איינגעטיילט אין פירטלען און אינטענסיווער באַאַרבעט.

לובימאָוו איז געגאַנגען, נישט אָנטרעפנדיק קיינעם אויפן וועג, ער האָט אַ שטופּ-געטון אַ האַלב-אָפענע טיר און איז שטיין געבליבן אין אַ הויז. ער האָט דערזען טרעפּ, וועלכע האָבן געפירט צו די אויבערשטע שטאָקן.

נישטאָ קיינער. אַלע טירן זענען פאַרשלאָסן. ס'האָט דאָ געהערשט אַ פולשטענדיקע שטילקייט, ווי אין אַן אומבאַוווינט הויז.

די שטילקייט איז אָבער איבערגעריסן געוואָרן פון אַ קול, וואָס האָט זיך געטראָגן פון ערשטן שטאָק. דאָס איז געווען אַ שוואַכע שטימע, וועלכע האָט אויף ענגליש געשעפּטשעט אַן

אומעטיק ליד. טויבע קלעפּ האָפּן באַגלייט דאָס דאַזיקע גע־זאַנג.

מיכאַלן האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז ער דערקענט אַליציעס קול. ער האָט עטלעכע מאָל אַ הוסט־געטון, אָבער אַן רעזולטאַט, זי האָט אים נישט געקענט דערהערן. ער האָט שוין געוואָלט אַ רוף־טון, ער האָט זיך אָבער אָפּגעהאַלטן. ווען ער וואָלט זאָגער אַזוי פּלוצים קענען אָנטרעפן אײנע אַליין אין דער הייך!

אין דערהייך האָט ער זיך אַרומגעקוקט און דערזען פּט־לעכע טירן. אַ טייל זענען געווען אָפן און דורך זיי איז אַדורכ־געשווומען אַ שטיל געזאַנג. אַ פריי אַריבערגעבויגן איבער אַ בעט מיט אויסגעצויגענע הענט, האָט געקלאַפּט אַ מאַטראַץ, אַפּנים, ווערלנדיק אים ווייכער מאַכן. אינסטינקטיוו האָט זי עמעצן דער־פילט הינטער זיך. זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אויסגע־שריגן, דערזעענדיק מיכאַלן שטיין אין דער טיר.

ער האָט זיך אָבער אויך פאַרוווּנדערט, זעענדיק אַליציאַן אָנגעטון אין אַ הערלעכן אָבער אַלטן שלאָף־ראָק, און אַלטע האַנטשקן אויף די הענט און מיט אַ וואָל אַדורכגעוויקלט דעם קאָפּ.

—דו!... דאָס ביסטו?... — האָט זי אויסגעשריגן:—ווי דו האָסט מיך איבערגעשראָקן.

נאָכדעם האָט זי אַ שמייכל געטון צו מיכאַלן, וועלכער האָט געמורמלט עפּעס אַ פאַרענטפערונג: ער האָט קיינעם נישט געטראָפן. דאָס טויער און די טיר זענען געווען אָפן. דערנאָך האָט זי זיך פאַרענטפערט: ס'איז זונטיק. וואַלעריאַ, די חברטע אירע, איז געפאָרן קיין ניצע, פאַרבעטן פון אַ פריינט אויף פרישטיק. די דינסט און דער גערטענער זענען ביי דער תפילה. דער אַלטער, ווייזט אויס, האָט געמוזט גיין אויף אַ ווייַלע צו זיינע קאָלעגן.

ווען ס'האָט אַ סוף גענומען צו די פאַרענטפערונגען, האָבן

זיי געגומען קוקן איינער אויפן צווייטן שווייגנדיקע, נישט־האָבנ־דיק זיך וואָס צו זאָגן.

— דו מאַכסט זיך אַליין דאָס בעט -- האָט ער געזאָגט, ווילנדיק איבערייסן דאָס ערשטע שטילשווייגן.

— ווי דו זעסט! דאָס איז שוין נישט מיין פּאַריזער צי־מער, אַפילו נישט די „סטודיא" וועלכעס דו האָסט געקענט. די צייטן האָבן זיך געביטן.

מיכאַל האָט מסכים געווען. אזוי איז, די צייטן האָבן זיך געביטן.

— נאָר ווי עס זאָל נישט זיין — האָט זי ווייטער גע־רעדט: — מען דאַרף מודה־זיין, אַז עס איז פּאָרט מאָדנע צו זיין די פירשטן דע־ליסל, די ווילדע אליציא, מאַכט זיך אַליין דאָס בעט!...

און ווידער האָט דער פירשט מסכים געווען דורך אַ באַ־וועגונג. דאָס איז פּאַקטיש געווען אַן אויסער־געוויינלעכע זאַך, אַ זאַך, וואָס מ׳זעט נישט אַלע טאָג.

אליציאַ האָט ווייטער גערעדט. פירן דאָס בעל־הביתשאַפט קאָסט איר גאָרנישט. זי האָט אַליין צוגערוימט איר צימער, כדי איינצושפּאָרן אַרבעט איר אַלט שטוב־מיידל. זי וויל נישט וואַ־לעריאַס הילף. צוליב דעם פעלן פון דינערשאַפט, מוז יעדער טראַכטן וועגן זיין אייגן צימער. טיילמאָל קומט זי אויך אַריין אין קיך און וואָלט אַפילו זייער גערן צוגעהאָלפן דעם גערטנער אירן.

ס׳איז אָנגעקומען אַ לאַנג שטילשווייגן. מיכאַל האָט אַרומ־געקוקט איבערן שלאָף־צימער וועלכעס איז נאָך געשטאַנען אין אומאָרדענונג. דורך די אָפגעלענטע טיר האָט ער דערזען אַ קליין טואַלעט־שטיבל, מיט אַ פייכטן פלעק אויפן מאָזאיק־פּאַר־קעט, אַן איבערבלייבעכץ פון פרימאָרגן־באָד. אַ ריח פון קאָלאָנ־סקע וואַסער און ציין־עליקסירן, האָט זיך געטראָגן אין דער לופט. קליינע צוואָרפענע פלעשלעך האָבן אַרויסגעגעבן אַן איי־דעלן פּערפום־גערוך צווישן די וועש און פאַרשידענע אַנדערע טואַ־לעט־זאַכן, האָט ער דערזען די קאַרטלעך וועלכע מ׳באַקומט אין

קאַסינא, קאַרטלעך וועלכע זענען באַצייכנט אַלס געווינענע. אַ טייל האָבן געהאַט רויטע אָדער בלאָע בליי - שטריכן. אַנדערע זענען געווען געלעכערטע מיט דער הילף פון אַ הוטן-שפּילקע, אָנשטאָט אַ בליי-פעדער. עס זענען אויך געווען גרעסערע מיט אויפגעצייכנטע רולעטקעס, מיט אָנווייזונגען אויף נומערן און קאָלירן און אַ מאַסע פון יענע ביכלעך וועלכע מען באַקומט אין אַלע קיאָסקן און וועלכע לערנען, ווי אַזוי צו געווינען.

אויפן קאַמין, צווישן מאָדע-העפטן, האָט זיך אויך געפונען אַ קליינע אויטענטישע רולעטקע, וועלכע האָט, אַפּנים, געדינט אויף נאָכקאָנטראָלירן די טעאָריע. אויפן טיש איז געלעגן אויסגעשפּרייט דער „מאנטא-קארלא איבערזיכט” מיט דער סטאַטיסטיק געווונסן אין משך פון דער גאַנצער וואָך, אַ זייער אינטערעסאַנט לייען-מאַטעריאַל, וואָס אליציא האָט קען זיין שטודירט ביז פאַרטאָג.

אין דער צייט, ווען דער פירשט האָט דאָס אַלץ באַקוקט, האָט די פירשטן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַלץ, וואָס האָט נישט געפאַסט פאַר איר קליידונג. און ווען מיכאַל האָט נאָכאַמאָל אַ קוק-געטון אויף איר, זענען שוין די נישט - ריינע האַנטשן געווען פאַרשווונדן פון אירע הענט, אַזוי אויך דער וואַל, איבערלאָזנדיק פרייע, שוואַרצע גלאַנצנדיקע, עטוואָס האַרטלעכע האָר פון צעשויבערטע בינטלעך.

מיט אָנשטרענגונג האָבן זיךביידע צעשמייכלט, נישטוויסנדיק ווי אַזוי אַרויסצוקריגן זיך פון אָט דער דאָזיקער סיטואַציע.

— כ'וויל דיר נישט שטערן—האָט מיכאַל אַ זאָג-געטון : — פאַרענדיק דיין אַרבעט.

און פונקט ווי זי וואָלט אָנגענומען די ווערטער פאַר אַ באַפעל, וועלכער איז געוואָרפן געוואָרן איר נישט - דרייסטקייט און צו דער זעלבער צייט וועלנדיק אַרויסווייזן איר מאָדנע ליידנשאַפט—האָט זי זיך אַריבערגעבויגן איבערן בעט, טוענדיק ווייטער איר אַרבעט. אָט דער באַווייז פון צוטרוי, האָט אויפ-

געלעבט מיכאלן. ער וועט איר העלפן, ס'וועט נישט זיין טאק-טיש צולאָזן איר אַליין אַרבעטן.

— דו! דו! — האָט זי אויסגערופן לאַכנדיק, פונקט ווי דער דאָזיקער פאָרשלאַג זיינער וואָלט געווען אַן אומדערהער-טע זאַך.

דער פירשט האָט זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט געווען אין כעס. טאַקע ער... ער איז געווען אַ מאַטראָז. זיין לעבן, וואָס איז געווען פול מיט פאַסירונגען, האָט אים אַ סך זאַכן אויסגע-לערנט. טיילמאָל ווען ער האָט געמאַכט אויספלוגן איבער מדבריות, האָט ער זיך אַליין געמוזט מאַכן דאָס געלעגער, מיט אַ גאָלע דעקע לעבן אַ פייער.

ער איז געשטאַנען פון דער אַנדערער זייט און מיט מאָד-נע בליקן נאָכגעפאָרשט איר יעדערע באַוועגונג. ער האָט גענו-מען אויסקלאַפּן דעם מאַטראַץ מיט אַזאַ כח, אַז דאָס בעט האָט אַזש געסקריפּעט; ווען מ'האָט באַדאַרפט אַרויסציען דעם מאַט-ראַץ איבערצולייפטערן, האָט ער איר געהויבן אין דערהויך מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיינע שטאַרקע הענט.

— ער קען נישט! ער קען נישט! — האָט אליציא געשריגן מיט אַ קינדערישע פרייד.

נאָכדעם זעענדיק, ווי זיינע פינגער האָבן זיך פאַר-טשעפּעט אין דער לייוונט פון דער מאַטראַץ, האָט זי צוגע-געבן:

— לאָז שוין, דו גזלן איינער! וועסט מיר צערייסן דעם מאַטראַץ! אין דער היינטיקער צייט, ווען ס'פעלט אויס געלט...

זיי האָבן זיך ביידע צעלאַכט, געפינענדיק די דאָזיקע אַר-בעט פאַר אַ זייער פריילעכע.

— דאָס האָסטו! — האָט זי געזאָגט און אים געוואָרפן אין פּנים אַריין דעם צווייטן עק פון ליילעך, וועלכן זי האָט געהאַלטן.

מיכאל האָט זיך דערשפּירט אין אַ באַטיסטן-געוועלב, וואָס

איז אָנגעזאָפּט מיט פרויען ריח. דאָס האָט בלויז געדויערט אַן איין-איינציקע רגע, ס׳האָט אָבער געמאַכט אויף אים אַן אויסער-געוויינלעכן איינדרוק, ווי ער וואָלט זיך געפונען מ׳חוץ דער צייט אין רוים. ער האָט דערפילט, אַז דער דאָזיקער קליינער פּאַקט וועט האָבן אַ ווירקונג אויף זיין ווייטערדיקן לעבן. ער האָט דערפילט ווי ס׳איז, ס׳שטייט אויף אין אים די פאַרגאַנגנ-הייט מיט אַ נייעם כח. ס׳האָט זיך אים אויסגעדוכטן, אַז ער זעט קאַסטראַס איראָנישע שמייכל און זיך אַליין, פאַרברענגענדיק אין דער ווילע סירענע, ווי אַ מאָנאַך, אויסברייטנדיק דעם ווי-דערווילן צו פרויען. ער האָט זיך פאַרחידושט און דערפילט אַ רחמנות אויף זיך אַליין. די אויערן האָבן אים געקלונ-גען. ווען דער ליילעך איז געפאַלן אויפן בעט, איז מיכאל גע-וואָרן אויסערגעוויינלעך בלאַס. די פירשטן האָט זיך שעלמיש צע-לאַכט, מיינענדיק, אַז זי האָט אים מיט אירע שפּאַסן דערצערנט. ווען זי האָט געלאַכט, האָט דער שלאָפראָק ביים אויסשניט, אַ ביסל אָפּגעדעקט איר ברוסט.

מיטאַמאָל האָט דער פירשט זיך דערזען שטיין לעבן אליציא. מאשינעל האָבן זיך ביידע אַוועקגעזעצט אויפן ברעג בעט, ער האָט אָנגענומען איר האַנט, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין רעכנונג דערפון. נאָכדעם האָט ער באַרירט איר שטערן, אַזוי אַז אַ בינטל פון אירע האָר האָבן זיך אים געוואָרפן אויף די באַקן. ער האָט נישט געהאַט קיין חשק צו רעדן. נאָר זעענדיק פון דער נאָנט אירע אויגן, האָט ער איבערגעריסן דאָס זיסע שטילשווייגן.

—האָסט געווײנט ?...

די פירשטן האָט פּראָטעסטירט מיט אַ שמייכל, זי איז אָבער בלייך געוואָרן און האָט אַרויסגעשטאַמלט עפּעס אַ פאַרענטפערונג. ביין: דאָס איז געווען דער שטויב פון צוקערן און די אָנשטרענ-גונג פון דער אַרבעט. ער האָט אבער כסדר געקוקט אויף אירע פאַרויטיקטע אויגן.

— דהאָסט געוויינט, ווען כ'בין אָנגעקומען — האָט ער איבערגעחזרט מיט אַ פאַרעקשנטע און אומרויקע נייגירי־קייט.

נאָכדעם איז אליציא אַרויס מיט אַ שאַרף, אומנאַטירלעך געלעכטער; ס'איז געווען אויסגעמישט מיט זיפצן און טענות. באַלד האָט זי אַ פערגענומען איר האַנט פון אונטערן פירשטס אָרעם און זיך פאַרדעקט די אויגן און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, אין דער זעלבער צייט האָט זיך פון איר ברוסט אַרויסגעריסן אַ שלוכצן.

זי האָט געוויינט. ס'איז געווען, אַז מיכאַל זאָל האָבן אַנטדעקט אירע פריערדיקע טרערן, אַז זי זאָל ווידער אויסברעכן אין אַ געוויין און איר ווייטאָק זאָל זיך ווידער אָפּרופן. זי האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן איר ווייטאָק, פונקט ווי ס'וואָלט איר ליבער געווען דער אָפּעגער, ווי דער באַהאַלטענער צער, וואָס עס האָט איר פאַרשאַפט דער דאָזיקער וויזיט.

אַ קורצע צייט האָט דער פירשט געשוויגן.

— צו צוליב דעם בחור וויינסטו עס? — האָט דער פירשט ריזיקירט פרעגן מיט אַן אומזיכערקייט אין טאָן, פונקט ווי ער וואָלט אויך פון דעם זעלבן געווען דערשיטערט.

זי האָט אים געענטפערט מיט אַ לייכטן קאָפּ־שאָקל, נישט אָפּדעקנדיק דאָס פנים. מיכאַל האָט שוין נישט באַדאַרפט קוקן אויף איר. ער האָט געטראָפן דעם אמת ווען ער האָט דערזעען די שפורן פון טרערן אויף אירע אויגן. נאָר צוליב אים האָט זי געקענט וויינען; זיכער האָט זי נישט קיין ידיעה פון אים; זי איז אומרויק פון געדאַנק, וואָס ער געפינט זיך ווייט פון איר; מעגלעך, אַז ער איז געפאַנגען געוואָרן און זי וועט אים שוין קיינמאָל מער נישט זען.

— ווי דו האָסט אים ליב!...

דער פירשט האָט זיך געחידושט איבער זיין אייגן קול און טאָן, ווי ער האָט דאָס אַרויסגערעדט.

אליציאַ איז אויך געווען פאַרחידושט. זי האָט אויפגעהויבן

דעם קאָפּ און אַראָפּגעלאָזט די הענט. איר פּנים איז געווען רויט און די אויגן פייכט פון טרערן. אַ טרער האָט געהאָנגען אויף איינע פון אירע צעשויבערטע האָר-מאַספּעס. זי האָט פאַר־שטאַנען, אַז זי זעט איצט אויס שרעקלעך מיאוס, נאָר וואָס גייט דאָס איר אָן !...

— יאָ, כ׳האָב אים ליב ! ער איז פאַר מיר דאָס טייער־סטע אין לעבן... בלויז צוליב אים לעב איך... אַנדערש וואָלט איך באַגאַנגען זעלבסט-מאָרד. אָבער, דאָס איז אַבסאָלוט נישט דאָס וואָס דו מיינסט... ניין... ניין !

קיין בושה האָט זיך נישט געקענט באַווייזן אויף אָט דעם פאַרוויטיקטן פּנים פון וויינען ; האָט אָבער די באַוועגונג אירע, די אויגן, דער טאָן פון איר קול אָפּגעשטופּט מיט חרפּה און פאַרדראָס דער פירשטס חשד.

מיכאַל, וועלכער האָט דערוואַרט אויסערגעוויינלעכע דערקלערונגען, אין דעם אָרט פון אירע אַמאָליקע משו־געתן, ער האָט זיך נישט געקענט באַהערשן פון פאַרוואונדערט־קייט :

—דיין זון !...

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

—יאָ. מיין זון.

און זי האָט אָנגעהויבן רעדן, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, ווי ביי אַ שווערע ווידוי. זי האָט זיך צוריקגעקערט צו דער פאַרגאַנגנהייט.

וואָס פאַר אַ שווערע קלעפּ ס׳איז פאַר איר געווען די דאָזיקע פּלוצימע מוטערשאַפט און דאָס אומגעריכטע ! זי האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ לעבעדיק קונסט-ווערק און האָט נישט גע־וואָלט, אַז איר שיינקייט זאָל ליידן שאָדן. אין אָנהייב האָט זי געוואָלט אויסבאַהאַלטן איר צושטאַנד און וויילן זיך פּונקט ווי פריער —

אין איר קול האָבן געציטערט טרערן ביי די דאָזיקע זכרונות.

—און... דיין מאַן ? — האָט מיכאל געפרעגט.

— מיר האָבן זיך גלייך דאַמאָלסט צעשיידט. ערט פאַר-טראַגן מיין שטילע ליבע, מיט פאַרמאַכטע אויגן... נאָר אַ זון פון אַ פרעמדן?...

דער פירשט האָט זיך צעשיידט מיט איר, אָננעמנדיק אי-רע אַלע תנאים, אַ חוץ איינעם : איר זון ד'האָט געמוזט פאַר-שווונדן. און אַ חוץ זי מיטן מאַן און אַליציאַס דינסט, ד'האָט קיינער נאָין הויז נישט געד'האַט קיין אַנונג פון קינדס גע-בוירן.

— שפּעטער האָב איך געהאַט גליקלעכע מינוטן — האָט אַליציאַ ווייטער גערעדט: כ'בין אַנטלאָפן פון פּאַריז: פילע האָבן געמיינט, אַז כ'בין אַנטלאָפן מיט אַ פרישן געליבטן. ס'איז אָבער נישט געווען ריכטיק. כ'בין געפאָרן זיך זען מיט מיין קליינעם מיט מיין געאָרגן, צו ערשט אין לאָנדאָן, דערנאָך אין ניו-יאָרק. כ'האָב דאָרט געקענט וווינען און שפּילן זיך מיט דער לעבעדי-קער ליאַלקע, וועלכע איז געוואַקסן פון טאָג-צו-טאָג... געדענק-סטו דעם אָוונט ווען ביסט געווען ביי מיר פאַרבעטן אויף מי-טאָג ? דאַמאָלסט האָב איך זיך טאַקע נאָר-וואָס געהאַט אומגע-קערט פון אַזאַ רייזע, און דערמאַן זיך אָן די אַלע נאַרישקייטן וואָס איך האָב דאַמאָלסט גערעדט. כ'ד'האָב זיך געהאַלטן פאַר וועגערע, כ'האָב זיך פאַרגליכן צו העלענע, וואָס איז פאַרביי די „זקנים-באַנק״. און וועלנדיק זיך אינגאַנצן אָפּגעבן די מוטער-לעכע געפילן, האָב איך תמיד געמוזט געדענקען און דאָס פאַר געטערן זיך אַליין. העלענע האָט אויך געד'האַט קינדער און מענטשן האָבן זיך געהרגעט צוליב איר. די מוטערשאַפט האָט מיך נישט אַבדיקירט. כ'האָב ווייטער געקענט פאַרבלייבן אַ שיי-נע און אַ פאַרלאַנגערישע, ווי אַנדערע, נאָכן פאָרפאַל, וועלכן איך האָב געהאַלטן פאַר פאַטאַל. און מיין לעבן איז ווייטער געפלאָסן אויפן זעלבן אופן. אָ! ווען כ'דערמאַן זיך, אַז עס זענען אַוועק צייטן ווען כ'האָב זיך געקענט מיט אים אָפּגעבן...

דאָס איז די שרעקלעכסטע חרטה מיינע. איך פאַרדין זיך רחמנות, מיכאל.

און אין דער צייט ווען ער האָט זיך צוגעהערט צו אי־רע רייד, האָט מיכאַלן געפּייניקט אַ זייער פאַרעקשנטער גע־דאַנק.

—און דער פאָטער? ווער איז דער פאָטער?

דער טאָן איז געווען דערזעלבער, וואָס האָט פאַראָטן אַ שלעכטע נייגיריקייט.

— כ׳ווייס נישט און כ׳זאָרג זיך נישט וועגן דעם. אַנדע־רע פרויען אין אַזעלכע פאַלן, שרייבן צו דער פאָטערשאַפט יע־נע מענער, וועלכע האָבן זיי צום שטאַרקסטן פאַראינטערעסירט. כ׳האָב זיך וועגן אים קיינמאָל נישט געקענט דערמאָנען. אַלע זענען זיי די זעלבע, אַלע זענען זיי פאַרגעסענע. מיין זון, מיין זון געהערט אויסשליסלעך מיר.

ס׳איז געפאַלן אַ לאַנג שטילשווייגן.

—אין אַ געוויסן טאָג, קומענדיק קיין ניו־יאָרק, האָב איך געמאַכט אַ געוואַלטיקע ענטדעקונג — האָט אליציאַ ווידער אָנגע־הויבן:—מיין געאָרג איז שוין כמעט געווען אַזוי הויך ווי איך; ער איז געווען קרעפּטיק און אויסגעזעצן ווי אַ מאַנספּערשוין, הגם ער איז נישט מער אַלט געווען, ווי עלף יאָר. ס׳איז מיר אַ חרפּה צו דערמאָנען כ׳האָב אים נישט פאַרליטן. ווענוס האָט געמעגט האָבן אַ זון, אויב דער דאָזיקער זון איז פאַרבליבן אויף אייביק אַ קינד און אין משך פון הונדערטער יאָר דער ליבלע־כער קליינער, ווּעמען מ׳קען אָנקליידן לויט דער אייגענער פאַנ־טאַזיע, וועלכער איז פאַר די מוטערס אַ שטאָלץ און צוגלייך אַ שפּילצייג.

אָבער מיינער! מיט דעם דאָזיקן ריזיקן קערפּער־געבוי, מיט די גרויסע הענט און ערנסט פּנים — ער וועט פאַר דער צייט מיך דעריאָגן אין די יאָרן. האַלטן אים לעבן זיך, דאָס וואָלט געהייסן די אָבדיקאַציע, דאָס אָפּזאָגן זיך פון דער יינג־קייט.

און צוליב זיך — האָב איך עס געמאַכט אַזוי: אין משך

פון עטלעכע יאָר, האָב איך געשיקט געלט אים צו דער־ציען. ליידער! ווי טייער איך מוז היינט באַצאָלן פאַר מיין עגאָיזם!

זי איז שטיל געבליבן אויף עטלעכע מינוטן, כדי אָפּצו־טריקענען די פרישע טרערן, וואָס האָבן איר געשרפהט די אויגן און פאַרענדערט דאָס קול.

—ער איז געקומען קיין פאַריז אין אַ מאָמענט ווען כ׳האָב זיך צום ווייניקסטן געריכט אויף אים. דער אָרנטלעכער און בכבודיקער פריינט, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט זיין דער־ציונג אין אַמעריקע, איז געשטאָרבן. כ׳בין גלייך געוואָרן אומצו־פרידן, כמעט פאַרדראָסיק.

איך האָב זיך געפונען אין אַ מענער-געזעלשאַפט, נישט־קוקנדיק, וואָס ער איז שוין אַלט געווען זעכצן יאָר. ס׳הייסט: איך דאַרף זיך געזעגענען מיט מיין ייגנט, איבערבייטן מיין גאַנץ אַרט לעבן צוליב אים?... נאָר עמעץ אין מיר האָט מיך נישט געלאָזט אויספירן דעם שרעקלעכן באַשלוס: אַוועקצו־געבן אים אין אַן אינטערנאַט, אָדער צוריקשיקן קיין אויס־לאַנד. איך האָב זיך גיך צוגעוווינט צו זיין אָנוועזנהייט, איך האָב זיך גענויטיקט זעען אים לעבן זיך. ס׳האָט זיך מיר אויס־געדוכטן, אַז לעבן אים האָב איך רו, אַזעלכע געהיימע און גרויסע פריידן וועגן וועלכע כ׳האָב אפילו אַליין נישט געהאַט קיין אַנונג. דו, מיכאַל, קענסט דאָס נישט פאַרשטיין, כ׳שווער דיר, אַז דאָס איז געווען די ליבלעכסטע עפּאָכע פון מיין לעבן ס׳איז נישטאָ קיין שום ליבע, וועלכע מ׳זאָל קענען פאַרגלייכן דער־דאָזיקער ליבע.

מיר זענען געווען אַזעלכע גוטע חברים!.. מיט אַמאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך בין אין זיינע יאָרן און און טיילמאָל נאָך יינגער.

געאָרג מיט זיין יונגער חכמה, האָט מיר געגעבן עצות און איך האָב אים געפאָלגט, ווי אַ יינגערע שוועסטער. ער

האָט דערלויבט דער מוטער זיינע צוקומען אין דער וועלט פון פאַרזעניגנס און עלעגאַנץ, וואָס האָט אים באַשיינט און באַלויכטן נאָכן האַרטן לעבן, וואָס ער האָט געפירט ביי דער זייט פון זיין שטרענגן דערציער.

מיט שטאָלץ האָב איך זיך אָנגעלענט אויף זיין אָרעם און געשמייכלט פון זיינע באַמערקונגען. וויפל מאָל האָבן מיר, אין יאָר פאַר דער מלחמה, געטאַנצט צוזאַמען און קיינעם איז ניט אײַנגעפאַלן, וואָס פאַר אַ מין באַציונגען מיר האָבן צווישן זיך.

פולע פון מיינע געוועזענע פאַרערער, פלעגן דערשפירן זייערע אַלטע געפילן און האָבן מיר געגומען נאָכגיין און פאַראינטערעסירן. מיין געאָרג האָט מיר געדראָט שמייכלענדיק: „מאַמעלע, כ'בין אייפערזיכטיק...״ ער האָט געוואָלט, אַז די מוטער זיינע זאָל נישט לייגן קיין אַכט אויף קיין שום מאַנספערשוין אַז זיין מוטער זאָל אינגאַנצן בלייבן זיינע. אַ צווייט מאָל האָב איך געמוזט פראָטעסטירן: כ'האָב אויפגעכאַפט די תאוהדיקע בליקן פון פולע פרויען, וואָס זענען געהאַנגען אָן אים, ווי צוגעקלעבט:

די רויבערישע בליקן פון יענע, וועלכע זענען געוועזן יינגער פון מיר, האָבן געהאַלטן, אַז זיי האָבן דאָס רעכט מיר אים אָפּצונעמען. און ער איז געווען אַזאַ ליבלעכער, האָט אַזוי צוזאַמען מיט מיר אָפּגעחוזקט פון די ליידנשאַפטן, וועלכע ער האָט אויפגעוועקט און מיר דערציילט פון די ליידנשאַפטן וועגן וועלכע איך האָב גאָרנישט געוווסט...

עס קען זיין, אַז דו קאָנסט נישט דעם יינגערן דור. דאַכט זיך, אַז זיי זענען געמאַכט פון אַנדער פלייש און אַנדער בלוט אונזער דור איז געווען דער לעצטער, וועלכער האָט גענומען די ליבע ערנסט, וועלכע האָט איר צוגעגעבן אַ ריזיקע באַדייטונג און געמאַכט איר אַלס דעם הויפּט-אינהאַלט פון לעבן. מיין זון האָט זיך נאָר אינטערעסירט מיט איין פרוי: מיט זיין אייגענע מוטער.

אַ חוץ איר האָט ער בלויז ליב געהאַט ספּאָרטן, אויטאָס און עראָפּלאַנען...

דער מאנאטאנער טאָן, מיט וועלכן זי האָט דערציילט וועגן דער גליקלעכער צייט פון איר לעבן, איז פאַרשוואונדן. זי האָט גענומען רעדן מיט אַ טויבע שטימע, וואָס איז פון צייט-צו-צייט איבערגעריסן געוואָרן פון אַ שלוכצן. די מלחמה איז אויסגעבראָכן. און אין אַ געוויסן פרימאָרגן איז זי געוואָרן, אַז איר זון האָט זיך פאַרשריבן אַלס פרייוויליקער. וואָס האָט זי געקענט טון? זיין רעכטלעכע מוטער איז זי נישט געווען. געאָרג האָט געטראָגן דעם נאָמען פון אַ פּאר-פאָלק, אָרנטלעכע דינער, וועלכע האָבן מסכים געווען צו האָבן אים פאַר אַ זון. דערביי איז ער דאָך געווען אַ געבוירענער אין פראַנקרייך און ס׳איז גאָרנישט געווען אויף אים, וואָס צו וואונדערן זיך, וואָס ער האָט געוואָלט פאַרטיידיקן זיין פאָטערלאַנד אין אַזעלכע יונגע יאָרן.

די פירשטן האָט פאַרבראַכט עטלעכע חדשים אין אַ דערפל אויפן מערב, לעבן אַ פלי-פּלאַץ, ווו איר זון האָט געהאַט די איבונגען. זי האָט געוואָלט ביז די לעצטע מינוט פירן דאָס צו-זאַמען-לעבן מיט אים.

— אָ! ווען ער וואָלט כאָטש געוואָרן אַ זעלנער דאַמאָלסט, ווען זיי זענען נאָך נישט געווען צוזאַמען, דאַמאָלסט ווען זי האָט געהאַט פאַרדראָס אויף איר מוטערשאַפט... אָבער פאַרלירן אים אין די רויקסטע מינוטן פון איר לעבן, דאַמאָלסט ווען זי האָט געמיינט, אַז זי וועט זיך מיט אים שוין קיינמאָל נישט שיידן...

אין קורצן איז ער געוואָרן אַ פליער. ווי איך האָב דאָס נישט געליטן די דאָזיקע לייכטקייט מיט וועלכע ער איז גע-גאַנגען אַרום זיין אַפּאַראַט... זיין דערפאָלג האָט מיך אָנגעפולט מיט שטאָלץ און מיט כעס!

די דאָזיקע יינגעלייט פילן די אמתע פאַנטאַזיע צו דער אַוואַציע, וועלכע איז געקומען אויף דער וועלט נאָך זיי און

האָס זיך ערשט אַנטוויקלט פאַר זייערע קינדערישע אויגן. ער איז אַוועקגעפאָרן און פון דאַמאָלסט אָן האָט זי אים נישט געזען.

— דריי יאָר, מיכאַל, דריי יאָר פון אמתע פּייניגונג. אָ! ווי שווער איך האָב באַצאָלט פאַר מיינע אַלטע זינד! מער נאָך ווי כ׳האָב זיך פאַרדינט פאַר זיי... קענסט מיך באַדויערן. דאָס איז אַ ווייטאָק, וואָס איז דיר פרעמד.

דאָס ערשטע יאָר האָט אַליציאַ איבערגעלעבט אין דער־וואַרטונג אויף אַ בריוו, וועלכער פלעגט נישט רעגולער דערגיין פון פראָנט.

זעלטן זענען אָנגעקומען פאַר איר די פריידיקע מינוטן. געאָרג איז איינמאָל געקומען קיין פּאַריז אויף אַן אורלויב פון עטלעכע טעג. פון צייט־צו־צייט פלעגן חברים קומען און ברע־גען פון אים ידיעות, וועלכע זי האָט באַגעגנט מיט טרערן און שמייכלען.

איר זון האָט באַקומען אַ מלחמה-קרייץ נאָך אַ קאַמף אין דער לופט.

צו די זיידענע דעקן פון איר שלאָף-חדר, האָט זי צוגע־שפּילעט די צייטונגס־אויסשניטן אין וועלכע ס׳האָט זיך געפונען אָט די פריידיקע ידיעה. שעהן פלעגט זי זיך פאַרקוקן אין די דאָזיקע ווערטער: BACHELLEVY „(געאָרג) דער פליער האָט גע־יאָגט צוויי פיינטלעכע לופט-שיפן, אַזש ביז איבער אונזער גרע־נעץ א. אַז. וו...״ דער דאָזיקער פליער איז געווען איר זון — געאָרג!

עס איז געשען אַ געוויינלעכע זאַך, וואָס קיינער ווייסט נישט וועגן דעם. אָבער איר שטאָלץ האָט אויסגעזען צו וואַקסן אַזוי געהיימנישפול. אין איר אינערלעכקייט איז אויפגעשטאַנען יענער שיינער בחור, דער קרעפטיקער, דער ריינער, ווי אַ לעגנ־דאַרער העלד. די אַלע מאַנסלייט, וועלכע זי האָט ווען ס׳איז געקענט, זענען אין פאַרגלייך מיט אים נידריקער געוואָרן. דאָס זענען געווען אַזעלכע קליינע נפשות, וואָס האָבן אָנגעקערט צו

אַן אַנדערע וועלט, אַזעלכע וועגן וועלכע זי האָט גאָרנישט געוואָלט געדענקען. ביז, עס איז געשען אַ קליינער נישטי־קער פאָרפאַל און אַ פינסטערע נאַכט איז אָנגעפאַלן אויף איר.

אין אַ שיינעם מאָרגן איז דער פליער אַרויף אויף זיין אַפּאַראַט און זיך אויפגעהויבן אין דער לופטן צו זוכן דעם שונא, מיט די פרייד פון אַ ריטער, וואָס זוכט אויסערגעוויינלע־כע געשעענישן. מיט אַמאָל איז אינם מאָטאָר עפּעס קאַליע גע־וואָרן, צוליב הער פאַרנאַכלעסיקייט פון מעכאַניקער, וואָס אין אַן אַנדערער צייט וואָלט עס געווען גאָר אַ קלייניקייט, און דאָס האָט אים געשטערט דאָס ווייטערדיקע פליען. מ׳האָט זיך באַ־דאַרפט אַראָפּלאָזן, האָט אים אָבער אַ שטאַרקער ווינט געטריבן און ער האָט זיך געמוזט אַראָפּלאָזן אויף דער דייטשישער טעריטאָריע.

— הונדערט מעטער ווייטער און זיי וואָלטן אַריינגעפאַלן צווישן אייגענע.

— אַזוי איז! כ׳בין געווען צו גליקלעך. און איצט האָב איך דערפילט דעם אמתן ווייטאָק. דיר וועל איך זיך מודה זיין: אין ערשטן מאָמענט האָב איך כמעט דערפילט די עגאָיסטישע פרייד פון אַ מוטער. אַ תּפיסה! הייסט עס, אַז ער וועט לעבן. כ׳האָב שוין מער נישט באַדאַרפט מורא האָבן, אַז מ׳וועט אים מיר דערהרגענען אין איינע פון די לופט־קאַמפן. ער איז שוין מער נישט איינגעשטעלט אויף אַ טויט אין אַ ברענענדיקן אַפּאַ־ראַט, אָדער אונטער אַ צעפּיצעלטע מאַשין אויף שטיקלעך. נאָר שפּעטער!

שפּעטער אָבער איז די דאָזיקע רו, וואָס איז אָנגעקומען אַ דאַנק זיין אויסגעשלאָסן ווערן פון מלחמה־אָנטייל, געוואָרן פאַר איר אַ מאַרטירערשאַפט. ס׳איז איר געווען אַ שאַד יענע צייטן ווען ער איז געווען אונטערגעשטעלט אַלערליי סכנות — ער איז אָבער געווען פריי. די צייטונגען האָבן געשריבן וועגן דער עלנט פון די קריגס־געפאַנגענע, זייער פאַרשפאַרט ווערן

אין עפּושדיקע באַראַקן, וועגן זייער הונגערן און אַנדערע צרות. איר גרינג און רחובותדיק לעבן איז פאַר איר געוואָרן אַן איי-ביקער פאַרוואורף. זעצנדיק זיך צום טיש, לייגנדיק זיך אין אַ ווייך בעט, דערפילנדיק אַ ליבע וואַרעמקייט דאַמאָלסט, ווען דער פראָסט האָט אַרומגענומען די שויבן — דאָס האָט זיך איר אויס-געדאַכטן, איז אַ זאַך, וואָס געהערט נישט איר, אַ זאַך, וואָס זי האָט ביי וועמען צוגעזלט. איר זון, איר אָרעמער זון לעבט ווי אַ היימלאָזער הונט, שלאָפט אויף שטרוי און ווערט געפּיי-ניקט פון הונגער!.. זי האָט זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז דאָס מזל אירס וועט איר אַמאָל געבן אַזעלכע איראָנישע קלעפּ...

אין די ערשטע חדשים האָט זי זיך געוואָרפן ווי אַ „זיי" וועלכע זעט, ווי אירע קינדער געפונען זיך אין געפאַר. זי איז געלאָפן פון איין מיניסטעריום אין צווייטן, אויסנוצנדיק פאַר-שידענע איינפלוסן און פראָטעקציעס. און מוטערס זענען דאָך געוועזן אַזויפיל!.. מ'האָט דאָך נישט געקענט ספּעציעל פאַר איר פירן דיפּלאָמאַטישע אונטערהאַנדלונגען. יעדן טאָג האָט זי אַריינ-געשיקט אין די הילפס-ביוראָ גרויסע פּעק מיט שפּייז פאַר איר זון. ביז מ'האָט ענדלעך אויפגעהערט ביי איר אָננעמען. ס'איז דאָך אונמעגלעך געווען בלויז צו פּראָטעקצירן די פּירשטן דע-ליכל.

טויזנטער מענטשן זענען דאָך געווען אין זעלבן מצב וואָס זי, און שרייען: ס'איז מיין זון! האָט זי דאָך אויך נישט גע-קענט... און צווייטנס וואָלט דאָך דאָס סיי-ווי גאָרנישט העלפן און זי האָט ווייטער געשיקט אירע פּעקלעך רעגולער. אויב זיי וועלן נישט אָנקומען איר געאָרגן, וועלן זיי נוצן ברענגען אַנ-דערע הונגעריקע.

זי האָט דערקענט דעם גרויסמוט פון די גרויסע ליידן. זי האָט אַנגעהויבן טיילן אַרום זיך נדבות, פּונקט ווי אַ מוטער וועלכע בעט פאַר איר זון, טוט שוין אויך תּפילה פאַר אַנדערע קראַנקע, פאַרהאָפנדיק, אַז אַ דאַנק דעם וועלן אירע תּפילות גיי-

נער וועדן אָנגענומען.

נאָכהער איז אָנגעקומען אַ יאושדיקע נייעס... די באַאַמטע, וועלכע האָבן אָנגענומען אירע פעקלעך, האָבן אומעטיק געשמייכלט. ס'איז אַ זיכערע זאַך, אַז די היטער נעמען צו די פעקלעך פאַר זיך. אַלע טייערע מאכלים, וואָס זענען באַשטימט פאַר איר זון, קומען אָן צו די דייטשישע שטורמיסטן, וואָס היטן די געפאַנגענע, כדי צו פרעסן און זויפן פאַרן געזונט פון קייסער און פאַרן נצחון פון די דייטשן איבער דער גאַנצער וועלט.

טיילמאָל, אָבער טאָקע זעלטן, פלעגט נאָך לאַנגע גלגולים אָנקומען אַ פּאָסט-קאַרטל, נאָכקאָנטראָלירט פון די דייטשע פּאָליציי. נישט מער ווי פיר שורות, געשריבן, ווי פון אַ שילער, וואָס שטייט אונטערן שטרענגן אויג פונם לערער. ס'איז געווען איר געאַרגס כתב: כ'בין געזונט. מ'באַגייט זיך מיט אונז גוט. שיק אַ פעקל."

שפּעטער לאַנגע פלעגט זי באַטראַכטן די דאָזיקע נישט-דרייסטע און ליגנערישע ווערטער. פאַר איר האָבן זיי געהאַט אַן אַנדערן באַדייט. זי האָט זיך די גוססדיקע געפאַנגענע וועלכע זענען געקומען פון דער אינטערנירונג און ס'האָט זיך איר געדאַכט, זי הערט די ווערטער פונם בריוול, ווי זיי רופן קרעכצנדיק, ווי אַ קראַנק קינד:

—מאַמע! כ'בין הונגעריק! מאַמע, עסן!...

— דריי מאָל בין איך געווען אין שווייצאַריען. מיכאַל, כ'האָב אַפילו פאַרגעלייגט אין פּאַריז, מ'זאָל מיך שיקן קיין דייטשלאַנד אַלס אַ שפּיאָן. זיי האָבן מיך אויסגעלאַכט. זיי זענען געפערכט געווען: ס'איז דאָך מיר נישט געגאַנגען אין שפּיאָנאַזש, דעם זון האָב איך דאָך נאָר געוואָלט זען, מער נישט, ווי דעם זון!

אין שווייצאַריען האָב איך באַגעגנט צוויי נאָר-וואָס געוואָרענע אינוואַלידן; זיי האָבן געקענט מיין זון און האָבן געוווּסט, אַז פינף מאָל האָט ער שוין פרובירט אַנטלויפן. ער איז זייער

באַליבט צווישן זײַנע חברים צוליב זײַן העלדישקייט. די לעצ־טע ידיעות זענען שוין צווייפלדיקע. מ׳האָט אים נישט געזען; מ׳האָט נאָר געהערט, אַז מ׳זאָל אים האָבן אַוועקגעשיקט אין אַ „שטראָף"־לאַגער, זייער ווייט, קיין פּוילן, ווו די זעלנער באַ־האַנדלען זייער שרעקלעך די „געפאַנגענע" און עקשנותדיקע גע־פאַנגענע.

אַליציאַס קול האָט געציטערט פון כּעס ווען זי האָט אַרויס־גערעדט די ווערטער. זי האָט געזען איר זון אַ געשמידטן אין קייטן און אַ געשלאָגענעם, ווי אַ שקלאַף. אָ! פאַרוואָס איז זי נישט געבוירן קיין מאַנספּערשוין, אַז זי זאָל האָבן די מעגלעכ־קייט צו שטיין פּנים־אל־פּנים מיט דעם פּינסטערן שאָטן אין פאַר־דרייטע וואָנסעס, וועלכער פילט אָן מיט יאוש אַזויפיל מוטער־לעכע הערצער!

— און מ׳דאַרף געדענקען, אַז ס׳האָבן זיך געפונען מטורפע, וועלכע האָבן דערהרגעט גוטע און נישט שעדלעכע קייסעריים! און קיינער טראַכט גאָרנישט וועגן דערהרגענען דעם דייטשן קייזער! זאָל מען מיר גאָרנישט דערציילן וועגן די אַנאַרכיסטן! כ׳גלויב נישט אין זיי!..

איר כּעס האָט זיך איבערגעגעבן אין אַ יאוש. זי האָט זיך דערמאָנט אָן אַ בילד, וואָס זי האָט געזען אין צייטונג ערגעץ: אַ שייטער־הויפן איינגעאָרדנט פון די דייטשן אין אַ רעפּרעסיע־לאַגער. מען האָט געזען אַ פראַנצויז אין שמאַטעס, צוגעבונדן צו אַ פלאָקן אויף אַ ברייטן פאַרשנייטן שטח; דאָ האָט געזאָלט קו־מען דער טויט אַ דאַנק שרעקלעכע יסורים און פּייניקונגען. דאָס פּנים פון דעם דאָזיקן מאַרטירער האָט מען נישט געקענט זען, ווייל זײַן קאָפּ איז געהאָנגען אַריבערגעבויגן איבער דער ברוסט. ס׳קען זײַן, אַז ס׳איז געווען איר זון. און אויב דער איז נישט געווען איר גערער, צו דערוואַרט איבן נישט אַמאָל אויך אַזאַ גורל?...

— און ווי אַזוי קען מען לעבן אין אַזאַ אומענדלעכע

בהלה!... זיי האָבן מיר נישט דערלויבט דיך אומקערן קיין שוויי-צאַריען. כ׳ווייס גאָרנישט ס׳זענען פאַראַן מינוטן ווען כ׳גלויב, אַז דער קאָפּ פּלאַצט מיר.

דערפאַר מייד איך אויס די איינזאַמקייט: דערפאַר שפּיל איך. איך דאַרף זעען מענטשן, רעדן, אַנטלויפן פון מיינע געדאַנקען... פון יענער צייט האָב איך בלויז דערהאַלטן איין קאַרטל פון געאָרגן, אַן אַ דאַטע, נישט אָנגעוויזן דאָס אָרט פון וואַנען ס׳איז אַרויסגעשיקט און כמעט אויפן זעלבן אופן געשריבן, ווי די פריערדיקע. ס׳איז זיין כתב, דאַכט זיך מיר אָבער אַז אַ פרעמדע האַנט האָט עס געשריבן. אָ! וויפל זאַכן עס דערציילט דאָס דאָזיקע קאַרטל... כ׳זע יענעם דעם אומגליקלעכן. דעם צוגעבונדענעם צום פלאָקן... באַדעקט מיט שמאַטעס... אויסגעמוטערט, ווי אַ שקעלעט... זון מיינער...

דער פירשט לובימאָוו האָט איר געמוזט פעסט נעמען ביי די הענט, כדי איר איינצוהאַלטן, נישט לאָזן איר פאַלן אויפן בעט אין אַ פאַרצווייפלטער קאָנוולסיע.

ער האָט באַדויערט, וואָס ער איז אַהער געקומען און האָט מיט זיין נייגיריקייט אַרויסגערופן אַזאַ שווערע ווידוי, וועלכע האָט אויפגעוועקט אַזויפיל ווייטאָק אין דער דאָזיקער פרוי.

אַליציאַ האָט באַמערקט, ווי מיכאַל איז גערירט און האָט זיך עטוואָס באַרויקט.

— אָ! ווען כ׳וואָלט נאָך געווען רייך! כ׳ווייס דעם כח פון געלט. כ׳וואָלט אויפגערודערט אַלע מענטשן און אַפילו מלוכות. כ׳וואָלט געשריבן צום קייסער, צו הינדענבורגן, כ׳וואָלט זיי געשיקט אַ מיליאָן, צוויי מיליאָן. „דערפאַר, וואָס איר האָט אומגעקערט דאָס שקלאַפנטום און איר פאַרשעמט זיך מיטן פלייש פון דער באַפעלקערונג — נאַט אייך געלט. נאָר דעם זון זאָלט איר מיר אומקערן!״ און ווידער וואָלט ער געווען צוזאַמען מיט מיר. כ׳בין אָבער אָרעם! אָ, ווען דו וואָלסט געוווסט ווי ליב איך האָב איצט געלט! איך חלום וועגן אַ גרויסע שפּיל, צו

געוווּנען אין משך פון אַ טאָג אַ מיליאָן, אַ האַלבן מיליאָן!.. וואָס פאַר אַ שמחה איז עס ווען כ׳ברענג אַהיים פון קאַסינא אפשר טויזנט פראַנק! דאָס האָב איך אויף דערויף צו קענען שיקן מיין זון אַ פעקל, אַז מיין אָרעמער קליינער זאָל האָבן צו עסן... אַמאָל האָב איך גאָרנישט געוווּסט וועגן די זאַכן, איצט גיי איך אַליין אין די קראָמען, כ׳שרייב צו די סוחרים. דו ביסט אַ גביר און ווייסט נישט ווי שווער עס קומט היינט אָן די אַלע זאַכן!.. דאָך שיק איך אים אַוועק פון די בעסטע מאכלים, וועלכע מען קען נאָר באַקומען. און כ׳בין שטאָלץ, וואָס כ׳קען זיך זאָגן אין געדאַנק: דאָס איז געקויפט געוואָרן פאַר דעם מאַמעס פאַרהאָרעוועט געלט, דאָס איז אַ פרוכט פון מיין אַרבעט!.. לאַך נישט, מיכאַל. אין דעם ליגט דער אמת. וואָרום, ביי וואָס אַנדערש וואָלט איך געקענט אַרבעטן? מיין איינציקע זאָרג איז דאָס אַוועקשיקן די דאָזיקע פעקלעך. „צום פליער בעטשעלעוו אין דייטשלאַנד." אָט דאָס אינגאַנצן. און געפּאַנגענע זענען דאָך פאַראַנען אַזוי פיל! כמעט אַלע מיינע פעקלעך גייען פאַרלוירן, אָבער מסתמא דערהאַלט ער דאָך אַמאָל כאָטש איינס, — ווי מיינסטו?

מיכאַל האָט איר געענטפערט מיט אַ נישט־קלאָרע רעזיגנאַציע־באַוועגונג. ווי דען, זיכער, אָן שום ספק.

און פּלוצים האָט אַליציאַ אַרויסגעוויזן אַ געוויסן גלויבן. שוין אַכט חדשים, ווי זי ווייסט פון אים גאָרנישט. אָבער, נישט איין מוטער געפינט זיך אין דער זעלבער לאַגע, וואָס זי. מען דאַרף נישט פאַרצווייפלט זיין. מענטשן, וועלכע זי האָט געהאַלטן פאַר געשטאָרבענע שוין, קערן זיך אום אַהיים. און איז דען פאַראַן אַ שכל דערביי, אַז איר זון זאָל האָבן אומגעקומען, זאָל האָבן געשטאָרבן פון נויט און הונגער, ווי אַ בעטלער!

אַלע זאָגן מיר פאָרויס גוטע נייעס. דאָס אומגליק קאָן שוין אַזוי לאַנג נישט געדויערן — ווי מיינסטו? דאָס איז פּונקט

אזוי ווי אין דער שפּיל: דער אומדערפאָלג נעמט אַמאָל אַן ענ-
דע אויך. מ'דאַרף זיך נאָר קענען אָן וואָס אָנשפּאַרן. איך האָב
באַדאַרפט זיין זייער צופרידן. קוים די נאַכט בין איך געשלאָפן
מיט שמחה... ס'איז אַריבער די צאָל דרייסיק, ווייסט? די דאָ-
זיקע דרייסיק טויזנט האָבן זיך אויסגעוויזן צו זיין די גרענעץ
פון מיין דערפאָלג. נעכטן אין אָוונט האָב איך געוווּנען אַכט-
ציק טויזנט פראַנק, דיין פריינט לעוויס איז שיער משוגע גע-
וואָרן: צו געוווּנען, אַקעגן אַלע רעגעלן און פאָרשריפטן — דאָס
קען נאָר טרעפן פרויען.

וואַרפנדיק אַ בליק אויפן פּירשט, האָט זי געטראָפן, אַז
ס'חידושט אים איר פריילעכקייט, וואָס איז אומיטלבאַר געקומען
באַלד נאָך די טרערן.

—איך קען נישט בלייבן אַליין. די זכרונות מאַטערן מיך.
האָסט מסתּמא געהערט ווי כ'האָב געזונגען ווען דו ביסט אַריינ-
געקומען. דאָס איז געווען אַן ענגליש לידל, וואָס מיין זון
פלעגט זינגען. כ'האָב זיך פאַרגעשטעלט, אַז דאָס זינגט געאָרג
און מיינע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן... דאָס זענען
אָבער זיסע טרערן... כ'זינג עס כּסדר ווען כ'געפין זיך אַליין.
ווען כ'בין אויפגעשטאַנען פון בעט, האָט זיך מיר אויסגעדוכטן,
אַז כ'הער אים אַרומגיין איבער זיין צימער, איך הער זיינע
טריט פון יענער זייט טיר... מיין קול איז געווען זיין קול און
ווען דו ביסט אַריין, האָב איך געמיינט, אַז כ'פאַל אַוועק. אויף
אַ ווײַלע בין איך זיכער געווען, אַז דאָס איז ער. וואָס וועט
זיין דאַמאָלסט, ווען כ'וועל אים אויף דער אמתן דערזען?...
וואָרום, כ'וועל דאָך אים זיכער נאָך זען. צו גלייבסטו נישט אין
דעם?...

די ווייסע בטחון-וויזיע האָט אַרויסגעשמייכלט פון איר
האַלב-געעפנטע אויגן, און מיכאַל, וועלכער האָט לאַנג געשוויגן,
האָט איר אָנגעהויבן צוגעבן מוט. אָרעמע פרוי! זי וועט ווי-
דעראַמאָל זען דעם זון. אין זיינע יאָרן קען מען אַלץ איי-
בערטראָגן. ער וועט זיך אומקערן און ווידער וועלן זיי ביידע

זיין צוזאמען און די איצטיקע טרויעריקע צייטן וועט ויך די אויסזען, ווי א שלעכטער חלום.

— איך וועל דיר העלפן. מ׳דארף אנהויבן אינטענסיוו צו ארבעטן, כדי מ׳זאל דיר אומקערן דעם זון דיינעם. כ׳וועל אוועק־שרייבן צום שפאנישן קעניג, ווען איך קען פערזענלעך; ער איז אמאל געווען אין מיין יאכט־שיף אויף א פרישטיק, דאס איז געווען אין סאן־סעבאסטיאן. כ׳האב פריינט אין פאריז, אויס־געצייכנטע דיפלאמאטן. כ׳וועל צו זיי אלע שרייבן. און אויב ס׳וועט נישט זיין גענוג, וועל איך דורך א נייטראלע רעגירונג, שיקן א בריוו דעם קייסער ווילהעלם. און ס׳קען זיין, אז ער וועט מיך הערן. איך דערמאן זיך זיינעם א וויזיט אויף מיין יאכט...

איצט האט זי אים כסדר אנגעכאפט ביי די הענט. זי האט געקוקט אויף אים פארעקשנט, מיט טרערן אין די אויגן און געשמייכלט.

—וואס פאר א גוטער דו ביסט!—האט זי אויסגערופן נאך א לאנג שטילשווייגן: ווי ווייניק מיר האבן זיך עס געקענט! ס׳איז נויטיק געווען דאס אומגליק, כדי מיר זאלן זיך קענען זען אזעלכע, ווי מיר זענען אין דער אמתן! האסט מיר פריער צוגעזאגט צו העלפן אין מיין נויט און איצט ווילסטו מיר צו־ריקגעבן דעם זון...

זי האט זיך אונטערגעגעבן די הארציקע צערידערונג. לו־בימאוו האט געזען, ווי איר קאפ האט זיך אנגעבויגן, דהאט דערפילט צוויי קוש אין דער האנט און האט געהערט איר שעפטשנדיק קול:

— איך דאנק דיר... איך דאנק דיר...

ער איז אויפגעשטאנען. ער האט נישט געקענט פארטראגן איר אונטערטעניקייט. נאר באלד איז זי אויך אויפגעשטאנען, כמעט גלייך מיט אים. זי האט אנגעכאפט זיין קאפ און אים געקושט אין שטערן.

אויף אים האט א פלאס־געטון א שמעקנדיקע כוואליע, ענ־

לעך צו יענעם ריח, ווען זי האָט אים אַ וואָרף געטון דעם ליילעך אין פּנים און דאָס האָט אים אויפגעטרייסלט. דאָס איז זיכער געווען אַ געוויינלעכער, דאַנקבאַרער קוש פון אַ מוטער, וועלכע דריקט אויס איר געפיל אויף אַ צו-אומפולסיוון אופן. פונדעסטוועגן האָט אים ארומגענומען אַזאַ שרעקלעכע און צו דער זעלבער צייט תאוהדיקע אויפרעגונג, אַז ער האָט געמוזט אויפעפענען די אָרעמס; ער האָט שוין אָבער אָנגעטראָפן אַ ליידיק אָרט.

באַדויערנדיק דאָס, וואָס זי האָט געטון, האָט זיך אליציא צוריקגעצויגן אויף עטלעכע טריט. זי איז שטיין געבליבן אין דער טיר, גרייט צו אַנטלויפן. מאַשינאַל דהאָט זי זיך פאַריכט די האָר און אויסגעווישט די טרערן, אין דער זעלבער צייט האָט זיך דאָס פּנים אירס באַדעקט מיט אַ רויטקייט.

—כ׳בין אַ משוגעת—האָט זי געשעפטשעט:—זיי מיר מוחל איך בין דיר אַזוי דאַנקבאַר, דערפאַר, וואָס דו ווילסט מיר העלפן...

אונטן, אין גאָרטן האָט זיך געהערט דאָס בילן פון גער-טענערס הינט, וועלכע דהאָבן כסדר אַרומגעוואָיעט איבער די ווילע און געשמעקט, ווי ער וואָלט דערשפּירט עפּעס אַ פרעמדנס אָנוועזנהייט.

— לאָמיר אַרויס פון דאַנען!—האָט אַליציאַ ערנסט אַ זאָג-געטון: דאָס שטוב-מיידל דאַרף באַלד זיך אומקערן פון קלויס-טער. כ׳וויל נישט, אַז מ׳זאָל דיר טרעפן אין מיין שלאָף-צימער. מ׳קען באַלד טראַכטן...

לובימאָוו, וועלכער האָט זיך גלייך באַהערשט, האָט באַ-וואונדערט איר שעמעוודיקייט, איר אומרויקייט, בעת זי דהאָט אַרויסגערעדט די ווערטער. ס׳האָט זיך אים דערמאָנט אין באַרי-זער „שטודיא:״ איז דאָס טאַקע מעגלעך, אַז דאָס זאָל זיין די זעלבע פּ־וי?

—קום, ווען ס׳איז נאָכאַמאָל צוגאַסט—האָט אַליציאַ שטיל געזאָגט באַלייטנדיק אים צום טויער: איצט ווייסטו אַלץ. דו

איינער נאַר. ס'וועט מיר זיין זיס צו רעדן וועגן אים מיט דיר, אָנצונעמען דיין הילף און טרייסט.

אין משך פון עטלעכע שעה, ד'האָט דער פירשט נישט אויפגעהערט צו טראַכטן איבער די דאָזיקע פּלוצים אַנטדעקטע ידיעות.

אָט דער זון, וועגן וועלכע קיינער האָט נישט געוווּסט, ער האָט איבערגעביטן די דאָזיקע ווילדע געליבטע און אַ מוטער; די טרערן און די צרות ד'האָבן פאַרדעקט איר אַמאָליק מטורף־דיק לעבן. און אָט, צווישן די דאָזיקע אַלע איבעראַשונגען, איז אויפגעשטאַנען, תחית־המתים דער מענטש און זיך אומגעקערט אין זיין קערפּערלעכע תפיסה.

און כדי צו פאַרגעסן דעם לעצטן איינדרוק, האָט ער זיך צוזאַמענגענומען אין די געדאַנקען, ספּעציעל איבער דער פירשטנס אויפדעקונגען און איבער דער מוטערלעכע ליידן אירע. די אומגליקלעכע נעבעך!

זעענדיק איר אַן אָרעמע און אַ פאַרלאָזענע, אָן וועמעס ס'איז אונטערשטיצונג, האָט ער אָנגעהויבן פילן אַן אמתע צוגעבונדנקייט צו איר. ער האָט איר געזען אַזאַ, ווי זי איז געווען אין שלאָף־צימער, מיט פייכטלעכע אויגן פאַרגרעסערטע פון צער, מיט אַ הענגנדיקע טרער אויף אַ ברעם מיט יענער טראַגישע שיינקייט פון דער הייליקער בתולה, וועלכע האַלט אויף אירע קניען דער גוף פון געקרייציקטן... MALER DOLOROSA!

—צי האָב איך זיך פאַרליבט אין איר? — האָט ער זיך אַליין געפרעגט:—כ'האָב איר ליב אויף אַזויפיל, וואָס כ'וואָלט קיינמאָל נישט געוואָלט גלויבן, אַז כ'בין פעיק אויף דערויף! יאָ. זי איז פאַר מיר די איינציקע, די איינציקע פריינדן, וואָס איז ווערט מיין מיטגעפיל, וואָס איז ווערט, אַז איך זאָל זיך מיט איר פאַרנעמען.

ביים פרישטיק איז ספּאַדאַני נישט געווען אין דער ווילע.

אטילא האָט אים געזען מיט ענגלענדער פון ניצע. זיי ד'האָבן

געגעסן צוזאַמען פרישטיק אין האָטעל־דע־פּאַריז, שמועסנדיק וועגן נייע קאָמבינאַציעס. ס׳איז געגאַנגען וועגן דעם: זיי זאָלן שפּילן ביי פיר פאַרשידענע טישלעך, לויט אַ שותּפותדיקן סיסטעם, וואָס דער פּיאַניסט האָט געהאַלטן פאַרן בעסטן.

נאָך די קאַווע, זענען זיך די איינוווינער פון דער לוק־סוסאָווער ווילע צוגאַנגען. דער ערשטער איז קאַסטרא אַוועק, אין קאַסינאַ אַריין. ער האָט געהאַט דעם פאָרגעפיל, אַז ס׳וועט זיין היינט „אַ שיינער טאָג״. ער האָט געטראַכט וועגן אַ געוויסן קרופּיער, וואָס הויבט אָן זיין דינסט דריי דער זייגער. ער האָט געקענט זיין אויפן פון ווארפן האָס קיילכל. אַ טייל האָבן קורצע הענט, אַנדערע לאַנגע. דער פלעגט תמיד וואַרפן אויפן נומער 17.

נאַוואַא איז אַוועק נאָך אים; ער האָט אָבער ווייניקער אָפּן אָפּגעגעבן די סיבות. ער האָט געשטאַמלט און איז רויט גע־וואָרן ביים געזעגנען זיך מיטן פירשט.

מעגלעך אַז ער וועט דעם האַלבן טאָג, פאַרברענגען מיט זיינע חברים אין מאַנאַקאָ, אָבער, אפשר וועט ער גאָר מאַכן אַ שפּאַציר.

דאָס איז געווען אַ צעררודערטער מענטש, וואָס איז נישט פעיק צוזאָגן ליגן.

דער פירשט איז געבליבן אַליין. עטלעכע מינוט האָט ער געקוקט אויפן ים, נאָכדעם האָט ער איבערגעביטן דאָס פענ־סטער און געקוקט אויף זיינע גערטענער. פלוצים האָט ער אָנ־געקלונגען: מ׳זאָל אַריינבעטן דאָן מאַרקאָסן. צו זאָגן האָט ער אים אייגנטלעך נישט געהאַט וואָס; ער האָט אים נאָר געוואָלט זען, כדי נישט צו פילן זיך איינער אַליין.

איינע פון די אַלטע שטוב־מיידלעך איז אַריינגעקומען און צעווייסן געגעבן, אַז דער פּולקאָווניק איז געפאָרן קיין מאַנטע־קאַרלאָ.

— ער אויך! — האָט דער פירשט אַ טראַכט געטון.

ער האָט גענומען דעם מאַנטל און הוט און איז אַרויס. די פּאַרלאָזטע ווייליע האָט אים אויסגעזעצן צו זיין גרעסער און ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכטן, אַז איר צאַרנדיקע שטילקייט פּראָטעסטירט: צי אויף דערויף איז זי געבויט געוואָרן פאַר אַזעלכע גרויסע קאָסטן?

גיך איז מיכאַל צוגעגאַנגען צום קאַסינא. ער האָט אויסגעמיטן דעם גרויסן אַטריום מיט די יאַספּיס־קאָלומנען און איז אַריין אין שפּיל־זאַל.

דאָרט איז אָנגעגאַנגען אַ שטאַרקע באַוועגונג. אַלע האָבן ערגעץ־ווו געאיילט. ער איז מיטגעריסן געוואָרן פון דער אַלגעמיינער טרייב־קראַפט.

נייגיריקע זענען גלייכגילטיק פאַרביי די רולעטקע־טישן, כדי צו פאַרזאַמלען זיך אַרום דעם לעצטן טיש.

—וואָס איז עס דאָרט?

אַריבערקוקנדיק איבער די קעפּ האָט דער פירשט דערזען אַליציאַן אַ פאַרטראַכטע.

אַלע בליקן זענען געווען אָן איר ווי צוגעקלעבט. לעבן איר איז געלעגן אַ קופּע קיילעכיקע זשעטאָנען צו פינף־הונדערט פראַנק און אויך אַ גרויסע צאָל באַנקנאָטן.

זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָט דערזען מיכאַלן און אַ שמייכל געטון צו אים מיט אַ גליקלעך שמייכעלע. ס׳האָט זיך געקענט דוכטן, אַז זי קושט אים מיטן בליק. און מיט דער אינטערעסעניקייט פון המונים, וואָס לאָזט זיך באַהערשן פון התלהבות, אָדער פון שטוינונג, האָבן אַלע געקוקט אויף דעם מענטש, וואָס איז אויף אַזאַ אופן באַגריסט געוואָרן פון דער העלדין.

דער פירשט האָט זיך דערפילט שטאָלץ, ווי דאַמאָלסט, בעת אַ באַרימטע זינגערן האָט אים פון דער סצענע אַראָפּ באַ-

גריסט, זינגנדיק, מיט איינגעגראָבענע בליקן אין אים.

באַלד האָט זיך אַליציאַ צוריק צינויפגענומען אין די געדאַנקען. מ'האָט געקענט מיינען, אַז עפּעס אַ נישט־געזעענער, אַ ריזיקער, שטייט לעבן איר שטול און שעפּטשעט איר אין אויער אריין עצות, אָרגינעלע און דרייסטע באַשלוסן. אירע אויגן, וואָס האָבן געלויכטן מיט אַ פּאָספּאַרישן שיין, האָבן געזען זאַכן, וואָס זענען פאַר אַנדערע געווען אומגעלעך צו זען.

איר שטום מויל האָט געציטערט. ווי זי וואָלט געהאַט אַ שמועס מיט עמעצן, אַן אומגעזעענעם. און אַזוי שטייענדיק האָט מיכאַל געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרשטיין די דעמאָנישע קראַפט, וואָס גיט די אַרטיסטן די לעצטע אומפאַרגלייכלעכע אַקאָרדן, דאָס באַגייסטערטע וואָרט, דעם געניאַלן פּענזל־שמיר.

זי האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ גוואַלטיקן אַזאַרט. די האַנט האָט אָפּגעלאָזן געריקט דאָס העכסטע איינשטעל־געלט, דאָס העכסטע וואָס איז אין אַזאַ שפּיל דערלויבט. און דער עולם מיטן געצן־דינערישקייט, וואָס שאַפט זיך בעת אַ דערפאָלג, האָט זיך אינטערעסירט מיט דער פירשטן, פּונקט ווי יעדער איינער וואָלט געגלויבט, אַז ער וועט זיין אַ שותּף צו אירע געווינסן. יעדער האָט פאָרויסגעזען איר נצחון. און פאַקטיש: ווען זי האָט געווונען, האָט זיך איבערגעטראָגן פון איין גרופּע צו דער צווייטער אַ צופרידענער גערויש, אַ געזיפץ פון דערלייכטערונג.

טיילמאָל, ווען זי האָט פאַרשפּילט, האָט אַ טיף שווייגעניש אויסגעדריקט איר מיטגעפיל. אין מאָמענטן ווען זי האָט אַ שטויס־געטון זשעטאָנען, האָט זי אויפגעהויבן די אויגן, ווי זי וואָלט זיך צוגעהערט צו איר אומגעזעענעם שותּף, זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, אַלס צייכן פון הסכמה און האָט ווייטער אָנגעהויבן פון די שפּיל. אַ צופרידענער געטומל האָט זיך געלאָזט הערן בעת זי האָט אין דער ריכטיקער צייט צוריקגעצויגן

איר געלט.

פולע האָבן געציילט מיט נייגעריקע בליקן די סומע, וואָס האָט זיך לעבן איר אָנגעקליבן.

—זי האָט שוין דריי הונדערט טויזנט... און אפשר מער... ב׳ווינטש איר, אַז זי זאָל געווינען אַ מיליאָן... וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן וואָלט דאָס זיין, אַז דער קאָסינא זאָל זיך מוזן אונטערגעבן!...

ס׳האָט געפעלט אַ האָר, אַז מ׳זאָל איר נישט אַפּלאָדירן. די יעניקע, וועלכע האָבן אין דאָזיקן טאָג פאַרשפּילט, די האָבן דערפילט אַ פרייד פון נקמה.

„וואָס פאַר טאָג״!... נישט אָפט קען מען האָבן די געלעגנהייט צוזען אַזעלכע זאַכן!..

מיט אַ שמייכל האָבן זיך באַוויזן די באַאַמטע, וואָס האָבן זיך באַמיט אויסבאַהאַלטן דעם איינדרוק, וואָס דאָס מאַכט אויף זיי; וואָרום דריי מאָל זענען זיי שוין געווען אין דער צענטראַל-קאַסע, כדי צו האָבן מיט וואָס צו צאָלן דער דאָזיקער מאַדאַם, וועלכע האָט אָפּגעליידיקט דעם טיש.

די דאָזיקע נייעס איז זיך באַלד צעגאַנגען איבערן גאַנצן בנין.

די פאַרוואַלטונגס-מיטגלידער פון דער ביורא אויפן ערשטן שטאָק, האָבן אַרומגערעדט דעם נישט געשמאַקן ביסן, וואָס דאָס מזל האָט זיי צוגעטיילט. עפּעס אויסערגעוויינלעכס, עפּעס שטורמיש, ענלעך צו דעם אָטעם פון אַ רעוואָלוציע, וואָס באַקומט זיך אַריין אין די ווייטסטע ווינקעלעך.

די וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אינטערעס אין די רעווערוו-זאַלן, האָבן זיך געפרעגט ביי די יעניקע, וועלכע זענען פון דאָרט אַרויס און האָבן די נייעס געחזרט פאַר זיך מיט אַן התלהבות.

אין די טואַלעט-צימערלעך, אין די קאָנטראָמאַרקע-שטיבלעך, אין די קעלערן, אין די ערטער ווו די שווייצער, דינסטן

און פייער-לעשער האָבן געלעבט אין דער אייביק קינסטעלעכע באַלויכטונג—האָט די נייעס אויפגעוועקט די האַלב-פאַרשלאָפענע נידריקע פונקציאָנארן און זיי האָבן צערודערט, פונקט ווי קרעמער וואָס לייזן שוואַך געלט.

— מען זאָגט, אַז עפּעס אַ געוויסע פּירשטן, אויבן, האָט איינגעזאַמלט אַ מיליאָן. איצט שמועסט מען שוין, אַז צוויי...

פון אָט די צוויי מיליאָן איז אין אַ ווײַלע אַרום געוואָרן דריי... אין אַ האַלבע שעה שפּעטער האָבן די פּשוטע פונקציאָנארן, וועלכע האָבן זיך געעלטערט, לעבנדיק פון דער שפּיל און נישט נעמענדיק קיין אַנטייל אין איר—זיי האָבן צוגעלייגט נאָך אַ מיליאָן.

און פּלוצים האָט מיכאַל דערשפּירט אַ שטאַרקן כּעס אויף אָט דער פרוי. נאָכן באַגריסונגס - שמייכל, האָט זי שוין מער נישט געלייגט אויף אים קיין אַכט. זי האָט אויף אים עטלעכע מאָל געוואָרפן אַ בליק און ער האָט איר נישט געזען. ער איז געווען איינער פון די מאַסע צוקוקער און זי, זי איז אויך דאַזיקן מאָמענט געווען פאַרנומען בלויז מיט אירע זשעטאָנען.

אין מיכאַלן האָט זיך אויפגעוועקט אַ צאָרן פון אַ מאַראַליסט. ס'איז אים געווען אַלץ איינס, וואָס אַליציאַ לייגט נישט אויף אים קיין אַכט. דעם דאַזיקן געדאַנק האָט ער זיך עטלעכע מאָל איבערגעחזרט מיט אַ גלייכגילטיקייט. זי איז נישט געווען זיין געליבטע און פאַקטיש האָט זיי גאָרנישט צוזאַמענגעבונדן. אָבער איר זון!... אויב עמעצער וואָלט איר איצט דערמאָנט פון דעם געפאַנגענעם פליער, וואָלט זי זיך געמוזט אָנשטרענגען, אַז זי זאָל זיך אים דערמאָנען.

און עטלעכע שעה פריער האָט זי ערלעך געוויינט איבערן גורל פון איר געאָרגן.

פאַרן פירשט איז דאָס געווען צופּיל, די שטרענגקייט זיי-

נע האָט נישט געקענט איבערטראָגן די דאָזיקע גלייכגילטיקייט. און מאַכנדיק זיך אַ וועג צווישן עולם, האָט ער פאַרלאָזט ספּאַ- דאניס אַקסל, ספּאַדאני, וועלכער איז צופעליק געשטאַנען לעבן אים און געקוקט אַ פאַרד־היפּנאָטיזירטער אויף דער פירשטנס אוצר.

לובימאָוו האָט אָנגעהויבן שפּאַצירן איבערן זאַל. ס'האָט אים פאַרדראָסן אליציאַס עגאָיזם, ער האָט זיך אָבער נישט גע- קענט דערווייטערן פון איר. ער האָט געד־האַט דאָס געפיל, אַז ער דאַרף זיך געפונען נאָענט פון איר. ער וועט זען, ווי ווייט ס'וועט דערגיין איר גלייכגילטיקייט.

ער האָט אָנגעטראָפן אויף אַ פאַרשוין, וואָס איז געגאַנגען צווישן די טישן און זשעסטיקאַלירט מיט די הענט און גע- מורמלט האַלב-פאַרשטענדלעכע ווערטער. דאָס איז געווען לע- וויס.

—האָט איר געזען, ווי אַזוי זי שפּילט?—האָט ער צאָרנ- דיק געזאָגט:—אַזוי ווי אַ חיה... ווי אַן אמתע חיה... מ'דאַרף דאָ אַהער נישט אַריינלאָזן קיין פרויען.

ווי געווײנלעך האָט ער פאַרשפּילט דעם גאַנצן האַלבן טאָג, ס'איז אים אַפילו נישט געבליבן קיין געלט אויף צו קויפן וויסקי אין באַר; מ'האָט אים דאָס געמוזט געבן אויף קרע- דיט.

באַלד האָט ער זיך דערמאָנט, אַז די פירשטין איז דעם פירשטס אַ קרובה און ער האָט צוגעגעבן.

—ס'איז מיר זייער נישט אָנגענעם נאָר זי שפּילט ווי אַ שוטה.

און ער האָט זיך אָפּגעקערט אַ מורמלענדיקער, זייענדיק זייער אין כעס.

דאָן מאַרקאָס איז גיך אַדורך, נישט זעענדיק דעם פירשט, ער האָט זיך געאײַלט זיך מאַכנדיק אַ וועג צווישן דעם נייגי- ריקן עולם מיט זיין דעקאָראַטיוו-אויטאָריטעטע פערזאָן. די יו׳יעה

איז אַזש דערגאַנגען צום טעאַטער און אַ גרויסע צאָל צוקוקער האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון די לעצטע אָפּערע-אַקטן, כדי צו קע-נען זען מיט די אייגענע אויגן דעם דאָזיקן אויסטערלישן דער-פאָלג.

אין אַ טונקל ווינקל, האָט דער פירשט דערזען נאָוואַן אויף אַ מאַפּע, צוזאַמען מיט וואַלעריאַן, דער פירשטנס פריינדן. אַ ממזר! אויף אַזאַ אופן האָט ער שפּאַצירט איבער מאָנאַקאָ, אָדער אויף די ניצער וועגן!... די דאָזיקע צוויי מוזן זיך שוין אויף געוויס לאַנג געפונען אין אָט דעם האַלב-שאָטן, אויב אויף דעם אַלעם, וואָס רינגלט זיי אַרום.

לובימאָוו האָט פאַרבראַכט אַ שעה צייט, געמיטלעך צו-לייגט אויף אַ פּאָטעל אין באַר, אין דער סביבה פון קאַסטראַן. אַ צווייג פון אַ בוים האָט לייכט געקלאַפּט אין בין-השמשותדיקן פענסטער

אַטילאַ האָט געערדט מעלאַנכאָליש, קלאָגנדיק זיך אויף אָרעמע וויעטשערעס. געבראָטענע מאַנדלען און געפּרעגלטע קאַרטאָפל, דאָס זענען געווען די בעסטע מאכלים וועלכע מען האָט געקענט באַקומען אין אָט דעם פאַרשווענדערישן הויז פון די רייכע. אַזוי האָט געדײַסן די מלחמה-צייט. ער האָט אָן אויפהער געזידלט די שפּיל-לײַדנשאַפט ביי די פרויען, וועלכע פאַרמאָגן נישט קיין ליבע, וואָס זאָל באַרויקן זייערע פאַר-שטעלונגען.

געהיימנישפול האָט ער אָנגעוויזן אויף אַ פּערזאָן אין אַ געוויסע עלטער, אַן אָפּגעמאַלעוועטע, אין באַשיידענע מלבושים. וועלכע ס'האָבן אַרומגערינגלט צוויי פרויען מיט תּחנונימדיקע באַוועגונגען. ס'איז נישט שווער געווען צו טרעפן, אַז זיי זענען אַהערגעקומען נישט שפּילן, נאָר באַזאָרגן געוויסע געשעפטלעכע ענינים, ווייט פון זאַל-געטומל.

—זיי ווילן באָרגן ביי איר געלט. און די דאָזיקע מאַראַם

לאָזט זיך בעטן — האָט קאסטרא געזאָגט: — די דאָזיקע פּרוי איז אַ קאָנקורענטן יענעם נידריקן אַלטן, וועלכע טראָגט אָן דער קלאַפּע אָנגעהאָנגען אַ בענדל מיט אַ יעזוס-קריסטוס-הערצל. דאָס איז אַ באַרימטער פּראָצענטניק! ער האָט אָנגעהויבן אַלס יינגל אין אַ קאַפע-הויז און פאַרמאָגט, נאָך אַ דרייסיק יאָר ערלעכע אַרבעט, אַוודאי צוויי מיליאָן.

אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט שענקט ער אַוועק אַ דערפל אין לאַ-טורביע, וואָס רופט אים איר וווילטעטער. פאַרשידענע הייליקע פיגורן אין אַ קאָטשטשיול האָט ער אויפגעשטעלט... אַכטונג! די דאַמע ווערט ווייכער. די הלוואה איז שוין פאַרטיק.

נאָר די שפּילער, וועלכע האָבן זיך אַרייַנבאַקומען אין טויער, זענען באַפאַלן געוואָרן פון אַן אַלגעמיינעם: „צו זי געווינט נאָך אַלץ“.

דאָס האָבן זיי געמיינט דער מאַדאַם דע-ליסל. די לעצטע נייעס האָט נישט פאַרמאָגט די אַלגעמיינע איינשטימיקייט. טייל האָבן געהאַט פאַראַדאָקסיקע מינעס: יאָ, דאָס מזל גליקט איר נאָך אַלץ.

דער ערשטער ענטוזיאַזם איז פאַרשוווּנדן. אַ שאָטן פון קנאה האָט זיך אַרייַנגעקראָגן אין די ווערטער. אַנדערע ווידער, וועלכע זענען אויך געפּייַט געוואָרן פון זעלבן עגאָיסטישן געפיל, האָבן מיט הנאה באַטאָנט אַ געוויסן „אַראָפּפאַל“, ס׳הייסט: זי געווינט און פאַרשפּילט.

אירע גוטע אייַנפאַלן ווערן זעלטענער, נאָר אויב זי וועט זיך צוריקציען, טאַקע באַלד, וועט זי נאָך קענען מיטנעמען מיט זיך אַ דריי-הונדערט טויזנט פראַנק.

אטילא און דער פירשט האָבן דערזען לעוויסן, שטייענדיק ביי די קאַנטאָרן פון באַר, טרינקנדיק וויסקי. די דאָזיקע משקה האָט אים צוריקגעקערט דעם שלום און אים געלאָזט מאַכן פאַרשידענע קאָמבינאַציעס, וואָס זאָלן אים צוריקגעבן דאָס פאַרמעגן און דערלויבן רעסטאַווירן דעם שלאָס.

זיי האָבן אים גערופן, כדי צו דערציילן וועגן דער פירשטנס דערפאָלג. לעוויס האָט געצויגן מיט די אַקסלען מיט אַ פּאַרדראָסיקע מינע. ס'איז אַן אבסורד צו גווינען אַזוי פיל, שפּילנדיק אַזוי שלעכט.



בלאַסקאָ איבאַנעס.

# פּרויען־פּיינט

(ראָמאַן)

ייִדיש — מ. זאַמלער

פארלאג מ. גאָלדפארב

1928 װארשע

# VII.

אַ נייע פּערזענלעכקייט האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן צווישן די איינוואוינער פון דער ווילִיע סירענע. דער פּאָלקאָווניק ד׳האָט גערעדט מיט התלהבות וועגן דעם דאָזיקן פּריינט, וועלכן דאנא קלארינדא האָט אים פאָרגעשטעלט.

—דאָס איז אַ שפּאַנישער לייטענאַנט פון פרעמדן-לעגיאָן. ער וואוינט אינם פּאַלאַצל, וואָס איז געשאָנקען די רעקאָוואַלס-צענטן פון פירשט מאָנאַקאָ. מען רופט אים: אַנטאָניאָ מאַרטי-נעז. אַ געווײנלעכער נאָמען, דערפאַר אָבער אַ שיינער זעלנער, אַ העלד און כ׳פאַרשטיי באמת נישט ווי אַזוי ער לעבט מיט אַזעלכע שווערע ווונדן.

די גענעראַלאָווע, וועלכע האָט געהאַט אַ צעטל פון אַלע באַרימטע מיליטער - מענער, וואָס זענען געקומען קיין מאָנטאַ-קאַרלאָ, ד׳האָט זיך געוואָלט באַקענען מיט אָט דעם לייטענאַנט און זי האָט אים גענומען אונטער איר שוץ. די פירשטן דע-ליסל ד׳האָט זיך אויך פאַרנומען מיט אים און ביידע שטאָלצע פון דעם דאָזיקן קאַטויל, האָבן אים געבראַכט אין אַטריום פון קאַ-סינא, האָבן געדונגען אויטאָס, צו באַווייזן אים די שענסטע ער-טער פון בלאָען-ברעג און האָבן אים געשפּייזט מיט די בעסטע

מלחמה-דעליקאַטעסן וועלכע ס'איז נאָר געווען צו באַקומען. מיט שווערע ווונדן אין קאָפּ פון שרעקלעכע שראַפּנעלן, פאַרסמט פון גיפט-גאַזן האָט ער פון צייט-צו-צייט געליטן אויף נערוון-אָנפאַלן, ביי וועלכע ער פלעגט אַוועקפאַלן אין אַן אומבאַוווּסטן צו-שטאַנד. ער האָט נייטיק געהאַט אַ לעבן אָן אויפרעגונג. און די ביידע דאַמען, וועלכע האָבן געקענט זיין מצב, האָבן אים זייער באַדויערט. אַזוי יינג! אַזאַ האַרציקער און אַזאַ שעמעוודי-קער. אויפן געלן מונדיר האָט ער געטראָגן אַ מלחמה-קרייץ און אַן ערן-לעגיאָן אויסצייכענונג.

דאנא קלארינדא האָט זיך אונטערגענומען אַריינצופירן אים אין די גערטענער פון דער ווילליע סירענע, נישט אָנפרעגנדיק פריער ביי לובימאָוון. דער פירשט האָט זיך צוגעקוקט צום דאָ-זיקן העלד, וועגן וועלכן דער פּולקאָווניק האָט אים שוין גע-האַט אַזויפיל אָנדערציילט.

דאָס איז געווען נאָך אַ יינג יינגל, וואָס האָט זיך גע-רויטלט ביי יעדן מאָל, ווען מ'האָט אים דערמאָנט אָן זיינע קערפּערישע מעשים. אָן זיינע ערן - אויסצייכענונגען האָט מען אים געקאָנט האַלטן פאַר אַ דורכשניטלעכן האַנדלס-אַגענט. ער איז אַלט געווען זיבן-און צוואַנציק יאָר, האָט אָבער אויסגעזען יינגער, אָפּגעמאָגערט און אָפּגעשוואַכט פון די ווונדן און יסורים.

לובימאָוו, וועלכער האָט נישט פאַרטראָגן די פלאָדערייען איבער די העלדן און פאַנפאַרן, האָט זיך אין אָנהייב געהידושט און שפּעטער איז ער אַדורכגענומען געווען פון דעם דאָזיקן אָפּיצירס פּשוטקייט.

נישט דרייסט, צוליב דער אָנוועזנהייט פונם בעל-הבית פון דער ווילליע סירענע, האָט מאַרט נעז דערציילט, אַז ער קומט אַרויס פון אַ פּשוטן יחוס; ער האָט דאָס דערציילט אָן שום גע-מאַכטע חרפה און אָן שטאָלץ. ער איז געווען אַן אָרעמער זון און האָט פּרובירט מאַכן אַ קאַריערע, נאָר די נויטיקייט פון פאַר-דינען אויפן לעבן, האָט אים געדרייסן אַוועקוואַרפן די ביכלעך

און נעמען זיך צו פאַרשידענע מלאכות. און אין שפּאַניען איז דאָן אַזוי שווער צו פאַרדינען !.. נאָך דער מלחמה אין מאראָ־קאָ אין די שפּאַנישע רייען, האָט ער געדינט אין פאַרשידענע דרום-אַמעריקאַנישע רעפּובליקן, תמיד קעמפנדיק מיט דער נויט און מיטן ביטערן מזל.

— דאָרט, ווו אַזויפיל פּשוטע מענטשן האָבן געמאַכט אַן אוצר, האָב איך נאָר געוווּסט פון נויט און אָרעמקייט, ענלעך צו יענע, וואָס כ׳האָב געליטן אין מיין פאָטערלאַנד... און ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָט מיך דאָס פאַרהאַלטן זיך פון די דייטשן אויפגערעגט, ווי פיל אַנדערע. כ׳האָב זיך דאַ־מאָלסט געפונען אין מאַדריד. אין אַ געוויסן אָוונט האָב איך מיט נאָך עטלעכע חברים, באַשלאָסן צו שלאָגן זיך אויף דער זייט פון פראַנקרייך. דער יעניקער, וואָס וועט זיך צוריק ציען זאָל באַצאָלן הונדערט פּעזיס. אַלע זענען אַנטלאָפן אַ חוץ איך איי־נער; נישט דערפאַר, וואָס איך האָב נישט געוואָלט באַצאָלן די שטראָף, ניין. איך האָס מיין אָנשווינג, כ׳האָב געלייענט. איך בין אַ רעפּובליקאַנער... פראַנקרייך איז דאָס לאַנד פון די גרויסע רעוואָלוציעס. איך בין אַריינגעטרעטן אין פרעמדן-לעגיאָן וועל־כער האָט זיך אָרגאַניזירט אין באַיאָן, וואָס איז באַשטאַ־נען אין זיין גרעסטן טייל פון שפּאַניער. זייער ווייניק איז פון זיי געבליבן. אַ טייל זענען געפאַלן און די יעניקע, וועלכע זע־נען לעבן געבליבן, זענען קאַליקעס אויף אייביק, ליגן צעוואָרפן איבער פאַרשידענע שפּיטעלער. איך האָב געקענט די מלחמה, די בערג-מלחמה אַ קייגן די מאַראָקאַנער פון ריף און כ׳בין דער־גאַנגען, אָן שום שוועריקייט, צו דער מדרגה פון אַ רעזערווי־לייטענאַנט אין מיין פאָטערלאַנד. מעגלעך, אַז דערפאַר בין איך באַלד אין די ערשטע וואָכן, געוואָרן אַ סערזשאַנט און לעגיאָן... די ווירקלעכקייט איז אָבער זייער נישט אַנגענעם... מענטשן, װאָס זענען געקומען אין די מיליטערישע רייען אויפן רוף פון באָטערלאַנד, האָבן געקוקט אויף אונז מיט אומצוטרוי. פאַר אַנ־

דערע פולקן זענען מיר געווען שלעפער, דעזערטערן, אַזעלכע, וואָס זענען אויסגעשלאָסן פון יעדע רעכט.

— ס׳הייסט, דו האָסט אַוודאי געמוזט שטאַרבן פון הונ־גער — האָבן זיי געזאָגט: און די ביסט אַהערגעקומען דערגערן זיך!..

און צווישן אונז האָבן זיך געפונען זשורנאַליסטן, סטו־דענטן, מענטשן, וועלכע זענען געשטויסן געוואָרן פון אַן אויפ־ריכטיקן ענטוזיאַזם אין די רייען... נאָר לאָמיר דאָס לאָזן צורו. אין יעדן לאַנד געפונען זיך מענטשן, וועלכע זוכן אין אַלץ די מאַטעריעלע זייט.

זיין מלחמה-געשיכטע איז געווען געקייטלט פון קאַמפן, שוצן-גראָבנס, מאַנאַטאַנע און אומענדלעכע און פון אַטאַקעס אויף באַגנעטן. ער איז אָנגעקומען נאָכן קאַמף ביי דער מאַרנע און ער וועלכער האָט דערוואַרט אַ גרויסן קאַמף פון מיליאָנען מענטשן, אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט, מיט ריזיקע האַרמאַטן — האָט בלויז אַנטייל גענומען אין אַ רייע קאַמפן איינצלנע, אין קאַמפן ביי וועלכע מ׳האָט נאָר געקענט פאַרכאַפן אַ שטיקל ערד פון עטלעכע מעטער, און געשלאָגן אַ קייגן איינצלנע, בשעת דער פאַרייניקטער פראָנט פון די שונאים איז געלעגן באַהאַלטן אונ־טער דער ערד.

פון דעם דאָזיקן לעבן אין די דאַרדאַנעלן איז אים פאַר־בליבן זייער טרויעריקע זכרונות. ער האָט זיך אפילו נישט גע־וואָלט דערמאָנען אָן דעם דאָזיקן מאומדיקן קאַמף. די מלחמה אין פראַנקרייך האָט אים אויסגעזען צו זיין אַ סך רויקער פון יענער מלחמה, וואָס איז אָנגעגאַנגען אויף אַ מרחק פון עטלעכע קילאָמעטער, מיט ים פון הינטן און מיט אומבאַזיגבאַרע טראַנ־שייען פון פאָרנט.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן; אָבער דער פולקאָווניק איז צו אים צוגעשטאַנען און, כמעט, מיט אַ פאָטערלעכן שטאָלץ גע־בעטן ער זאָל ווייטער דערציילן.

— ווונדז—האָט מאַרטינעז ווייטער גערעדט אין זיין פשוטן

פאַרט: וווּנדן האָב איך אַ סך. כ׳וועל נישט אויסרעכנען די אַלע שפּיטעלער, וועלכע כ׳בין אַדורכגעגאַנגען, דורך די דריי יאָר פון מיין רייזע איבער פראַנקרייך אין די וואַגאָנען פון רויטן-קרייץ.

אויב מיר שטאַרבן נישט גלייך, זענען מיר מיט דעם ענלעך צו די פערד, וואָס ווערן גענוצט אין די אָקסן-קאַמפּן. מ׳נייט אונז צו די הויט הינטער די קוליסן פון צירק, מ׳דער-קרעפּטיקט אונז אַביסל און, דערנאָך שיקט מען אונז ווייטער אַרויס אויף דער ארענע, ביז צום לעצטן הערנער-קלאַפּ, וואָס מיר דאַרפן באַקומען.

סאָלעדא, וועלכער איז געוואָרן אַ ביסל אומרויק, צוליב דער פשוטער האַלטונג פון אָט דעם ייִנגמאַן, האָט גענומען דער-ציילן וועגן העלדישע סיטואַציעס און וועלכע ער, מאַרטינעז, איז עטלעכע מאָל געראַנירט געוואָרן.

דער פירשט לובימאָוו האָט גישט געקענט פאַרבאָרגן זיין פאַרחידושטקייט איבער דעם דאָזיקן בחורל. ס׳האָט אים אויסגע-וויזן צו זיין אונמעגלעך, אַז אַ מענטשלעכער אָרגאַניזם זאָל קע-נען אַזויפיל פאַרטראָגן, אַז אַזויפיל אימהדיקע זאַכן זאָלן פאַלן איבער אַ מענטשלעך וועזן און פון אים זאָל נישט ווערן קיין פולשטענדיקן תל.

נאָר ער האָט נישט געוואָלט אָננעמען קיין לויבן; דאָס געהערט דעם לעגיאָן. ער האָט גערעדט וועגן לעגיאָן, ווי אַ מאַטראָז רעדט איבער זיין שיף. די גאַנצע מלחמה האָט ער געזען דורך איר!... די פראַנצויזן האָבן געשלאָגן דרייסט. נאָר דער גאַנצער אויסלענדישער לעגיאָן!... מ׳האָט אין ערגעץ נישט געקאָנט זען אַזעלכעס, וואָס מען זאָל קענען פאַרגלייכן מיט אים. אין אָנהייב איז דער פרעמדער לעגיאָן באַשטאַנען פון זעלנער, וואָס האָבן אָנגעקערט צו פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, נאָר פון דעם מאָמענט, וואָס אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן אַריינ-מישן, זענען די אַמעריקאַנער אַוועק אין זייערע רייען, אַזוי גוט

זי די פּאָליאַקן און די איטאַליענער, דערפאַר זענען אָנגעקומען אין לעגיאָן אַ מאַסע רוסן...

מיינע טאַטן זענען נישט פון די אויסערגעוויינלעכע, און פאַר די דאָזיקע קליניקייטן האָב איך באַקומען אַזאַ אויסצייכענונג!... כ׳האָב צוויי גאַלאָנען... אַ חוץ דעם קען איך נישט פאַרגעסן יענעם טאָג, אַ וואָך פאַר דעם, ווי מ׳האָט אים דערהרגעט, האָט ער, דער פּולקאָווניק מיך גערופן:

— מאַרטינעז, דער גענעראַל האָט מיר געגעבן דריי ערן־לעגיאָן־קרייצן צום צעטיילן. אָט האָסטו איינעם דיר.

און ער האָט אים מיר צוגעשפּילעט אויף דער ברוסט פאַר די בליקן פון גאַנצן העלדישן באַטאַליאָן, וואָס איז געשטאַנען און פּרעזענטירט דאָס געווער. ווי אַזוי קען מען אָן דעם פאַרגעסן! דאָס קען געניגענען אויף אויסצופילן דערמיט דעם גאַנצן לעבן.

אין די גערטענער האָט דאָן מאַרקאָס געקוקט אויף זיין פּראָטעזשירטן מיט אַ מיטפילנדיקע מינע, פּונקט ווי עס קוקט אַן עלטערער אַרטיסט אויפן טריומף פון זיין יינגערן חבר. וואָרום דעם פּולקאָווניקס אַלע געדאַנקען זענען דאָך פאַרנומען געווען מיט דער מלחמה.

ער איז אויך נישט צופרידן געווען פון דעם, וואָס ער האָט נישט געקענט באַרירן דער דאָזיקער טעמע אין דער ווילע, ער האָט נישט געקענט רעדן וועגן דער מעגלעכקייט פון אַן אָפענסיווע. וואָרום דעם פירשטס קאָלעגן האָבן דאָ געלעבט, ווי אין אַ האָטעל און ס׳האָט אויסגעזען אַזוי ווי זיי וואָלטן פאַרנומען זיין מיט פּריוואַטע דאגות.

אינם גאַנצן קאָמפּלעט האָט מען זיי נאָר געקענט טרעפן אין די פרי־מאָרגן־שעהן. אַלע צוזאַמען טרעפן ביים טיש, דאָס איז שוין געווען זעלטענער. עפּעס אַ שטאַרקע קראַפט האָט זיי אַרומגעזוכט אין הויז, כּדי זיי צוטרייבן קיין מאַנטע־קאַרלאָ. דער פירשט אַליין האָט אויך אָפט געגעסן אין „האָטעל פּאַריז"

ווען וועלכן ער האָט צעוויסן געטון טעלעפאָניש אין דער לעצ־טער מינוט.

טאָלעדאָ האָט געמוזט איינגיין אויף אָט דער הויזלעכער אומאָרדנונג, ווי אויף אַ זאַך, וואָס איז באַשערט פון הימל; וואָרום די הויז־דינערשאַפט האָט זיך גוואַלטיק פאַרקלענערט פון יענער מינוט אָן ווען מ׳האָט איינגערופן עסטאָלין און פיסטאָלין אין מיליטער.

זייער ווייניק האָט זיך וועגן דעם געזאָרגט דער פירשט; ס׳איז איז אים לאַנגווייליק געווען אין דער ווילע, האָט ער דערפאַר די מערסטע צייט פאַרבראַכט אין מאָנטאַ־קאַרלאָ.

די יעניקע, וועלכע האָבן זיך ליידיגייעריש אַרומגעדרייט אַרום „SEV", האָבן אים געזען קומענדיק אין קאַסינאָ מיט אַ מינע פון אַ פאַרנומענעם. דאָס פובליקום אין די זאַלן האָט אים געזען דערנענטערן זיך צו די טישן, פונקט ווי איינעם וועמען עס אינטערעסירט זייער דאָס שפּיל. נאָר אומזיסט האָבן זיי דער־וואַרט, אַז ער זאָל ריזיקירן מיט אַ קאָן. זיינע אויגן האָבן אויס געזען צו קוקן ווייט פון זיך און, ווי נאָר די פירשטן דע־ליסל איז געקומען פאַרנעמען איר אָרט ביים טיש, האָט ער זיך גע־איילט איר אַ'ייגן מיט אַן אויסגעצויגענע האַנט און מיט אַ שמייכל פון אַ יינגנמאַן.

זיי זענען געשטאַנען אויף אַן אָרט און געשמועסט, נאָר אינסטינקטיוו האָבן זיי געפילט, ווי אַלעמענס בליקן זענען אָנ־געקלעבט אָן זיי; האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט אויף אַן אָפּגע־זונדערט אָטאָמאַנע און ווייטער געפירט דעם שמועס. נאָר פּלו־צים האָט דאָס פובליקום גענומען רוישן אַרום עפּעס אַ טיש און דאָס האָט צוגעצויגן דער פירשטן, וועלכע האָט פאַרלאָזט לובי־מאָוון אויף אַ ווײַלע.

אַליציאַס פנים האָט געהאַט אַ ביטערן און שטאָלצן שמייכל, ווי אַ דעטראָניזירטע קעניגן. מ׳האָט די גאַנצע צייט גערעדט פון

איר. איר נאָמען איז אפילו באַקאַנט געווען אין ניצע און אין מענטאָן.

די מאָנאַקאָשע פאַמיליע, וועמען ס׳איז נישט דערלויבט געווען אַריינצוקומען, האָט זיך אין די מיטאָג-שעהן נאָכגעפרעגט אויף איר דערפאָלג. איר נאָמען איז פאַרשפרייט געוואָרן איבער די קאַפע-הייזער און רעסטאָראַציעס, פונקט ווי די נעמען פון די גענעראַלן, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דער מלחמה. מענטשן, וואָס האָבן געליינט אויף די אַפישן די לעצטע נייעסן, האָבן אי-בערגעריסן זייערע מיינונגען איבער דערק ומענדיקער אָפענסיווע, כדי צו פרעגן „צו די פירשטן דע-ליסל האָט נעכטן געוווּנען...״ ווען זי איז געגאַנגען פאַר מיטאָג אין קאַסינא, זענען איר ניי-גיריקע אַנטקייגן געלאָפן כדי צו קענען איר זען פון דער נאָנט און אירע קאָלעגן האָבן איר מיט שטאָלץ געקושט אין די הענט דאָס איז געווען אַן אמתע אָוואַציע פון בליקן און שמייכ-לען.

איר קאַמף מיטן קאַסינא האָט געדויערט צוויי וואָכן. זי האָט פאַרשפילט און געוווּנען, פאַרשפילט און געוווּנען. איר „אַר-בעט״ האָט זיך אָנגעהויבן אַרום דריי בייטאָג און האָט זיך פאַרצויגן ביז נאָך האַלבער נאַכט. די מיטאָג-און וועספער-שעהן זענען אַדורכגעלאָפן נאָך גיכער, ווי מען האָט זיי דער-זען.

נאָכן פאַרענדיקן דאָס שפילן, איז זי אַוועקגעגאַנגען, אָנ-געלענט אויף דעם אַקסל פון וואַלעריאַן, גרוסנדיק די קאָלעגן מיט דער פריינטלעכקייט פון אַ טריומפירטע און מיט אַ קאָמ-פלעטער מידקייט. טיילמאָל האָט זי אויסגעזען, ווי אַ קראַנ-קע, וואָס ווערט געשפייזט מיט גוואַלד, ווען זי האָט דער-לויבט הער חברטע אירער דערלאַנגען אַ גלאָז טיי צום שפיל-טיש.

אַ געוויסן אָוונט—דאָס איז געבליבן אַ דענקלעכער אָוונט!— האָט דער קאַסינא פאַרמאַכט זיינע טירן און זי, זי האָט נישט אויפגעהערט צו געווינען. זי האָט געציילט די באַנקנאָטן, וואָס

די באַאַמטע האָבן איר אונטערגעטראָגן מיט געמישטע שמייכע־לעך. פיר־הונדערט טויזנט פראַנק! ס׳איז אָנגעפולט געוואָרן דער טאַש אירער אין וואַלעריאַס טאַש. שפּעטער האָט איר אויך גע־מוזט קומען צו הילף איר פריינדן, די „גענעראַלאָווע״, נעמענ־דיק ביי איר עטלעכע פּעקלעך געלט.

— ווען מ׳וואָלט נישט פאַרמאַכט, וואָלט איך זיי אַלע חרוב־געמאַכט! — האָט אַליציאַ געזאָגט מיטן שטאָלץ פון אַ זי־גערן.

קלאָרינדא האָט איר צוגעפירט צום אויטאָ, עצהנדיק זי זאָל זיין פאָרזיכטיק:

— שפּיל נישט מער, באַהאַלט דיין געלט. בעסער שפּילן קען מען שוין נישט!

אין משך פון אַ גאַנצע נאַכט האָט וואַלעריאַ גע־חזרט:

— ס׳וואָלט געווען אַ חילול־השם ווייטער צו שפּילן.

נאָר אַליציאַ האָט זיי נישט געהערט. איר באַגייסטערונג איז נאָך נישט געווען דערשעפּט. זי האָט נאָך אַ סך אויפצוטון און ווען ס׳וועט קומען דער מאָמענט פון צוריקציען זיך, וועט זי זיך שוין אָפּגעבן אַ רעכנונג.

מיכאַל איז ביי געווען דעם דאָזיקן קאַמף, וואָס איז פאַר אים געווען אַ פאַרצווייפלטער. יעדן טאָג, קומענדיק אין קאַסינא, האָט ער זיך אויסגעזידלט אין געדאַנק, ווי איינער, וואָס וואָלט באַגאַנגען עפּעס אַ מיאוסן טאַט. צו וואָס שטייט ער און קוקט זיך צו, צו די מעשים פון אָט דער מטורפדיקער פרוי?.. עס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט נישט באַמערקט זיין אָנוועזנדי־קייט.

איין בליק אויפן סאַמען אָנהויב, אַ שמייכעלע און אַ חוץ דעם זענען אירע אויגן געווען פאַר די קרופּיערס און פאַר דער שפּיל. און דער פירשט האָט זיך דאָך געשטעלט אין דער פּונקט־לעכער צייט. און כּדי זיך צו באַרעכטיקן, האָט ער זיך דער־מאָנט דער פירשטנס עטלעכע ווערטער:

—דו ברענגסט מיר מזל,—האָט זי אים געשעפטשעט אינם אויער: איך בין זיכער אָן דעם פון דער מינוט, וואָס מיר האָבן זיך אָנגעהויבן באַגעגענען, האָב איך אָנגעהויבן געווינען. קום, קום יעדן טאָג. כ׳וועל דיך זען ווען נאָר כ׳וועל אויפהייבן די אויגן.

נאָר זעלטן האָט זי זיי אויפגעהויבן, עפּעס אַנדערש איז איר געלעגן אין קאָפּ. נאָר מיכאַל, וועלכער האָט געוואָלט באַרויקן זיין אומצופרידנקייט, האָט זיך אַליין געזאָגט, אַז: ער קומט דאָ אַהער, ווייל ער מוז האַלטן זיין וואָרט. און ס׳קען זיין אַז ער האָט געזאָגט אַן אמת...

אין אַ געוויסן טאָג, אַריינגייענדיק אין קאַסינאָ, האָט ער דערשפּירט אין דער לופט עפּעס אויסערגעוויינלעכעס, אַלע האָבן זיך געאיילט צו אַן איינציקן טיש.

זיין חבר לעוויס איז אַדורכגעגאַנגען און זיך נישט פאַר־האַלטן.

— דאָס האָט געמוזט געשען... און זי קען דאָך נישט שפּילן... שפּילט אָן אַ סיסטעם, גלאַט אַזוי און אָט ליגט זי.

אַלע שפּילער האָבן געשמועסט צווישן זיך, ווי ס׳רעדן מענטשן איבער איינעמס טויט, מיט באַדויער אָבער פול מיט ליגנערישקייט, וואָרום אין זיך האָבן זיי טריומפירט, וואָס ס׳האָט זיך אויסגעלאָזט דער דאָזיקער אויסערגעוויינלעכער דערפאָלג, וואָס האָט זיי אָנגעפילט מיט קנאה.

לובימאָוו האָט זיך דערגענטערט צום טיש און דערזען אַליציאַן אין דעם מאָמענט ווען זי האָט אויפגעהויבן די אויגן. זי האָט געקוקט אויף אים איינגעשפּאַרט, פונקט ווי זי וואָלט אים געוואָלט מאַכן שולדיק אין איר מפּלה. „פאַר וואָס האָסטו מיך פאַרלאָזט?..״

דער פירשט איז אַנטלאָפן: ער האָט געליטן, זעענדיק איר אַזאַ אונטערטעניקע, מיטן אויסדרוק פון אַ שעפּעלע, וואָס געפינט זיך אין אַ סכנה.

אין אָוונט איז ער ווידער געקומען אין קאַסינא. מ'האָט זיך נאָך אַלץ פאַרנומען מיט דער פירשטן, אָבער שטילערהייט, מיט אומעטיקע באַוועגונגען, פּונקט ווי מען וואָלט דאָ געדעט וועגן אַ גוססן. אַרום דעם טיש איז שוין געווען אַ קלענערע גע־זעלשאַפט. ער האָט געזען אליציאַן זיצן אויפן זעלבן אָרט. הינ־טער דער שטול איז געשטאַנען וואַלעריאַ און דאָנא קלארינדא, אָנגעבויגן איבער איר פריינדן, האָט איר עפּעס געשעפּטשעט אין אויער אַריין. ער האָט געטראָפן, וואָס זי האָט געזאָגט. עס איז געווען אַן עצה זי זאָל זיך אויפהויבן פון אָרט. מאָרגן וועט זיין מער מזל. נאָר ס'האָט אויסגעזען, ווי די פירשטן וואָלט גאָרנישט געהערט, אירע בליקן זענען געווען צוגעקלעבט צום לעצטן פינף-הונדערטער און טויזנט-פראַנקיקן זשעטאָן. מיט אַמאָל איז זי אומרויק געוואָרן, האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, ענטפערנ־דיק אַזוי ברוטאַל, אַז דאנא קלארינדע איז אַוועק. וואַרפנדיק אַ פּאָר שאַרפע ווערטער. און מיכאַל איז ווידער אַנטלאָפן. אליציאַס פנים האָט אים איבערגעשראָקן.

אַן ערך אַ האַלבע שעה צייט האָט ער אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די זאַלן, אונטערהערנדיק די מיינונג פון יענע וועלכע האָבן זיך נאָך פאַרנומען מיט אליציאַן. איר אומדערפאַלג איז געווען אַזוי אומדערהערט, ווי איר פריערדיק גליק. זי האָט נישט געוווּנען קיין איינמאָל, אַן איינציקער נאָכמיטאָג האָט פאַרשלונ־גען דאָס געוווּנענע פון עטלעכע טעג.

פלוצים האָט ער דערפילט אויפן אָרעם אַ באַרירונג פון אַ נערוועזע האַנט. ער האָט אומגעדרייט דעם קאָפּ. דאָס איז געווען אליציא, וועלכע האָט זיך געווענדעט צו אים מיט אַ ביטערער באַוועגונג און מיט אַן אויסדרוק, וואָס איז געווען אי דרייסט, אי בעטנדיק.

—האָסט געלט ?

דאָס פנים און דאָס קול איז נישט געווען איבעראַשנדיק פאַר מיכאַלן. פאַר דער מלחמה איז אָט דער קאַסינא געווען דער עדות פון זיין געוואַלטיקער עשירות און גרויסקייט, אײַנ־לשעו'. פרויען, וועלכע האָבן אים טראַקטירט מיט אַן אָפענער

גלייכגילטיקייט און פרויען, וועלכע זענען געווען באַקאַנט אַלס צניעות—זענען פּלוצים צוגעקומען צו אים באָרגן געלט און גלייך זיך געפרעגט, אָן שום צערעמאָניעס, אין וועלכע שעה ער וועט זיי קענען אויפנעמען אין דער ווילע סירענע אויף אַ גלעזל טיי.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן פּולקאָווניק, וועלכער האָט גע- האַלטן, אַז די שפּיל איז דער גרעסטער שונא, פון פרויען: פאַר איר לאָזט מען פריי אַלע חרפּות. אין משך פון עטלעכע שעה־ צעגייען אַלע פאַרוּרטיילן פונם פריערדיקן לעבן. זיי זענען מקריב אָט דאָס אויף וועלכן זיי וואָלטן קיינמאָל אין לעבן נישט מסכּים געווען און דאָס אַלץ, כּדי צו קענען ווייטער שפּילן.

לובימאָוו האָט אַ פאַרחידושטער אָנגענומען דער דאָזיקער פּלוצימער שאלה. ער האָט ביי זיך געהאַט זייער ווייניק געלט. ער שפּילט נישט, נאָר וויפל דאַרף זי?

—צוואַנציק טויזנט פראַנק.

זי האָט אַ וואָרף-געטון דעם דאָזיקן ציפער, ווי זי וואָלט אַ שטייגער געזאָגט הונדערט-טויזנט, אָדער פינף-הונדערט-טויזנט, זי האָט פאַרלוירן דעם זין פון ווערט.

מיכאַל האָט גענומען שמייכלען, צי גלויבט זי אויף אן אמת, אַז ער קומט אין קאַסינאָ מיט צוואַנציק-טויזנט פראַנק אין טאַש, ווי אַ פּראָצענטניק, אָדער ווי אַ ביזשוטעריע-הענד- לער?

— באָרג זיך—האָט די פירשטן געזאָגט: וועסט באַקומען, וואָס נאָר דו וועסט וועלן.

און ער האָט ווייטער געשמייכלט, דאָס מאָל פון איר פּראָ- פּאָזיציע; האָט ער אָבער דערפילט, אַז ער איז באַזיגט, צוליב דער ערלעכער פּראָסטקייט מיט וועלכער אליציאַ האָט פאָרמולירט איר פאָרשלאַג.

—און דו... פאַרוואָס באָרגסטו זיך נישט אַליין?

אָ! זי... באַגייסטערט פון דעם זיגערישן שטאָלץ אירן, האָט זי פאַרגעסן צו רעגולירן עטלעכע חובות מיט וועלכע זי

האָט געשפּילט אין שלימזלדיקע טעג. איצט, איז אייבּיק צו בּעטן. עס זענען אָנגעקומען פאַר איר זייער שווערע מאָ־מענטן. קיינער גלויבּט נישט, אַז זי זאָל זיך קענען צוריק אָפּ־געמען —

זיי זענען זיך אָבּער טועה, מיכאַל, איך פיל, אַז דאָס גליק וועט נאָך צוריקומען. טו מיר די טובה... אָט ! בּעט דעם דאָזיקן קליינעם אַלטיטשקן, וועלכער קוקט אויף אונז, צוואַנציק טויזנט פראַנק. ער וועט דיר נישט אָפּזאָגן: דו בּיסט דער פירשט לובימאָוו. אויב דו ווילסט גאָר, וועלן מיר מאַכן שותּפות: כ׳וועל זיך טיילן מיט דיר מיט דעם געווינענעם.

מיכאַל האָט כּסדר געשמייכלט ; ער האָט זיך אָבּער גע־פילט געקרענקט. צו וואָס פאַר אַ שריט זי וויל אים צו־פירן !... ער, לובימאָוו, זאָל זיך בּאָרגן בּיי עפּעס אַ פּראָצענט־ניק !

נאָר, פּונקט ווי ס׳טרעפט מיט קראַנקע, וועלכע בּאַגייען טאַטן, וואָס זענען קייגן זייער אייגענעם ווילן; ווי נאָר אליציא איז אַוועקגעגאַנגען, האָבּן זיך זיינע פיס מאַשינעל צוגעטראָגן צו דער קאַנאַפּע אויף וועלכער ס׳איז געזעסן דער קליינער אַל־טיטשקער מיט דער האַרטער בּאָרד און יעזוס - הערצל אויפן לאַץ, מיטן קאַפּעלושל אין דער האַנט און זיידן קאַפּעלע אויפן פּליך.

— איך דאַרף האָבּן צוואַנציק טויזנט פראַנק.

עפּעס נישט זיכער איז דער פירשט געשטאַנען פאַר אָט דעם אַלטיטשקן, וועלכער איז אַ דערשטוינטער אויפגעשטאַנען און געקוקט אויף אים מיט אַ חשד. צי האָט ער פאַקטיש אַרויס־גערעדט די דאָזיקע ווערטער ? ער האָט שוין געוואָלט אַוועקגיין, נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, נאָר יענער האָט אויפגע־עפנט דאָס מויל, זיך יענקנדיק :

— פירשט... אַזאַ גרויסע סומע !.. כ׳בּין אַ קבצן. טיילמאָל גיט זיך מיר איין צו טון אַ טובה די הויכגעשטעלטע פערזאָנען... אַ צוויי טויזנט אָדער דריי טויזנט. נאָר צוואַנציק־טויזנט פראַנק... צוואַנציק טויזנט...

נאָר אין דער צייט, ווען ער האָט אַזוי געשטאַמלט די דאַזיקע ציפּרעס, האָבן זיינע גנבישע אייגעלעך באַטראַכט לובימאָוון. דאָס דאָזיקע באַטראַכטן האָט אים געמאַכט פאַרצווייפלט און דאָס האָט געפירט דערצו, וואָס ער האָט זיך געמוזט נעמען צום דאָזיקן עסק, ווי איינער וועמען ס׳איז אָפּהענגיק אָן דעם זיין לעבן.

דער פּראָצענטניק האָט מסתמא געטראַכט פון רוסלאַנד, פון רעוואָלוציאָנערן-כאַאָס און וועגן דער אוממעגלעכקייט פון אָפּנעמען פון דאָרט געלט. ווען אַפילו דער דאָזיקער מאַגנאַט וואָלט אים אַוועקגעשאָנקען זיין גאַנץ פאַרמעגן.

—איר דערקענט דאָך מיך אַוודאי — האָט מיכאל געזאָגט אין אַ רוגזדיקן טאָן: כ׳בין דער פירשט לובימאָוו, דער אייגנטימער פון דער ווילע סירענע. איך דאַרף האָבן צוואַנציק טויזנט פראַנק, קיין איינע וויניקער. אויב איר קענט נישט!—

ער האָט שוין געוואָלט אַוועקגיין, נאָר דער ליליפּוט האָט אים אונטערטעניק פאַרהאַלטן, דהאַלטנדיק, אַז דאָס מאָל זענען איבריק די אַלע הקדמות, וואָס פלעגן אים געוויינטלעך גויטיק זיין פאַר זיינע קליענטן. ער האָט גענומען תחנונימדיק בעטן „זיין הויכקייט”, אַז ער זאָל אַזוי גוט זיין און אויפוואַרטן אַ ווײַלע. מעגלעך, אַז ער האָט נישט פאַרמאָגט ביי זיך אַזאַ סומע און א ז געלאָפן זוכן דהילף ביי דער קאַסע פון קאַסינא, און מעגלעך, אַז ער איז בלויז געלאָפן אין טואַלעט-צימער, כדי צו קענען אַרויסשלעפן די באַנקנאָטן פון די פאַרשידענע באַהעלטענישן אין זיינע בגדים, אָדער פון די שיך.

מיכאל האָט דערשפּירט אַ באַרירונג פון אַ דיסקרעטע האַנט וואָס האָט באַרירט זיין רעכטע און אַריינגעשטופּט צווישן די פינגער אַ פּעקל געלט.

דער קליינער אַלטיטשקער דהאָט זיך אומגעקערט נאָך איידער ער האָט זיך גערעכט אויף אים; האָט זיך אַדורכגעשטופּט צווישן די מענטשן, ווי אַ טעאַטראַלער טייוול, וואָס איז אַרויסגעקראָכן פון זיין שעכטל.

— איר קאָנט דעם פּולקאָווניק? מאָרגן וועט ער זיך מיט אײַך זעען, מ׳כח דעם צאָל - טערמין און די פּראָצענ-טער.

דער פּירשט האָט זיך אָן שום צערעמאָניעס אויסגעדרייט מיטן רוקן, איבערלאָזנדיק דעם אַלטיטשקן אַ צופרידענעם פון דאָזיקן קורצן לאַקאָניזם. אַ גרויסער מאַן קאָן זיך אַנדערש נישט אויסדריקן. מיט אַזעלכע לייט האָט ער טאַקע ליב צו האָבן עסקים.

אַליציאַ, וועלכע דהאָט פון דערווייטנס נאָכגעפּאָרשט די גאַנצע סצענע, האָט זיך דערגענטערט צום פּירשט.

—נעם.

מיכאַלס ועטע האַנט האָט איר דערלאַנגט די באַנקנאָטן מיט אַזאַ האַסטיקייט, אַז דאָס דהאָט אויסגעזען, ווי עפּעס אַן אָנפאַל.

פאַרשעמט פון זיין פאַרהאַלטן זיך, האָט ער גענומען זאָגן עטלעכע נישט קלאָרע ווערטער:

— אַך! די פּרויען!... שיינע זאַכן דהייסטו מיך אויס-פירן!...

נאָר זי, באַקומענדיק דאָס געלט, איז זי שוין געווען פאַר-נומען מיט דער שפּיל.

—וועסט קענען זיין אַן עדות פון הערלעכע טאַטן... איך האָב דיר שוין געזאָגט, דו ווערסט אַ שותּף: אַ העלפט פון דעם געווונענעם געהערט דיר.

זי איז אַוועקגעגאַנגען, נישט דאַנקנדיק, באַהערשט פון דעם נישט-געזעענעם דעמאָן, וועלכער האָט איר געשעפּטשעט אין אויער אַריין ציפערס און קאָלירן.

לובימאָוו איז אויך אַוועק. ער האָט מורא געהאַט צוטרעפן זיך מיטן פּראָצענטניק און צו ווערן באַגריסט מיט יענעם איינ-פאַרשטאַנדענעם בויג. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז דער גאַנ-צער זאַל האָט באַמערקט זייער שמועס און געלאַכט ווען ער האָט גענומען דאָס געלט.

ער האָט פֿאַרלאָזט דעם קאַסינאָ. ער האָט זיך צוגעשווירן, אַז זיין פֿיס וועט מער נישט אַריינטרעטן דאָ.

קאַסטרא, וועמען ער האָט געזען פֿון דערווייטנס שפּילן, איז געקומען אויף מיטאָג. ער האָט געהאַט אַ פֿאַרדראָסיקע מינע, ער האָט אָבער פֿאַרגעסן אָן זיין אייגענער מפּלה, זיך טרייסנדיק מיט אליציאַס אומגליק.

נאָכן לעצטן מאָל פֿאַרשפּילן, כמעט אין דער לעצטער רגע, האָט זי געבראַכט אַ גרעסערע סומע. זי האָט זיך ווידער געזעצט צו דער רולעטקע, הגם זי האָט איר פּיינט. וואָס פֿאַר אַן אופֿן פֿון שפּילן? אין אָנהייב האָט זי געוווּנען עטלעכע מאָל, נאָר שפּעטער—גאָרנישט! זי האָט אַלץ איבערגעלאָזט אויפֿן טיש. כ'האָב נישט באַמערקט ווען זי איז אַוועק; נאָר מסתמא האָט זי אויסגעזען, ווי אַ מת: האָט זיך אַוודאי געמוזט אָנלענען אויף וואַלעריאַס אָרעם. מ'זאָגט, אַז זי איז קראַנק אויפֿן האַרץ. ניין, שפּילן קען מען נאָר ווען מען איז געזונט. די גענעראַלאָווע שפּילט ווייניקער, זי איז אָבער רויִקער: זי ד'האָט אַ געזונט האַרץ.

מיכאַל איז שלעכט געשלאָפֿן אין דער נאַכט. ער איז געווען אויפֿגערעגט אויף אַליציאַן. אַ פֿרוי וועלכע וויל זיך דערשלאָגן צו געלט... אַזוינע דאַרף אויסגעהאַלטן ווערן פֿון אַ מאַנס האַנט און עס איז איבעריק, אַז אַזעלכע זאָל זיך באַמיען אַליין צו פֿאַרדינען, אַפּילו מיט שפּילן... דאָס שפּילן איז אַ מענעריש עסק.

און דער פֿירשט האָט זיך דערמאָנט אַ געוויסע סצענע פֿון זיין לעבן, פֿון דאַמאָלסט ווען זיין יאַכט איז געשטאַנען אין מאנאקא.

דאָס איז געווען אַן אָוונט, נאָך אַ מיטאָג אין האָטעל דע־פּאַריז. אַ דאַנק דעם, וואָס ער איז געווען אַ ביסל בגילופֿין, האָט ער זיך אָנגעלענט אָן די אָרעמס פֿון צוויי שמייכלענדיקע דאַמעס.

חברים באַרימטע ליידיק-גייער און עטלעכע פֿאַרבעטענע פֿרויען, דאָס איז געווען די סוויטע זיינע. זיי זענען אַריין אין

קאַסינא. מיכאל האָט נישט ליב געהאַט דאָס שפּילן: ס׳האָט אים געלאַנגווייליקט דאָס לאַנגע זיצן ביים טיש. נאָר אין דעם דאָזיקן אָוונט, זייענדיק באַזונדערס שטאָלץ פון זיין מאַכט, האָט ער הערפּילט אַ כח צו פּאַרמעסטן זיך מיטן מזל. דאָס מזל איז מין נקבה און מ׳קען איר באַזיגן מיטן כח פון געלט, ווי אַנדערע. דאָס עשירות האָט אָבער באַשיינט דאָס מזל.

ער האָט אַוועקגעלייגט אַ ריזיקע סומע, כדי צו קענען זיך אַנגאַזשירן צו אַ קאַמף, נאָר דאָס מזל האָט נישט געוואָלט זיין געלט. פאַרקערט: זי האָט אים נאָך צוגעגעבן מיט דער פרייגיביקייט פון אַ נדבן. דער מיליאָרדער האָט געוואָלט פאַרשפּילן און האָט נישט געקענט צוקומען צו דעם. ער האָט באַוווּסטזיניק געמאַכט טעותים: נאָר אַלץ האָט זיך געענדיקט דערמיט, וואָס ער האָט געוווּנען. צום סוף האָט אים אָנגעהויבן לאַנגווייליקן. ער האָט געהאַט ליגן פאַר זיך אויפן טיש אַ גרויסע סומע פון ליכטיקע הויפנס גאָלד און פּעקלעך באַנקבאָטן.

— ווער וויל געלט?!..

און ער האָט אָנגעהויבן צעוואַרפן געלט אַלע מיידלעך, וועלכע פלעגן בלאָס ווערן און שטויסן זיך אַרום דעם טיש צוליב אַן איינציקן לודוויק, האָבן זיך אין זעלבן מאָמענט געוואָרפן איבערן זאַל. האָבן זיך געשטופּט, געפאַלן אויף דער ערד, געפּלאָנטערט זיך מיט די הענט און פיס איינע אין דער אַנדערע כדי צו קענען כאַפּן עפּעס פון אָט דעם גאָלדענעם מאַן. מ׳האָט געקענט זען, ווי טייל שלאָגן זיך און דראַפּען און אַ צווייטע האַנט האָט פּלוצים אָנגעכאַפּט אַ טויזנט פראַנקיקן באַנקנאָט, וועלכער האָט זיך צעריסן. ס׳זענען געפאַלן קאָפּעלושן אויף דער ערד, האָר האָבן זיך אויפגעלאָזט און צעפּלאָשעט און פאַלשע לאָקן האָבן זיך צעשאָטן אויף אַלע זייטן.

— פאַר מיר, פּירשט, פאַר מיר!...

זיי האָבן זיך געריסן אַרום אים, ווי משוגעים.

די העכע־ע באַאַמטע האָבן זיך מיט אַ שמייכל געווענדעט צו אים אַז ער זאָל שוין אויפהערן צוטרייבן דעם דאָ-

זיקן שפּאָס: „ווי גאָט איז אייך ליב, אייער פירשטלעכע הויכ־קייט!..״ נאָר ער האָט ווייטער געזייעט מיטן געוווינטנעם געלט— איבער זעכציק טויזנט פראַנק און, די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן אויפסניי. אַלע פרויען וועלכע האָבן געכאַפּט אַ שטיקל גאָט־ד, אָדער אַ באַנקנאָט האָבן זיך געוואָרפן צום גרינעם טיש.

לובימאָוו האָט זיך דערמאָנט אָן די דאָזיקע נצחונדיקע מאָמענטן. אַזעלכע דערפאָלגן האָבן זיך איבערגעחזרט ווען נאָר ער האָט געוואָלט; ער איז תמיד זיכער געווען אָן דעם. ער האָט געזען, ווי אַלע שפּילער האָבן פאַרשפּילט, אָן אויסנאַם. דאָס מזל איז אָבער באַזיגט געוואָרן פון זיין פעסטן באַשלוס און ער האָט זיך צוריקגעצויגן אין דער צייט.

ענדלעך איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן טראַכטנדיק פון אליציאַן.

—אָרעמע פרוי!... זי קען נישט שפּילן. לעוויס איז גע־רעכט; צום טייוול. איך מוז איר בייהילפיק זיין, איך בין אַ מאַן. מאָרגן... מעגלעך, אַז מאָרגן...

צומאָרגנס באַלד, ווי מ׳האָט נאָר אָנגעהויבן צו עסן פרישטיק, האָט דער פירשט, וועלכער האָט זיך קיינמאָל נישט גע־מישט אין די הויזלעכע געלט-ענינים, האָט זייער פאַרוואונדערט דאָן מאַרקאסן מיט דער פראַגע: מיט וויפל געלט ער דיספּאָ־נירט איצט?

גיך האָט דער פול־קאָווניק באַרעכנט. מער ווי אַ פופצן טויזנט פראַנק האָט ער נישט. ער וואַרט טאַקע אויף אַ בריוו פונם הויפּט-פאַרוואַלטער.

— גיב זיי מיר — האָט לובימאָוו געזאָגט.

און גאַנץ גלייכגילטיק האָט ער גענומען רעדן וועגן נעכ־טיקן חוב.

טאָלעדא האָט זיך פאַרטראַכט איבער דער ידיעה, אַז ער וועט מוזן האָבן צו טון מיטן אַלטן פראַצענטניק וועגן אומקערן אים די צוואַנציק טויזנט פראַנק. ער וועט דאַרפן באַצאָלן אומ־

דערהערטע פראָצענטער, וועלכע קענען אין עטלעכע טעג פאַר־שאַפלען די סומע. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם פּריסטיק, אויף וועלכן „זיין הויכקייט" האָט פאָרגעשלאָגן אָן איינזאַם און שטיל לעבן. ווו זענען זיי איצט, די שטרענגע „פרויען־פיינט".

דער פולקאָווניק האָט דערפילט אין פירשטס הולטאַישקייט און זיין פלוצימען חשק צו שפילן, אַן השפעה פון אַ פרוי. און ער, וועלכער האָט בלויז געוואַגט פון צייט־צו־צייט איינצושטעלן עטלעכע מטבעות, טראַכטנדיק איבער די דאָזיקע ריזיקע סומעס, האָט דערפילט, ווי זיינע באַקן נעמען ברענען.

און אין דער זעלבער צייט, ווען ער איז געלאָפן אין באַנק אַריין, ווו ס'האָט זיך געפונען דעם פירשטס געלט, האָט דער לעצטער שוין שפּאַצירט פאַר קאסינא, אָפּוואַרטנדיק דאָס אויפעפענען דעם זאַל. אין די ערשטע שעהן האָט זיך געפונען אַ קליינער עולם און נישט אַלע טישן זענען געווען טעטיק. צו־מערסטנס האָט מען געקענט זען די פאַכמענישע שפּילער, וועל־כע האָבן פאַרבראַכט אַ שלאָפלאָזע נאַכט מיטן קאָמבינירן פאַר־שידענע אויפטוען און איצט האָבן זיי געקענט קוים זיך דער־וואַרטן דער מינוט, ווען זיי וועלן קענען פּרובירן זייער גאונות; און מ'האָט אויך געקענט זען שפּילער „קאַליקעס", וועלכע האָבן זיך געוואָלט באַזאָרגן פריער מיט אַ גוט אָרט ביים טיש.

לובימאָוו איז איילֿיק אַריין אין אטריום. ער האָט געהאַט געלט ביי זיך דיסקרעט פאַרשטעקט אין אַ טאַש. די באַאַמטע פון די ערשטע שפּילן, זענען אַדורכגעגאַנגען פאַמעלעך ווי פונק־ציאָנערן פון אַ ביורא. די פרויען און יינגלעך, וועמעס אויפגאַ־בע ס'איז געווען צו קערן די זאַלן — האָבן פאַרענדיקט זייער אַרבעט. אַלע האָבן געקוקט אויף אים בגנבה, אָנווייזנדיק אויף אים מיט די בליקן. אָט דער פּירשט אין דער צייט אין קאַסינאַ, אַנשטאָט וואָס ער האָט נאָך באַדאַרפט ליגן אין בעט !... אינ־סטינקטיוו האָבן זייערע אויגן געזוכט אַ דאַמע. דעם פירשטס רע־

פּאָטאַציע האָט זיי נאָר דערלויבט צושרייבן אים אַ ראָמאַנטישן ראַנדעווו.

אַרום צען אַזייגער האָבן זיך אויפגעעפנט די טירן און מיכאַל איז אַריין צוזאַמען מיט די ערשטע שפּילער, מענטשן באַשיידענע און שעמעוודיקע. ער האָט דערפילט אַ נערוועזקייט אַן אומרויקייט, אַ שטומען כעס, ווי אין יענע דועלן-פרי-מאָרגנס צו דער זעלבער צייט האָט ער אין זיך דערפילט דעם שטאָלץ פון אַ גוטן שיסער, וועלכער ווייסט, אַז ער וועט דערלאַנגען דעם ציל. ער האָט באַלד פון אָנהייב פאַראַכט זיינע שאַנסן. „מיר זעען, דו אויסוואורפן, דו!" איצט וועט זי זיך פאַרמעסטן מיט אַ מאַן.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ רולעטקע-טיש, צווישן צוויי ברודיקע און שלעכט-געקליידעטע דאַמען.

— FAITES VOS JEUX...*)

די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן. מיכאַל האָט נישט געהאַט קיין שום קאָמבינאַציעס. מיטן בליק איז ער דורכגעלאָפן אַלע זעקס-און דרייסיק נומערן.

— אָט דעם, — האָט ער אַ װראַכט-געטון און איינגעשטעלט די מאַקסימאַלע סומע, ניין, לווידאָרן, אויף אַ „דרייצנטל".

דאָס קיילעכל האָט זיך אַ קאָלער געטון איבער דער מאַ-כאָנענע שפּוּעה. אַ געשריי פון שטוינונג: דער נומער דרייצן.

אַ געוויסע סומע פון טויזנט פראַנקיקע באַנקנאָטן, זענען געלעגן פאַר אים אומבאַרירט. ער האָט געוווּסט פון דעם: ער איז זיכער געווען, ער וועט זיך נישט טועה-זיין. און ער האָט ווידער געשטעלט אויפן „דרייצנטל".

צווישן די צוקוקער האָט מען זיך איבערגעקוקט מיט פאַר-חידושקייט. וואָס פאַר אַ משוגעת צו שפּילן צוויי מאָל אויפן

*) הויבט-און אייער פאַרוויילונג.

זעלבן נומער. נאָר ס'איז ווידעראַמאָל אַרויס אויפן נומער דרייצן און מ'האָט אָנגעהויבן אפּלאָדירן דעם פּירשט.

נייגיריקע האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען, פאַרלאָזנדיק די אַנדערע טישן. דער דאָזיקער איינזאַמער פרימאָרגן האָט פאַרויס געזאָגט צו ווערן באַרימט, פּונקט ווי ס'זענען באַרימט געוואָרן די אָוונטן און נאָכמיטאָג, בשעת די גרויסע שפּילער פלעגן מלחמה האַלטן מיט זייער מזל.

לובימאָוו האָט געביטן דעם נומער. ס'איז דאָך געווען אַן אומזין צו זיין איינגעעקשנט אויף דאָס דרייצנטל און ער האָט איינגעשטעלט ביין לודוויקן אויף נומער זיבצן. דאָס קייקעלע האָט זיך געקאָלערט. דער נומער דרייצן האָט נאָכאַמאָל געווע- נען, נאָר ער האָט פאַרשפּילט.

זיינע באַוועגונגען זענען געוואָרן איינגעשפּאַרטע, אַגרע- סיווע. די שאַנסן זיינע האָבן אָנגעהויבן חוזקן פון אים. אַ דע- ראָבערער דאַרף נישט וויסן פון קיין פּחד. ער האָט שלעכט גע- טון, וואָס ער האָט אַוועקגעוואָרפן דעם נומער. מענטשן מוזן אָנוואַרפן זייער ווילן, ביז וואַנען זיי זאָלן אַליין נישט פאַרלוירן גיין, אָדער אַדורכפירן זייערס. מען האָט באַדאַרפט ווי אַמ- שנעלסטן ווידער זיך נעמען צום נומער דרייצן! און ס'איז אַרויס אויפן נומער זיבצן.

ער האָט אַ ווײַלע געטראַכט, אַז די ערד רוקט זיך אים אַפּער פון אונטער די פיס. ער האָט געפילט, אַז ער וואַקלט זיך זייענדיק אַרומגערינגלט פון געהיימע כוחות, וועלכע האָבן אים צעבראָכן און צו נישט געמאַכט זיין ווילן. ער האָט אויס- געצויגן די האַנט צום שטערן, אַזוי ווי ער וואָלט ווייט פון זיך אַוועקגעשטויסן די דאָזיקע מאָמענטאַלע שוואַכקייט.

— אָ, דו אויסוווּרפן! — האָט ער אויסגערופן אין זיך, זידלענדיק די שאַנסן זיינע, זייענדיק זיכער, אַז ער וועט איר פאַרט באַזיגן.

און ער האָט ווייטער געשפּילט.

אַרום דריי בייטאָג איז ער אַרויס פון האָטעל-דע-פּאַריז. ער האָט געגעסן אַליין פרישטיק, אויסמיידנדיק באַקאַנטע און

אפילו באַגריסונגען, וועלכע זאָלן אים נישט ברענגען צו קיין שום שמועסן.

פון האָטעל־באַלקאָן האָט מיטן בליק באַטראַכט דעם פּאַלאַץ, דעם קאַסינאָ און דעם גאָרטן. ער האָט מיט פרייד גע־טראַכט פון דער מעגלעכקייט, אַז ער וועט קענען זעען איי־נעם פון די אומצעליקע פּאַנצער־שיפן, וועלכע קעמפן אויף די דרומדיקע ים׳ען, ווי ער וועט מיט זיינע קוילן אַראָפּרוי־מען פון דער ערד אויבער־פלאַך דעם דאָזיקן צוקערדיקן פּאַ־לאַץ.

וואָס פאַר אַ הערלעכע פּערספּעקטיוו אין זיינע פאָרשטע־לונגען האָט ער באַפוילן אַרויסטרעטן די שיף־מאַנשאַפטן, כּדי זיי זאָלן אַרעסטירן אַלע פון דער שטאָט, נישט אויסשליסלעך קיין פרויען און קינדער. די וועלט וואָלט מיט דעם גאָר נישט פאַרלוירן. אַ מיאוסע נעסט! וואָס פאַר אַ טייוול האָט עס אָנגע־רעדט זיין מוטער צו קויפן דאָ באָדן פאַר דער ווילליע סירענע, אַז איצט זאָל ער זיין געצווינגען צו וווינען אין דער נאָענט פון אָט דער רויבער־הייל.

אַדורכלויפנדיק מיטן בליק איבער דעם עלעגאַנטן און פריילעכן עולם, ווען ער האָט אין געדאַנק פאַראורטיילט צו פאַרניכטונג, האָט ער דערזען אליציאַן, וועלכע איז געשטאַנען אַן איינזאַמע פאַרן קאַסינאָ און אים באַטראַכט.

— דו גייסט אַריין? — האָט ער געפרעגט זיך דערנענטערנדיק צו איר.

די פירשטין האָט זיך אויפגערעגט, פּונקט ווי ער וואָלט איר פאָרגעלייגט צו באַגיין עפּעס אַ מיאוסן טאַט. זי איז אין קאַסינאָ!

— דאָס איז אַ פאַרשאָלטן לאַך! לומפּיקע באַאַמטע! אַ שמאַטעריקער עולם...

אַלץ איז געווען פאַרשאָלטן! נאָכדעם האָבן זיי זיך גע־דריקט די הענט, פּונקט ווי זיי וואָלטן זיך איצט צום ערשטן מאָל אַזוי טיף דערקענט.

ווען מיכאל האָט איר דערציילט וועגן די טרוימען זיינע

פון באַמבאָדירן אָט דאָס מיאוסע אָרט—האָט זי שיער נישט אָנ־
געהויבן צו אַפּלאָדירן. מ׳האָט געקענט אַלץ פּאָרוויסטן, אַרעס־
טירן דעם הערשער־פירשט און אויב מ׳וואָלט איר נאָר אומגע־
קערט אַלץ, וואָס זי האָט דאָרט פאַרלוירן, וואָלט אַלץ געווען
אין בעסטן אָרדנונג.

נאָר פּלוצים, ווי אָנגערעגט פון לוביִמאָווס פאַנטאַזיע,
האָט זי גענומען קוקן אויף אים מיט טונקעלע אויגן, מיט אויגן
פון אַ קראַנקן, וועלכער, דערקענט אין דעם צווייטן די סימפּטאָ־
מען פון זיין אייגענער קרענק.

— האָסט געשפּילט?

מיכאַל האָט אומעטיק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

—און האָסט פאַרשפּילט?—האָט זי ווייטער גערעדט: כ׳פאַר־
שטיי נישט! דו אויך!

נאָר איר שטימען האָט געדויערט אַ קורצע ווייַלע.

—האָסט געשפּילט פאַר מיר, פאַרשטיי איך. האָסט זיך גע־
טראַכט: „כ׳וועל אָפּגעווינען דאָס, וואָס די דאָזיקע פאַ־
ריקטע פרוי ד'האָט פאַרלוירן". אַך! אָרעמער פריינט מיינער,
ווי זייער דאַנקבאַר איך בין דיר דערפאַר! אַ סך האָסטו פאַר־
שפּילט?

און בעת זי האָט געהערט די סומע, האָט זי געשאָקלט
מיטן קאָפּ פון מיטלייד און ד'האָט זיך צעשמייכלט, פּונקט ווי
דאָס דאָזיקע שותּפותדיקע מזל וואָלט זיי געמאַכט נענטער איי־
נער צום אַנדערן.

אַ שטיקל צייט זענען זיי געשטאַנען שווייגנדיקע. נאָכדעם
האָט זי אים געזאָגט מיט געבעט:

— נעם מיך ערגעץ... ווי נאָר דו ווילסט אַליין. לאָמיר
גיין אויף אַ שפּאַציר, ווייט פון דאַנען, וואַהין וואָלטן מיר גע־
קענט גיין?

זיי זענען שוין געווען דאָ פון כמה יאָרן אָן, פונ־
דעסטוועגן ד'האָבן זיי מער נישט געקענט קיין אַנדערע געגנט,
ווי נאָר מאָנטע־קאַרלאָ. און אַ חוץ דעם האָט מען נאָך

די בעסטע אויטאָס און בריטשקעס, רעקווירירט פאַרן מילי־טער.

— און ווען מיר וואָלטן זיך אַזוי פאַרקליבן קיין מאנאַקאָ! — האָט אַליציאַ פאַרגעשלאָגן, אַזוי ס׳וואָלט דאָ געגאַנגען וועגן עפּעס אַ ווייטע רייזע.

זיי האָבן נישט געקענט דער דאָזיקער אַלטער שטאָט, הגם זיי האָבן אָפט געזען די פעלזן אויף וועלכע זי איז געבויט גע־וואָרן. ס׳איז זיי קיינמאָל נישט געפאַלן אויפן געדאַנק דאָרטן זיך אַהינצולאָזן.

אַליציאַ האָט זיך נישט קלאָר דערמאָנט אַ וויזיט, וואָס זי האָט אָפּגעשטאט דעם הערשערישן פירשט און דעם אָקעאַנאָגראַפישן מוזעאום. לובימאָוו האָט זיך אויך דערמאָנט, אַז ער האָט געזען פון זיין אויטאָ אַרויס, דאַמאָלסט ווען ער איז געווען מיט אַ וויזיט ביים זעלבן מאנאקאשן פירשט אין אַלטן פּאַלאַץ — גערטענער, אַלט־פרענקישע הייזער און אַ גרויסן פּאַ־לאַץ.

זיי האָבן באַשלאָסן אַדורכצומאַכן דעם שפּאַציר מיט אייגנט־לעכע פריילעכקייט. נאָר אין דעם מאָמענט ווען די פירשטן האָט געוואָלט צו רופן אַן אויטאָ, האָט מיכאַל, מיט אַ וואַקל, אַ טאַפּ געטון זיינע טאַשן.

ער האָט נישט געהאַט קיין געלט. די רולעטקע האָט אים צוגענומען אַלץ. דעם פרישטיק האָט ער געהייסן אויפשרייבן אויף זיין רעכנונג. דעם לעצטן גראָשן האָט ער צעטיילט די קעלנער.

אַליציאַ האָט אויסגעבראָכן מיט אַ געלעכטער, זעענדיק זיין פאַרזאָרגטקייט. לובימאָוו זאָל נישט האָבן צו באַצאָלן פאַר קיין אויטאָ־קורס! דאָס איז אַ זעלטענע זאַך! נאָר אין מאנטאַ־קאַרלאָ קען מען זעען אַזעלכע זאַכן.

—איך וועל באַצאָלן, מיין אָרעמער, פון די דאָזיקע צוואַנ־ציק טויזנט, וואָס איך בין דיר שולדיק. אָדער, כ׳וועל דיר גאָר מאַכן אַ פּרעזענט:

אַזוי פיל מאָל האָסטו געגעבן מתנות פרויען? איך

וועל זיין די ערשטע, וועלכע שענקט דיר. וואָס פאַר אַ גרויסאַרטיקייט! איך האַלט אויס דעם פירשט לובימאָוו.

זיי האָבן גענומען אַן אויטאָ, וועלכער איז געפאָרן צום פאָרט אין קאָנדאַמין, נאָכדעם האָבן זיי זיך געלאָזט אַרומפירן איבער מאנאקאס הערלעכקייטן, ס׳האָט אויסגעזען, ווי די שיפן אין דער האַפן וואָלטן זיי ביסלעכווייז אַרומגערינגלט.

זיי זענען אַדורכגעפאָרן צווישן צוויי טורמלעך, באַדעקט מיט רויטע שינדלען; דאָס איז געווען די מאנאקישע גרענעץ. נאָכדעם זענען זיי פאַרביי אַן אספאלטיקע אַלייע, וואָס האָט געפירט צום אָקעאַנאָגראַפישן מוזעאום. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן די גערטענער פון סאַינט-מאַרטין. אַליציאַ האָט פריי געלאָזט דעם אויטאָ.

— מ׳דאַרף איינקאַרגן, — האָט זי ערנסט געזאָגט: צוריק וועלן מיר גיין צופיס.

זיי זענען געגאַנגען אויף געדרייטע שטעגלעך. אַרום איז געווען קליינע שטחים פלאַך לאַנד. אין העלע טעג האָט מען געקענט זען פון דערווייטנס די פראפילן פון די קארסיקאנישע בערג. גרופעס סאָסנעס האָבן געבילדעט טונקעלע און גרינגע קאָלומנאַדן. זייערע שומיקע קרוינען האָבן זיך געצייכנט אויפן פאָן פון בלאָען הימל. די נידריקע געוויקסן זענען באַשטאַנען אויס וואַלדיקע פלאַנצן פון אַ ביטערן ריח. פון צווישן די בוימער האָבן זיך געזען פינף שיפלעך, אומבאַוועגלעכע מיט אויפגעוויקלטע זעגלען.

שטייענדיק געבויגן איבער די שטיינערנע באַלקאָנען, האָבן זיי געקענט זען דעם ווייטן ים. די רויטע ברעגן האָבן זיך גלייך אַראָפּגעלאָזט צווישן די טונקעלע פאַליעס, וועלכע האָבן געקעמפט מיט די פעלזן, וואָס זענען איבעריק באַדעקט געווען מיט שוים. קאַפּ-מאַרטין איז געווען פון איין זייט אַרויסגערוקט און האָט פאַרעקשנט אָפּגעשטויסן די פאַליעס. ווייטער האָט זיך געזען די איטאַליענישע בוכטע, אַ באַגילטע פון דער פאַרגייענדיקע

זון און אין דער אנדערער זייט—קאפ ד'איל און קאפ פערענס, און אין אראזאוון נעפל.

— ווי שיין דאָס איז! ווי שיין...

די פירשטן איז געווען פריילעך, ווי א קינד.

זיי האָבן זיך אוועקגעזעצט אַ קייגן איבער דעם ים, כדי צו קענען זיך אָנפרייען מיטן שטילן רויש, וואָס האָט זיך אויסגעמישט מיטן טיפן בעטנדיק ציטער פון די סאָסנעס.

— און מ'דאַרף געדענקען, אַז מיר זענען נאָך קיינמאָל דאָ נישט געווען!—האָט אליציאַ געזאָגט: דו האָסט כאָטש אייגענע גרויסאַרטיקע גערטענער. און איך, וואָס האָב אויך אַקייגנאיבער מיר אַ גאַנצע פּאַנאָראַמע, בין אויף אַזויפיל אַ נאַר, אַז גאַנצע טעג פאַרברענג איך אין דאָזיקן פינסטערן קאַסינאָ, ווי אין אַ קעלער. ס'איז דאָך שרעקלעך!

זי האָט אַ ציטער-געטון, דערמאָנענדיק זיך פון קאַסינאָ, ס'האָט איר אויסגעזען, ווי אַן אומגעלעכע זאַך דאָס, וואָס זי האָט געקענט לעבן אין האַלב-שאָטן אָדער אינם קינסטלעכן ליכט, אָטעמדיק מיט אַזאַ שלעכטער לופט, אין דער צייט ווען דער דאָזיקער גאָרטן האָט זיך, אַ קייגנאיבער דעם ים, אויסגעשפּרייט אין אַזעלכע שעהן מיט אַזאַ הערלעך ליכט.

און מ'דאַרף געדענקען, אַז מיר זענען דאָ נישט געווען, דאַמאָלס ווען מיר האָבן געהאַט דערפאָלג אין שפּילן! באמת, ס'איז שוין באַלד גלייכער צו זיין אָרעם.

— מיר אַליין — האָט מיכאַל געענטפערט נאָך אַ לאַנג שטילשווייגן: — מיר אַליין האָבן זיך ווייניק געקענט, ווען מיר זענען געווען רייך. ווען מיר וואָלטן געבוירן געוואָרן אין אָרעמקייט, וואָלטן מיר זיך דען נישט בעסער פאַרשטאַנען אין אַזעלכע יינגע יאָרן? איך טראַכט תמיד דערפון.

זי האָט אים איצט אויסגעזען צו זיין גאָר אַן אַנדערע, ווי יענע, וועלכע ער האָט אַמאָל געקענט.

אוי ער האָט פאַר איר אויך איצט אויסגעזען אַנדערש.

אַמאָל האָט זיי פונאַנדער געשיידט אַ ריזיקער מויער: דאָס רייכ־קייט, דער געבוירענער שטאָלץ און די ליידנשאַפט צו הערשן. פּלוצים האָט ער דערפילט אַ באַדערפניש צו רעדן. עפּעס אין אים האָט אויפגערירט, האָט אונטערגערוקט ווערטער, וועלכע האָבן זיך אים אָנגעזאַמלט אין מויל, ווי אַ וואַקסנדיקער ים־צו־פלוס —

—וועסט באַגיין אַ גרויס נאַרישקייט... [illegible] וועסט דיר אַליין שאַדענען דאָס לעבן!

דאָס האָט פון דער נשמה־טיף גערעדט דער אַלטער לובי־מאָוו, דער לובימאָוו וועלכער איז געקומען פון פּאַריז, כדי צו־באַהאַלטן זיך אין זיין באַזיץ, ווייט פון יענער ליידיקגייערישע פריינדשאַפט, וואָס שאַפט פאַר אַ גרעסערע טייל מענטשן דאָס גליק,—יענער לובימאָוו, דער שטרענגער מייסטער פון די „פּרויען־פּיינט".

נאָר דאָס קול פון אָט דער ביטערער אָנקלאַגע, האָט נישט געהאַט קיין שום אָפּקלאַנג. דער פירשט אַליין האָט פאַראַכט דעם דאָזיקן בעל־תשובהדיקן עקשנות אין אים.

—אונזער לעבן איז געווען אַ טעות—האָט ער געזאָגט מיט אַ פעסטן טאָן, כדי צו פאַרבאָרגן דאָס גערעכטקייט... דאַרפסט עס פאַרשטיין... דאַרפסט פאַרשטיין פון די געדאַנקען מיינע דעם טעות... ווייל... איך האָב דיך ליב פון לאַנג... איצט מעגסטו עס וויסן... מעגסט לאַכן אָ פיל, אויב דו ווילסט.

ניין. איר האָט זיך אַבסאָלוט נישט געגלוסט צו לאַכן. זי האָט שטיל אויסגעשריגן, קוקנדיק אויף אים אַ קליינע ווײַלע און גלייך אַוועקדרייענדיק דעם קאָפּ, אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט אויסמיידן זיינע פרעגנדיקע אויגן. זי ד'האָט געוווּסט, אַז דאָס וועט קומען היינט אָדער מאָרגן. נאָר וואָס אַ איבעראַשונג דאָס איז צו הערן אים רעדן אויף אַזאַ אופן...

אַ לענגערע צייט ד'האָט געד'הערשט אַ טויט שטיל־שווייגן.

—נו, וואָס וועסטו מיר ענטפערן — האָט נישט ידרייסט 8

פרעג געטין דער פירשט לובימאָוו, וועמען ס׳האָבן אַזויפיל פרויען פאַרגעטערט.

— איז עס נישט אַמאָל אַ שפּאַס?.. אַ קאַפּריז, וואָס איז געבוירן געוואָרן פון אַזאַ הערלעך שיינעם פּאַעטישן טאָג?

מיט אַ באַוועגונג האָט מיכאַל פּראָטעסטירט: צעהאַלטן פאַר אַ קאַפּריז אַ געפיל, וואָס לאָזט זיך נישט בייקומען...

— אויב ס׳וואָלט געווען, ווי די אַנדערע פרויען, וואָלט איך דיר געפרעגט: „וויפיל פון זיי האָסטו שוין אַזוי געזאָגט?" נאָר, ס׳איז אַ נאַרישע שאלה. מ׳קען שעפּטשען אַ פרוי „איך האָב דיך ליב" און דאָס זאָל זיין מיט דער גאַנצער אויפריכטיקייט און די זעלבע ווערטער קען מען, מיט דער זעלבער אויפריכטיקייט זאָגן אין אַ צייט אַרום אַ צווייטע פרוי. און איבריקנס, ס׳קען זיין, אַז האָסט קיינעם נישט אַזוי געזאָגט. דו האָסט דאָך נישט באַדאַרפט שפּילן קיין קאָמעדיע מיט גרויסע געפילן, כדי זאָלסט קענען צו קומען צו דיין ציל: מ׳האָט דיך אַזוי אויך דערוואַרט מיט אומגעדולד. ס׳איז גענוג געווען זאָלסט אַ וואָרף טון אַ טיכל, ווי אַ סולטאַן. אָבער איך... דערמאָן דיך, מ׳כאַל... מיר האָבן זיך דאָך זייער נישט געאיילט, ווען מיר זענען געווען יינג. און שפּעטער, ווען אַלע האָבן מיר זייער באַגערט, האָסטו זיך אָפּגערוקט פון מיר. היינט, ווען כ׳הויב שוין אָן אַלט צו ווערן... איצט ווען כ׳בין שוין מיין אייגענער שאָטן, איז עס אַ ווילד משוגעת. דערפאַר לאַך איך, ניין. קיינמאָל נישט.

דאָ האָט זיך דער פירשט אָנגעהויבן פאַרענטפערן. יאָ. אמת, אַז זיי האָבן זיך נישט פאַרטראָגן. נאָר די פאַראַכטונג האַלט ער איצט פאַר זיין גליק. וואָרום ווען אַזעלכע צוויי ריזיקע עשירים און שטאָלצע, ווי זיי זענען געווען, וואָלטן זיך צוזאַמענגעטראָפן, וואָס פאַר אַן אומגליק וואָלט עס געווען פאַר זיי!

— אין משך פון אַ וואָך וואָלטן מיר זיך געמוזט שיידן און מעגלעך, אַז באַלד אין ערשטן טאָג! איך קען דיר זאָגן, אַז איך וואָלט דיר...

—דאָס איז אמת—האָט אַליציאַ איבערגעריסן: מיר וואָלטן דאָ נישט געווען. וואָלסט געהאַט וועגן מיר געפּערלעכע זכרונות. נאָר צו וואָס רעדסטו מיר וועגן ליבע?... עס האָט שוין נישט קיין זין אין אונזערע יאָרן. די דאָזיקע צייט איז שוין געענ-דיקט. וועלכעס פאַרמאָג איך הײַנט, וואָס איך האָב אַמאָל נישט געהאַט?

—דאָס אומגליק דײַנס.

דער פּירשט האָט דאָס אַרויסגערעדט אין אַן ערנסטן און אויפריכטיקן טאָן. ער האָט געבוג לאַנג געטראַכט שוין פריער, איידער נאָך ער האָט געענטפערט; וואָרום ער האָט זיך אַליין געהאַט געשטעלט דער דאָזיקער פראַגע. ער איז זיכער געווען, אַז אָנהויבן ליב האָבן האָט ער אין יענעם טאָג, בשעת זי איז געקומען אין דער ווילליע סירענע בעטן, אַז ער זאָל איר שענ-קען דעם חוב.

די אָרעמע פּירשטן דע-ליסל, וואָס איז געוווינט גע-ווען, אויסצוגעבן אַ יאָר עטלעכע מיליאָן און איז געניִיט צולעבן פון דער שפּיל, ווי אַן אַוואַנטוריסטן. שפּעטער ביים בעטל, זע-ענדיק אירע טרערן, הערנדיק איר דערציילונג פון איר גרויסן לעבנס-סוד—דאַמאָלסט האָט ער זיך אָפּגעגעבן אַ רעכנונג פון זײַן ליבע.

לעצטנס ווען זי האָט געהאַט אַזאַ גרויסן דערפאָלג אין קאָסינאָ, איז זײַן ליידנשאַפט געפאַלן. ער האָט איר אָנגעהויבן ווייניקער צו אַכטן. נאָכדעם, אַז ער דהאָט איר געזען אַ דער-שלאָגענע, האָט זײַן צוגעבונדנקייט אָנגעהויבן צוריקומען צו די כּוחות און ער האָט אָנגעהויבן צו שפּילן, כּדי איר צו דהעלפן. ער, וועלכער האָט פאַר זיך נישט געקענט טון דאָס זעלבע —

אין דעם זעלבן טאָן האָט ער ווייטער גערעדט, זיך צו-בייגנדיק צו איר, שעפּטשנדיק איר כּמעט אין אויער אַרײַן און אַרײַנאָטעמדיק זײַן הויך.

ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן וועגן דער צוקונפט. זיי קע-בען נאָך זײַן גליקלעך. ער וואָלט איר געקענט שענקען אַ רויקע

און דויערהאפטע ליבע, א פרידינגדיקע ליבע, אַ זיסע, אַז איי-ביקע, אַ זיכערע.

זי האָט אַ ווייסאָקלעכן שמייכל געטון.

— דו האָסט פאַרגעסן ווער איך בין, אַז איך טראָג מיט זיך אַ לאַסט—מיין פאַרגאַנגנהייט. ווען אַ צווייטער וואָלט מיר געמאַכט דעם דאָזיקן פאָרשלאַג—ווער ווייסט?... איך בין מיד און אַ רויקע צוקונפט שרעקט מיך. אָבער דו... דאָס איז אונמעגלעך. דאָס וואָלט זיך זיכער שלעכט געענדיקט. כ׳וויל גלייכער פאַר-בלייבן דיין פריינדין.

מיכאל האָט בייז געענטפערט:

—איך אינטערעסיר דיך נישט, זע איך!

—וואָס פאַר אַ נאַר דו ביסט... דו מיינסט פאַקטיש, אַז דו אינטערעסירט מיך נישט... ווען דו וואָלסט מיר געווען גלייכ-גילטיק, וואָלט איך דיך ווען געזוכט... וואָלט איך איצט געווען מיט דיר?

— איז, דערפאַר ?...—האָט ער נישט זיכער געפרעגט. ער האָט זיך באַמיט געוואָר צו ווערן דער סיבה, וואָס האָט זיך אוועקגעשטעלט צווישן איר און זיינע פאַרלאַנגען. אויב ס׳גייט וועגן פריערדיקן לעבן —האָט ער שוין לאַנג פאַרגעסן אָן דעם. ער אַליין האָט געהאַט גענוג פאַסירונגען, וועלכע ס׳איז גלייכער נישט צו דערמאָנען.

— לאָמיר נישט רעדן וועגן דער פאַרגאַנגנהייט. איך באַ-גער דיך אָט אַזוי, ווי דו ביסט איצט—די ליידנדיקע ווענערע, וואָס ווייטאקט און דאַרף שוץ און הילף.

זי האָט אויפגעהערט צו שמייכלען. טרערן האָבן אויפגע-גלאַנצט אין אירע אויגן.

—ניין—האָט זי געזאָגט מיט אַן אונטערטעניקן טאָן: דאָס איז אונמעגלעך טאַקע דערפאַר. מיין זון!... אָ, ווי ער האָט דאָס מיך געענדערט... איך טאָר נישט פאַ־לאַנגען דיין ליבע. מיר זענען שוין נישט דאָס יינגוואַרג, וואָס גענאַרט זיך איינער דעם צווייטן מיט דער אילוזאָרישער ריינקייט... קוים נעם איך אָן

דיין ליבע, ווייס איך, וואָס דאָס הייסט און דאָס טאַקע באַלד, נאָך אײידער די נייע זון וועט אויפשיינען. קענסטו זיך דאָס פאָרשטעלן? איך ווייס נישט ווו מיין זון געפינט זיך. ער ליידט... און אפשר איז ער גאָר געשטאָרבן... און איך וועל זיך אָפּגעבן דער גרויסער ליבע, איינע פון יענע ליידנשאַפטן, וואָס עסט אויף די טעג מיט די געדאַנקען, פונקט אַזוי גוט ווי אין דער ערשטער ליבע.

דער פירשט האָט אויפגעלעבט, דערוויסנדיק זיך, אַז דאָס איז די סיבה. ער איז זיכער, אַז איר זון לעבט. ער האָט אָנגעשריבן צום שפּאַנישן קעניג און צו זיינע חברים אין פּאַריז. ער האָט אַפילו אַרויסגעשיקט אַ בריוו קיין דייטשלאַנד, דורך דער פּראָקטעקציע פון דיפּלאָמאַטן. היינט-מאָרגן וועט ער זיך אָפּזוכן; ער וועט זיך שוין באַמיען, אַז ער זאָל זיך אומקערן צו זיין מוטער. פאַרוואָס זאָל זיי דאָס דאָזיקע ייִנגל מאַכן אַ תּל פון דער צוקונפט. איר זון קען דאָס לעבן; די יאָרן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט ביי זיין מוטער, האָבן אים באַקענט מיט אַ סך זאַכן, וועלכע זענען אָנגעקומען אין דער רייכער וועלט. יאָ. ער, מיכאַל וועט אים ליב האָבן, ווי אַ ייִנגערן ברודער. קוים וויל ער, האָט ער גענוג פריינט, וואָס קענען אים העלפן. איבריקנס, פאַרמאָגט ער נאָך אליין אויך עפּעס און דאָס וועט ער דעם זון אירן פאַרשרייבן פאַרן טויט.

אַליציאַ האָט אים אָנגעכאַפּט ביי אַ האַנט מיט אַ הייסע דאַנקבאַרקייט.

— וואָס פאַר אַ גוטער דו ביסט!

נאָר גלייך האָט זי אָפּגעווישט די טרערן. אַ פעסטער באַשלוס האָט אַ בליץ געטון אין אירע אויגן און מיט אַ טרוקן קול האָט זי געזאָגט:

— ניין. כ׳וויל נישט. כ׳ווייס נישט, וואָס ס׳איז מיט מיין זון, כ׳ווייס נישט צי ער לעבט... כ׳זאָג דיר, אַז „ניין.” אומזיסט דיין צושטיין —

אַ לאַנג שטילשווייגן. אַ זעלנער מיט אַ באַנדאַזשירטן קאָפּ,

זיט אַ בלימל איבער אַן אויער, איז אַ שמייכלענדיקער אדורכ-
געגאַנגען, האַלטנדיק אונטערן אָרעם אַ העל-בלאָנד מיידל. לובי-
מאָוו און אַליציאַ האָבן זיך פונאַנדער גערוקט און ווייטער גע-
שוויגן. מיכאַל האָט פאַרצויגן די ברעמען און פאַרעקשנט גע-
קוקט אויף דער ערד. אין דער צייט ווען אַליציאַ האָט נאָכ-
געקוקט דעם פלי פון אַ מעווע, וועלכער איז געשוווּמען אין
דער אָוונטיקער לופט מיט אויסגעשפּרייטע פליגל, ווי זעג-
לען.

דעם פירשטס איינגעשפּאַרט קוקן אין דער ערד, האָט
אַרייַנגעפירט אַליציאַן אין אַ טעות.

—דו קוקסט אויף מיינע זאָקן?—האָט זי פּלוצים אַ פרעג-
געטון מיט אַ געענדערטן טאָן: איז וואָס? אַן אָרעמע! אויף די
זייטן, וואָס דו קוקסט, דאָס זענען נישט קיין האַפטן — געווייני-
לעכע צערעס. כ'האָב זייער אַ פעיקן שטוב-מיידל.

און כדי אויפצומינטערן דעם חבר, האָט זי אים פריילעך
גענומען שילדערן איר דלות.

זי האָט אָבער באַלד באַמערקט, אַז דער דאָזיקער ענין
גייט קנאַפּ אָן דעם פירשט. ס'איז געווען אַן איבעריקע מי אָפּ-
צעווענדן די פריערדיקע טעמע. די פירשטן, פאַרשטייענדיק, אַז
זי מוז זיך צוריקקערן צום פריערדיקן שמועס, האָט אויסגערופן
מיט אַן אמת מענערלעכע אויפריכטיקייט:

— כ'ווייס דאָך, וואָס דיר איז. כ'ווייס, וואָס אַ לעבן דו
פירסט. כ'ווייס אויך פון דיין „פרויען-פיינטלעכן" אויפטו, וואָס
איז באמת אַן אומזין, נאָך עטלעכע איינזאַמע חדשים, דאַרפ-
סטו האָבן אַ פרוי. דאָס קענסטו דאָך באַקומען. דו וועסט דיר
געפונען יינגערע און שענערע פון מיר. וואָס דאַרפסטו טראַכטן
פון מיר? צו וואָס פאַרפייניקסטו דיין רויִקייט, אין דער צייט,
ווען מיר גייט זי אַבסאָלוט נישט אָן?

דער פירשט האָט גאַליק אַ שמייכל געטון. נישט איינמאָל
האָט ער שוין געטראַכט פון דער דאָזיקער רפואה. דאָס אינער-
לעכע קול האָט אים אויך דאָס זעלבע געהייסן טון. נישט איינ-

מאָל איז ער שוין אַריינגעגאַנגען אין קאַסינאַ מיט דער מינע פון אַ קצב, וואָס קומט צווישן דער סטאַדע אויסקלויבן זיך אַ שעפּעלע צום שעכטן. ער האָט באַטראַכט אויף די שפּיל-זאַלן די פּרויען-גרופּעס, וועלכע האָבן אויסגעזעסן צו זיין פּאַרינטע-רעסירט מיט דער שפּיל, ווען אין דער אמתן האָבן זיי נאָכ-שפּיאָנירט די מאַנספּערזאָנען, וועלכע האָבן זיך געדרייט אַרום זיי.

ער פלעגט אַמאָל פילן אַ געוואַלטיקער צוציונגס-קראַפט צו איינצלנע. אַמאָל איז אים זייער געפעלן אַפּנים, די פיגור אָדער דער קערפּער-בוי, די אָרגינעלע מיאוסקייט פון איינער, אָדער. דאָס געפּערלעכע נישט-געשיקטלעכקייט פון אַ צווייטער, האָט זייער געווירקט אויף זיינע נערוון, ווי אַ שאַרפער סאָס אויפן גומען. ס'איז גענוג געווען ער זאָל בלויז געבן אַ צייכן, אָדער זאָגן אַ וואָרט, אַז פיל פון זיי זעענדיק, ווי זיי ווערן אָבסער-ווירט פון אַ הויכער פּערזאָן, אַז זיי זאָלן זיך דעצידירן אים נאָכצוגיין.

פּלוצים אָבער איז אים באַפאַלן אַ טיפער עקל, ער האָט שוין גאָרנישט געהאַט, וואָס צו דערוואַרטן. מיט פּאַראַכטונג האָט ער געטראַכט פון דעם אומזיסטן פלאַפּלען פון זיין אומבאַקאַנטע, וועלכע וויל אים פּאַרוויילן, וועגן דער ליגנערישער און פאַל-שער סענטימענטאַליטעט און מיטאַמאָל—דער חיהשער אַקט, וועל-כער וועט אַ סוף מאַכן צו דער לאַנגווייליקער פּרעלוציע. ניין, דאָס איז געווען אַן אונמעגלעכער זאַך. און איינמאָל האָט ער מיט אַן ענערגיע פון אַ קראַנקן, וואָס שלינגט אַראָפּ אַן עקל-דיקע רפואה, זיך אָפּגעגעבן צו איינע פון יענע פאַלשע שיינ-הייטן, כדי שפּעטער ביטער צו אַנטוישט און פאַרשעמט ווערן.

—נאָר דו, דו איינע ביסט מיר נויטיק—האָט ער געזאָגט מיט אַ פינסטער קול: דיך אָדער—קיינעם נישט! איך האָב דיך ליב... דו ביסט מיר נויטיק.

די אַפּעלסין-אַרטיקע זון האָט זיך באַהאַלטן הינטער קאַפּ-ד'איל. זיין ברעג האָט דערגרייכט דער נידריקער ליניע פון די

גערטענער און פּאַלאַצן. אַ ווײַלע האָבן די שטראַלן זיך צונויפ־גענומען אַרום די קאַלומנען פון עפּעס אַ ווענדל, פּונקט אַזוי, ווי זיי וואָלטן דורך דער גוססדיקער זון געוואָלט אויפלײַכטן אין דער גאַנצער הערלעכקייט. דאָס בלאָע ליכט, וואָס האָט זיך גע־דאַכט, אַז ס׳קומט פון ים אַרויס, האָט פּאַמעלעך צוגערעקט דעם אָפּשטאַרבנדיקן גאָלדענעם גלאַנץ.

— ניין! איך וויל נישט...

אַליציאַס קול האָט איבערגעריסן דאָס שטילשווײַגן מיט אַ ציטערדיקן טאָן, וועלכער האָט זיך באַלד געביטן אין אַ טויב־דויערנדיקער שרײַ, פּונקט ווי אויף איר מויל וואָלט עפּעס אַרויפ־געפאַלן.

מיכאַל האָט אַרויפגעוואָרפן זײַנע אָרעמס אויף איר האַלז און באַהערשנדיק איר, האָט ער צוגעצויגן איר ביוסט צו זײַן ברוסט. זײַן מויל האָט געזוכט דער פירשטנס מויל. אַליציאַ האָט זיך געווערט, ענדלעך איז זי אָפּגעשטאַנען און זײַערע קעפּ זענען געלעגן צוזאַמען אומבאַוועגלעך.

— אָך, מיכאַל ! מיכאַל !... — האָט זי אַרויסגעשעפּ־טשעט און זיך אָפּגערוקט, כּדי זיך ווידעראַמאָל צו דערנענ־טערן צו זײַן מויל, וואָס האָט זיך גיריק געצויגן צו אירע ליפּן.

זי האָט אָנגעהויבן רעדן, ווי אַ באַזיגטע, זי האָט זיך פּלוצים אומגעקערט צו דער פאַרגאַנגנהייט און געציטערט בײַם דערמאָנען די פאַרלוירענע צײַטן. דאָס דאָזיקע הייסע מויל, וואָס האָט געהערשט איבער איר. האָט אויפגעוועקט פון שלאָף יענע געזונטע יאָרן;

זי האָט פאַרגעסן אָן אַלץ, וואָס האָט איר אַרומגערינגלט. אירע אויגן זענען געווען אָפן, נאָר זי האָט נישט געזען נישט דעם ים, נישט דעם באַגילדטן הימל, נישט די סאָסנע צווײַגן, וועלכע זענען געהאָנגען איבער איר קאָפּ.

נאָר מיט אַמאָל האָט זי ווידער באַקומען דעם חוש צו דער ווירקלעכקייט. אַליציאַ האָט פאָרט אָפּגעשטופּט פון זיך דעם

מאנספערשוין, וועלכער איז צוגעשטאנען צו איר מיט זיינע צערט-לעריייען.

לובימאָוו האָט דערזען די פירשטן אַ שטייענדיקע, וועלכע איז פארנומען געווען מיטן צורעכט מאַכן די קליידער אויף זיך; זי האָט געהויבן די הענט צום קאָפּעלוש, צו די האָר און צום פוטער, וועלכער האָט זיך איר אַראָפּגערוקט פון די אַקסל.

—לאָמיר גיין, — האָט זי בייז געזאָגט.

דער פירשט איז איר נאָכגעגאנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אַ פארשעמטער. אָפּגייענדיק אַ פּאָר טריט, איז אַליציאַ אַדורכגענומען געוואָרן מיט דעם שטילשווייגן, זי האָט אַ ציטער געטון און באַלד זיך צעשמייכלט.

—ווי איך זע—האָט זי געזאָגט:—טאָרן מיר זיך נישט, פון היינט אָן, געפונען אויג אויף אויג.

אַרויסגייענדיק פון גאָרטן זענען זיי שטיין געבליבן אַקייגנ-איבער דעם מוזעאום. מיכאַל האָט דערזען לעבן בנין טרעפּ, אויסגעהאַקטע אין די פעלזן. זיי האָבן זיך געצויגן ביז אַראָפּ צו די בוכטע, אויף אַ מהלך פון עטלעכע שטאָק. אויפן סוף איז געגאַנגען אַ וועגל לענג-אויס דעם ים, אַ וועגל וואָס האָט גע-פירט צום האפן.

די פירשטן האָט זיך אָוועקגעשטעלט אונטער דער אַר-קאַדיע, פאַרשטעלנדיק אַזוי אַ נאָך דעם אַריינגאַנג.

—איך וואָרן דיך—האָט זי געזאָגט, דראָענדיק מיכאַלן מיט אַ פינגער: קוים וועסטו נאָכאמאָל אָנהויבן, וועל איך מוזן רופן הילף. זאָגסט מיר צו, אַז וועסט זיין רויקז... גוט, גיי דו דער ערשטער. איך גלויב דיר נישט...

ער איז אַרונטער פון די טרעפּ, וואָס האָבן זיך געצויגן אויף דער לענג פון מוזעאום, ווען עמענס אונטערשטער טייל ס'איז געשטאַנען אויף די פיכטע-פעלזן.

זיי האָבן זיך צונויפגעטראָפן אויפן ים-ברעג, אויפן ברייטן וועגל, וואָס האָט זיך געשלענגלט צווישן די מיט שוים - באַ-

שפריצטע פעלזן, צווישן די כמעט גלייכע פעלזן-ווענט פון די בורטעס. אין דער הויך האָבן זיך געזען די גערטענער, ווי גרינע כוואַלענדיקע ליידן-גזשיוועס.

זיי זענען געגאַנגען מיט פּאַמעלעכע טריט אינם בין-השמשות. אין דער הויך האָט די פאַרגייענדיקע פּאָמעראַנץ-רויטע זון, לייכט אָרומגעהילט שטיקער פעלזן, בוימער און ווייסע פּאַסאַדן.

אַ בלאָער שאָטן האָט זיך, ווי אין אַ לבנה-נאַכט געשפּרייט אויפן ברעג ים. דער פאַרבלוטיקטער הימל צוליב דער פאַרגייענדיקע זון, איז פאַרשטעלט געווען פון די מאנאקא פעלזן; האָבן זיי נאָר געזען דעם איטאַליענישן הימל, וועלכער איז געוואָרן, וואָס אַמאָל טונקעלער, געדיכטער, גרייט אויפצונעמען די ערשטע ליכט פון די שטערן.

זיי זענען פאַרביי עטלעכע פישער, וועלכע זענען געגאַנגען אַהיים באַלאָדן מיט שיצן און קוישן.

ווען זיי זענען פאַרביי עטלעכע איינזאַמע שטעגלעך, איז אליציאַ געוואָרן אומרויִק; דערפאַר אָבער, ווען זיי זענען פאַרביי אַ הויז, אָדער האָבן באַגעגנט שפּאַצירנדיקע, האָט זיך דער שמועס צווישן זיי ווידער אָנגעהויבן. זי האָט מורא געהאַט צו פאַרהאַלטן זיך אויפן וועג, אַוועקזעצן זיך מיטן פירשט אויפן פאַראַפּעט, וואָס האָט זיך געצויגן לענג-אויס די בוכטע.

זי האָט אים נאָר דערלויבט צו נעמען זיך אונטערן אָרעם, אָן שום פּראָטעסט. ער האָט זייער האַרציק גערעדט. ער האָט זיך אויסגעדריקט וועגן איר זון מיטן שענסטן אָפּטימיזם! זי האָט נישט וואָס צו שרעקן זיך: דער זון וועט צוריקומען, אין דעם איז ער זיכער. זי וועט אַ ליאַדע טאָג דערהאַלטן פון אים אַ גוטע ידיעה: עס קען נאָך מעגלעך זיין, אַז היינט אין אָוונט.

יאָ, ער איז געווען אַ מאַנספּערשוין און כאָטש עו האָט שטאַרק ליב געהאַט דער מוטער, פונדעסטוועגן קען ער נאָך זיי-

ער ליב קראָגן אַ צווייטער פרוי און וועט אָנהויבן פירן אַן אייגן לעבן, פונקט ווי אַנדערע.

— און דו, נאָך אַזאַ יינגע, וואָס האָט נאָך רעכט אויף אַ סך גליקלעכע יאָרן, ווילסט זיך שוין אָפּזאָגן פון אַלץ, ווי אַן אַלטיטשקע? פאַרוואָס? ווערמען קען עס נוצן ברענגען?

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, נישט וויסנדיק, וואָס צו ענטפערן; זי איז אַזוי שטאַרק צומישט געוואָרן, אַז זי דהאָט נישט געמאַכט די מינדסטע באַוועגונג פון ווערן זיך, בשעת מיכאַל האָט אַ פערגענומען זיין האַנט פון הינטער איר אָרעם, כדי איר אַרומצונעמען.

זענען זיי אַזוי געגאַנגען אַרומגענומען. איינגעזויגן מיט די אויגן אין איר, האָט ער נאָכגעפאָרשט איר יעדער באַוועגונג, אין דער האָפנונג צו כאַפּן אירס אַ בליק, אַ וואָרט פון הסכמה. אַליציאַ האָט מורא געהאַט פאַר אָט די בעטנדיקע אויגן און האָט אָפּגעווענדט אירע.

— זאָגט מיר—האָט לובימאָוו געשעפּטשעט:—זאָג מיר, אַז דו ביסט מסכים, אַז באַשטייסט. לאָמיר גוטס טון צוויי לעבנס, וואָס זענען דערדריקט געוואָרן פון שטאָלץ און פוסטקייט. לאָמיר כאָטש שפּעטער זיין דאָס, וואָס מיר האָבן שוין געקענט זיין פון לאַנג.

— ניין. — דהאָט אַליציאַ אַרויסגעשטעמט: איך קען נישט.

און באַלד האָט זי איילִיק צוגעגעבן, אַזוי ווי זי וואָלט חרטה געהאַט אויף אירע רייד:

— יאָ... מעגלעך, שפּעטער... נאָר נישט איצט... ס'וועט זיין אַ חרפּה! כ'וועל זיין רויק און נישט פילן מער יענעם רייזיקן ווייטאָק, וואָס צורייסט מיר דאָס האַרץ... איצט נישט. איך דהאָב דיך ליב. צי איז דאָס נישט גענוג? כ'האָב דיך ליב —

און די דאָזיקע דריי ווערטער זענען פאַקטיש גענוג געווען,

ער, וועלכער האָט געהאַט אַזויפיל ליבעס, האָט ער זיך באַרויקט מיט אָט דער קורצער פּראָזע, וועלכע האָט אים אָפּגעקלונגען אין די אויערן, ווי אַ זיסע מוזיק.

ער האָט הויך אויפגעהויבן די אָרעמס זיינע און צוגעצויגן איר קאָפּ צו זיין ברוסט.

ער האָט איר געקושט. די פרוי האָט זיך נישט אַקעגנגעשטעלט. איר מויל האָט אים אַפילו מיט אַ קוש, וועלכער איז געווען אַפילו אַ ליידנשאַפטלעכער, אַ וויבעריכנדיקער. זי האָט שוין מער קיין מורא נישט געהאַט. זיי זענען געגאַנגען ווייטער און מיכאַל האָט שוין מער נישט געפילט קיין נויטיקייט ווידער אָנצוהויבן זיינע דרייסטע אַטאַקעס.

און זי איז מיט אַ געוויסע סודותדיקע פאַרשעמטקייט צופרידן געווען פון דעם פאַרגעניגן, וואָס זיינע צערטלעכקייטן האָבן אין איר אַרויסגערופן.

—כ'האָב דיך ליב — האָט זי אַרויסגעאָטעמט, נישט וויסנדיק, וואָס זי רעדט: אין אונזערע יאָרן איז עס אַפילו קאָמיש, אָבער זייער זיס...

אין דעם דאָזיקן מאָמענט איז לובימאָווס נשמה ענלעך געווען צו אירער, ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכטן, אַז ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געפילט קיין גרעסערן פאַרגעניגן, ווי בשעת דעם דאָזיקן געוויינלעכן קוש. ער האָט מיט אַמאָל אויסגעפונען אַ זעלטענעם כשוף, וואָס אַזעלכן האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געשפּירט.

זיי זענען געגאַנגען, ווי שיכּורע, זיג-זאַגיק, פון פאַראַפּעט ביזן די בוכטע, מיט מויל אויף מויל, מיט אויגן אויף אויגן, פּונקט ווי פאַר זיי וואָלט קיין שום זאַך נישט עקזיסטירט. פון דערווייטנס האָט מען זיי געקענט אָננעמען פאַר צוויי רינגקעמפער, אין וועמענס קאַמף-באַוועגונגען עס איז געלעגן דער וואַקלדיקער טריט.

פּלוצים האָט זיך מיכאַל אָפּגעשטעלט און מיט אַ געוואַלטיקער באַוועגונג אַרומגענומען אַליציאַן.

—ניין!... לאָז!...

זי האָט פּראָטעסטירט צוליב דער נישט-זיכערקייט; איר וווילן איז געבראָכן געוואָרן אַ דאַנק דער געריירטקייט, גלייכ־ציַיטיק האָט זי זיך זייער באַמיט, וואָס שטאַרקער צו ווערן זיך.

מיט אַ ספּאָרטיסטישער פלינקייט, האָט זי זיך אַרויסגע־דרייט פון זיין אָרעם און בשעת זי איז פאַרשווונדן פון זיין אַרומאַרמונג, האָט זיך דערהערט אַ רויש פון אַ זיידענעם ריס.

—טו אַ קוק, באַרבאַר! זע, וואָס האָסט געמאַכט!..

זי איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך; פון איר אַקסל האָט זיך אַראָפּגערוקט דער פוטערנער שאַל, אין דער צייט ווען זי האָט געזוכט, איינגעבויגענערהייט, דאָס אָרט ווו דאָס קלייד איז צעריסן געוואָרן.

מיכאַל האָט זיך אָוועקגעשטעלט לעבן איר. ער האָט גע־זען, ווי איין אַרבל אירער, האָט געפּלאַצט, אַזוי אַז ס׳האָט זיך אַרויסגעזעען איר ווייסער אָרעם.

ער האָט באַדויערט זיין אויפרעגונג און פאַרשאָלטן זיי־נע שטאַרקע הענט, וועלכע האָבן געגלעט, געצערטלט און צו דער זעלבער צייט געריסן און צושטערט, ווי אַ שיכורער מאַט־ראָז.

און אַליציאַ האָט ווידעראַמאָל רחמנות געקראָגן אויף זיין קינדערישער חרטה.

—ס׳שאַדט נישט. דאָס איז אַן אַלט קלייד פון פאַר צוויי יאָר: אַזוי אַלט, אַז ס׳פּלאַצט. אָט וואָס עס הייסט גיין אויף אַ שפּאַציר מיט אַ קבצנטע...

פונדעסטוועגן האָט איר דער דאָזיקער ריס זייער באַאומ־רויקט. ווי אַזוי וועט זי איצט צוריק גיין קיין מאנטא-קאר־לא?...

—האָסט אפשר אַ שפּילקע?

די דאָזיקע שאלה האָט געבראַכט דעם פירשט אין אַ שטאַרקער פאַרלעגנהייט: ווי וועט ער, אַ מאַנספּערשוין, נעמען איצט אַ שפּילקע?

בשעת אַליציאַ האָט אומזיסט געזוכט ביי זיך, האָט שוין מיכאַל געטראַכט וועגן צוריקגיין צו איינעם פון די הייזלעך, וואָס שטייען לעבן די שפּיצן פעלזן, ווי ס'וווינען זיינע באַמטע. ער וואָלט געגעבן הונדערט פראַנק פאַר אַ שפּילקע... ער האָט זיך אָבער גלייך דערמאָנט, אַז ער האָט ליידיקע טאַשן.

פּלוצים האָט ער נצחונדיק אַ שמייכל געטון:

— אָט, איז אַ שפּילקע.

דאָס האָט ער אַרויסגעצויגן פון זיין קראַוואַט, אַ גרויסאַרטיקע פּערל, וועמען פרויען פלעגן שטאַרק באַוווּנדערן און פון וועלכע ער האָט זיך קיינמאָל נישט געוואָלט שיידן, ווייל דאָס איז געווען אַ מתנה פון זיין מוטער. ער האָט אַליין געמוזט גאַנץ מאַ.ן דעם שאָדן מיט אַ שווערן זיפץ.

—קענסט נישט!—האָט אַליציאַ אויסגערופן לאַכנדיק:—גיב אַכטונג, וועסט זיך צעשטעכן! אָ, וואָס פאַר אַ נישט-פעיקער דו ביסט!

זיין צופרידנקייט איז אָבער געלעגן אין אָט דער נישט-פעיקייט. מיט די פינגער האָט ער געצערטלט איר נאַקעטן אָרעם, ער האָט געשווידערט באַרירנדיק די פאַלדן פון איר הויט, וואָס האָט באַהאַלטן אין איר סאַמעטענעם שאָטן אַ סודותדיקער הנאה.

— גענוג! — האָט זי אויסגערופן: — הייב נישט ווידער אָן, ווייל כ'וועל בייז ווערן... עס איז שוין גוט, גוט... לאָמיר גיין!

זי האָט פאַרוואָרפן דעם פוטערנעם שאַל אויף הינטן, צו פאַרדעקן מיט אים דעם ריס און די בראָשע, וואָס האָט הערלעך געבלישטשעט. זי האָט גענומען גיין און מיכאַל האָט איר נישט פרובירט פאַרהאַלטן. די לעצטע געשעעניש מיט איר קלייד

האָט אים געמאַכט פּאַרזיכטיקער.

ביים לעצטן וועג-פאַרבויג, האָבן זיי זיך דערזעען מחוץ דעם בלאַנקנדיק האַלב-שאָטן פון די בוכטע. איבער זייערע קעפּ האָט זיך געזעען דער לעצטער באסטיאָן מיטן שומר אויף דער וואַך; אַקייגנאיבער זיי האָבן געלויכטן צוויי האַפן - טורעמלעך און אויפן אַקייגנאיבערדיקן ברעג, אין דער הויך—מאנטא-קארלא מיט אירע ריזיקע בנינים און קופּאָלן, אָן וועלכע עס האָט זיך אָפּגעשלאָגן דאָס ראָזע פייער פון אונטערגאַנג.

אינסטינקטיוו זענען זיי ביידע שטיין געבליבן. די אָנוועזנ-הייט פון עטלעכע גרופּעס מענטשן, וואָס זענען צעוואָרפן געווען אַרום עטלעכע שיפלעך, דאָס האָט זיי באַוויגן צו האַלטן זיך פּאָרזיכטיקער. זיי זענען שוין נישט געווען אַליין: זיי האָבן זיך ווידער געפונען אינם לעבן.

—ווי קורץ דער וועג האָט זיך מיר אויסגעוויזן—האָט די פירשטן אויסגעשריגן.

און ער האָט אויך געטראַכט דאָס זעלבע: „ווי קורץ דער וועג איז געווען."

זיי האָבן ווייטער נישט געקענט גיין צוזאַמען און זיי האָבן זיך צעשיידט.

אַליציאַ האָט אויסגעצויגן ביידע הענט.

—מער נישט?—האָט מיכאַל אַ זיפץ געטון.

אַ ווײַלע האָט זיך די פירשטן געוואַקלט, נאָר באַלד איז זי מיט אַ מיידלעשער פלינקייט צוגעשפּרונגען צו אים מיט אויס-געשפּרייטע אָרעמס, פּונקט ווי זי וואָלט נאָך געווען יענע אמא-זאנע פון בולאָנער וועלדל.

—אָט האָסטו... נאַ...

דאָס זענען געווען דריי גיכע און בליציקע קושן, וועלכע האָבן נישט מער געדויערט, ווי סעקונדן; נאָר לובימאָוון האָט אויסגעדוכטן, אַז ער האָט נאָך גאָרנישט גענאָסן פון לעבן, ווייל אַזאַ ענלעכער שוידער, וואָס איז אַדורכגעלאָפן איבערן קערפּער האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געשפּירט.

— נאָך איינעם... איינעם !...

זיין תחנונימדיקע מינע ד'האָט דערוועקט אין איר אַ שמייכל.

—געגוג דאָס דאָזיקע משוגעת!.. אַן אַנדערש מאָל... ווער ווייסט?... איצט מוז איך זיך צוריקקערן צו מיינע דאגות. כ'האָב מורא אַהיימצוגיין: כ'פיל עפעס אַ פחד געמישט מיט האָפנונג. אָך! די נייעס, די נייעס, וואָס איך קען אַ ליאַדע שעה באַקו־מען... ואָג: דו טראַכסט, אַז ס'איז אים גאָרנישט געשען? מיינסט אַז ער וועט צוריקקומען?...

## VIII.

אויפן אויסזען איז דאָס לעבן אין דער ווילִיע זיך לויטער־רויק געפלאָסן. דאָך האָט דעם פולקאָווניק נישט אויסגעפעלט קיין שווערע דאגות. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די דייטשע אָפּען־סיווע.

דאָס באָמבאַרדירן פאַריז האָט אַהערגעצויגן אויפן „בלאָען־ברעג" אַ גרויסער צאָל צוגן, וואָס זענען איבערגעפילט געווען מיט אַנטלויפנדיקע.

נאָוואַאַ ווי ס'האָט אויסגעזעען, האָט קנאַפּ געזאָרגט וועגן דעם. מיט יעדן טאָג איז ער געגאַנגען עלעגאַנטער אָנגעטון און דעם צווייטן האַלבן טאָג האָט ער פאַרבראַכט אין קאַסינאָ.

וואָס שייך קאסטרא, איז זיין הומאָר קאַליע געוואָרן. טאָלעדא האָט געוווּסט די סיבה: דאנא קלארינדא איז, צוליב די שלעכטע ידיעות פון פראָנט, געוואָרן סארקאסטיש צו אַלע מענער, וועלכע האָבן נישט געטראָגן קיין מיליטערישע מונדירן. קאסטרא האָט אָבער נישט געוואַגט איר אַ קייגן צו רעדן; ער פלעגט נאָר אַהיים קומען אין דער ווילִיע אַ פאַריאושטער. דער איינציקער, וואָס האָט געליטן פון זיין שלעכטן הומאָר, איז

געוועזן נאָוואַ. אַטילא האָט אים נישט געקענט פאַרליידן צוליב דעם, וואָס דאנא קלאַרינדא איז געוועזן צוקריגט מיט אַליציאַן, וועלכע האָט אים, נאָוואָאַן, פּראָטעזשירט וואַלעריען.

צוליב קליניקייטן איז געקומען צו אַ ווערטער-אויסטויש און, אין אַ געוויסן אָוונט איז עס דערגאַנגען צו אַזעלכע קריגערייען, אַז זיי האָבן שוין גערעדט וועגן אַ דועל. זיי האָבן זיך געווענדט צום פּולקאָווניק, ווען ס'איז קוים געלונגען זיי אָפּצוהאַלטן.

ענדלעך אין אַ געוויסן טאָג, האָט נאָוואָאַ דערקלערט דעם פּירשט מיט אַ שלעכט-פאַרבאָרגענער געריריטקייט, אַז ער פאַרלאָזט די ווילע. צוליב זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן מוז ער זיך געפינען אין מאנאקאָ; ער וועט אָבער אייביק געדענקען דעם חוב, וואָס ער איז שולדיק דעם פּירשט. און אָפּזאָגנדיק זיך פון דער ווילע און איר גאַנצן קאמפּארט, איז ער אַוועקגעפאָרן, כדי זיך צו באַזעצן אין דער אַלט-שטאָט צוליב זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן.

מיכאַל האָט אויסגעזען פאַרזאָרגט. די טעג זענען פאַרביי און ער האָט נישט געהאַט דער מעגלעכקייט צו באַנייען יענעם שפּאַציר, וואָס ער האָט אַדורכגעמאַכט אין די מאָנאַקאָשע גערטענער.

— איך האָב דיך ליב — האָט זי געזאָגט: — גלייב מיר, אַז כ'וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן אָן דעם טאָג... נאָר איצט קען איך נישט... איך פיל, אַז ס'וועט שוין נעמען צו דעם אַ סוף... אַזוי אָבער איז אונמעגלעך! איך קען נישט אויפהערן צו טראַכטן פון זון.

מיכאַל האָט נישט געצווייפלט אין דעם, אָבער נישט נאָר דער זון האָט פאַרנומען אירע געדאַנקען: זי האָט ווידער אָנגעהויבן צו שפּילן, שפּילן מיט גרויסע סומען. דער פּירשט האָט זיך געשטעלט אַ פראַגע צו זי האָט נישט אַמאָל פאַרמשכנט אָדער פאַרקויפט זיין פּערל-בראָשע מיט וועלכער ער האָט איר דאמאָלסט צוגעשפּילעט דעם צעריסענעם אָרבל.

אַליציאַ האָט צו ביסלעך געוואונען, אבער נישט מער פאַר־

שפילט. און דאָ האָט זי צוריק באַקומען דעם בטחון, אַז ס'וועט זיך איר אומקערן יענע פאַליע גליקלעכע אָוונטן, וועלכע האָבן אַרויסגערופן אַזאַ שטוינונג אין קאַסינאָ.

ביי נאַכט האָט זי זיך אומגעקערט אַהיים אַ צופרידענע. זי האָט געהאַט אַ דריי-פיר טויזנט פראַנק מער, אָבער דאָס איז דאָך גאָרנישט! זי האָט זיך געזאָרגט מיט אַזאַ קליינעם קאַפּי-טאַל. פאַרוואָס זאָל זי ווידער נישט קענען צענויפנעמען אַ דריי-סיק טויזנט פראַנק און אָפּהאַלטן אַ הערלעכן נצחון?

שעהן האָט מיכאל פאַרברענגט אין קאַסינאָ, לעבן טישל, ווו זי האָט געשפּילט, וואַרטנדיק אויף אַ געלעגנהייט און דאָך זיך נישט דערוואַרט מער, ווי אויף אַ קורצן שמועס אין דער צייט פון אַ פּויזע.

אַ געוויסן פּרימאָרגן איז ער געקומען מיט דער כוונה צו-טרעפן איר אומגעריכט אין שטוב. ס'איז געווען אַרום צען דער זייגער. ער האָט אָנגעטראָפן וואַלעריאַן, וועלכע האָט זיך אָנ-געטון דעם הוט און ס'האָט אויסגעזעען, ווי זי וואָלט נישט צו-פרידן געווען מיט אָט דעם וויזיט. מעגלעך, אַז זי האָט זיך דאָס נעקליבן קיין מאנאקאָ; ס'קען זיין, אַז נאָוואָאַ האָט אויף איר געוואַרט אין וועלכן מאנטע-קאַרלאָ געסל.

— די פירשטן איז אַוועק אין „פאַבריק"—האָט זי מיט אַ שמייכל געזאָגט: אין דעם מאָמענט אַרבעט זי געוויס זייער אינ-טענסיוו.

אַ שטיק נאַכט האָט זי פאַרברענגט מיט שרייבן ציפערס און שפּעטער האָט זי געמוזט לויפן מיט פאַרשלאָפענע אויגן אין קאַסינאָ, נישט מאַכנדיק זיך קיין לייטישן טואַלעט, פּונקט ווי זי וואָלט זיך געאיילט אויספּרובירן אַן אויסטערלישע קאָמ-בינאַציע, וואָס זי האָט אויסגעטראַכט.

וויפיל מאָל ער זאָל איר נישט האָבן אָנגעטראָפן, האָט איר דער פירשט מיט אַ קינדערישער ביטערקייט דערמאָנט אָן איר זון און אַזוי אַ נאָך האָט ער איר אָפּגעריסן אויף אַ ווײַלע פון די האַלוצינאַציעס און דאגות וועגן דער שפּיל.

אין אַ געוויסן נאָכמיטאָג האָט ער איר געוויזן עטלעכע טעלעגראַמען און בריוו. דאַטירט אין מאַדריד, פּאַריז און בערן. מלכים און מיניסטאָרן זענען באַשעפטיקט געווען מיטן אויפזוכן די שפּורן פון פאַרלוירענעם פּליעו. אַ דאַנק דער פּראָטעקציע פון אַ נייטראַלער אַמבאַסאַדע, האָט אַפילו בערלין צוגעזאָגט אָפּצוזוכן דעם בחור אירן אין די געפאַנגענ-לאַגערן. ס'איז געווען אַ סברה, אַז ער דאַרף זיך געפינען אין פּוילן, אין אַ רעפּרעסיע-לאַגער.

אַליציאַ האָט אָנגעהויבן ציילן די שעהן מיט אומגעדולדיקייט, פּונקט ווי די דאָזיקע פאַרלאַנגטע נייעס וואָלט טאַקע באַדאַרפן אָנקומען אַ ליאַדע מינוט.

—וועסט זען, ווי כ'וועל ווערן אַן אַנדערע אין דעם טאָג ווען כ'וועל וויסן גענוי, אַז ער לעבט. כ'וועל דיך אויפהערן צו נודן מיט מיינע זאָרגן. גאָר אַן אַנדערע פרוי וועסטו אין מיר געפינען.

אין פּאַקטיש האָט אים דער שמייכל און פיל-צוזאָגנדיקער בליק אירער, דערלויבט צוזעען אין איר יענע אַליציאַ, וועלכע האָט מיט אים שפּאַצירט איבער די מאנאקאשע גערטענער.

בעת ער איז געבליבן אַליין, איז ער אַרומגערינגלט געווען פון די אייגענע דאגות. ער האָט באַקומען ידיעות פון רוסלאַנד, דורך די יעניקע וועלכע זענען פון דאָרט אַנטלאָפן, ווערנדיק פאַרפאָלגט פון די באָלשעוויקן. די וועלכע האָבן פאַרוואַלטעט מיט זיינע גיטער, זענען אַרעסטירט געוואָרן. דער פּאַלאַץ זיינער דינט איצט פאַר עפּעס אַ באָלשעוויסטישן קאָמיטעט די גראָבנס זיינע זענען נאַציאָנאַליזירט געוואָרן, הגם מען האָט אין זיי נישט געאַרבעט. די ערד האָט מען צעטיילט. געוועזענע שענקער, גראָבע יינגען, פאַרנעמען זיינע דהייזער, כאָטש ער האָט נישט געקענט פאַרשטיין מיט וועלכע רעכט. און אַ חוץ די דאָזיקע אַלע פייגלעכע ידיעות, זענען נאָך צוגעקומען אַנדערע וועלכע דהאָבן באַוואונדערט די טיי-ערסטע זכרונות זיינע.

אַ געוויסע הויכע הויף־דאַמע, וועלכע ער האָט אַמאָל זייער הייס געליבט—פאַרקויפט איצט צייטונגען אין גאַס. אַ צווייטע, זייער עלעגאַנטע, וועלכע איז אַמאָל געווען די מאָדע־שעפערן אין פעטערבורג, איז איצט געניי'ט צו רוימען דעם שניי. די האָט באַקומען אָפּגעפרוירענע פינגער.

די חברים זיינע, וואָס זענען אומגעקומען האָט ער געציילט אין די טיצן. טייל זענען דערהרגעט געוואָרן גרופּנווייז, אין די טורמעס, מיט רעוואָלווער־שאָסן, אַנדערע ווידער זענען אויף אַן אַנדערן אופן דערהרגעט געוואָרן און אַ טייל זענען געשטאָרבן פון הונגער.

די דאָזיקע אַלע מאָומדיקייטן האָבן אויפגעוועקט אין אים דעם עגאָיזם און ער האָט אויסגעפונען אין לעבן אַ נייעם צויבער.

אין אַ געוויסן טאָג, בעת ער האָט זיך געפונען מיט אַליציאַן ביי אַ בופעט (אין פּריוואַטע סאַלאָנען), האָט זי זיך אָפּן צערעדט: זי מוז ענדלעך אָנהויבן די „גרויסע שפּיל". עס איז איר שוין נמאס געוואָרן דאָס שפּילן מיט קליינע סומען, וועלכע בריענגען ווייניק איין. זי האָסט דעם קאָסינא מיט זיינע באַגרענעצטע „איינשטעלונגען". זי דאַרף שפּילן אין באַקאַראַט. אַזוי אַ נאָך וואָלט זי ווידער געקאָנט אויסנעמען אַ דרייסיק טויזנט פראַנק. פאַרשפּילן אָדער געווונען. זי וואָלט אַפילו באַשטאַנען צו פאַרלירן און זאָל עס איינמאָל פאַר אַלעמאָל נעמען אַ סוף.

—היינט אין אָוונט אין ספּאָרטינג. זאָג נישט „ניין". כ'האָב פאָרגעפיל, אַז דער דאָזיקער אָוונט וועט זיין פאַר מיר אַ דעצידירנדיקער... און ס'קען זיין, אַז אויך פאַר דיר. ווועסט שטיין אַ קייגנאיבער מיר, כדי איך זאָל דיך קענען זען. געדענק, אַז דאַמאָלסט בעת דו האָסט זיך געפונען לעבן מיר, האָב איך אַ סך געווונען. דו ברענגסט מיר מזל... פאַרוואָס שאָקלסטו מיטן קאָפּ? איך זאָג דיר: דו ביסט אַ מזלדיקער.

זי האָט דאָס איבערגעחזרט מיט אַזאַ זיכערקייט, אַז מי־כאַל האָט געמוזט מסכּים זיין.

— קום צו גיין, איך זאָג דיר צו, אַז וועסט געווינען. וועסט געווינען, ווי אַזוי ס'זאָל נישט זיין, דו וועסט געווינען. און אויב כ'וועל האָבן אַ מפּלה, וועלן מיר מאָרגן שפּאַ־צירן, ווי דאַמאָלסט, אין די מאנאקאשע גערטענער, נאָר קום געווינ איך... אויב איך וועל געווינען אַזויפיל, וויפיל איך וויל —

זי האָט מער נישט באַדאַרפט צו רעדן. איר שמייכל און בליק האָט מיכאַלן אַריינגעבראַכט אין אַן התלהבות, ער וועט קומען און אַריין.

אין זעלבן אָוונט, האָבן קאַסטרא און טאָלעדא זיך זייער געחידושט, זעענדיק דעם פּירשט ביים מיטאָג אין אַ סמאָ־קינג.

— הייסט עס, אַז דער פּירשט וועט אין אָוונט נישט זיין אין דער־היים—האָט דער פּולקאָווניק געזאָגט.

און אַזוי איז געווען. דער פּירשט איז געגאַנגען אין דער אָפּערע.

נאָך עלף, בעת דאָס פּובליקום האָט זיך פאַרשפּרייט אין אטריום, האָט זיך מיכאַל אַריינגעזעצט אין אַ ווינדע, וועלכע האָט אים געפירט אין די אונטער־ערד. נאָכדעם איז ער געגאַנגען איבער אַ קאָרידאָר, וועמעס גלאַנציקע ווענט ס'האָבן די עלעקט־רישע ליכט. ער האָט זיך געפונען סאַמע הינטער דעם קאַסינא־פּלאַץ, וועלכער איז אין דעם מאָמענט אַדורכגעשניטן געוואָרן פון אַ מאַסע אויטאָמאָבילן און קארעטן. אַ צווייטע ווינדע האָט אים געפירט צום גרויסן קאָלומנען־זאַל. דאָס איז געווען דער סאַלאָן פון פּאַריזער האָטעל. ער האָט דערזעען דאַמען אין באַ־לאַווע קליידער, מענער אין סמאָקינגס, געוויינלעכע געסט פון אַ לוקסוסאָוון האָטעל. געסט, וואָס טוען איבער אין אָוונט די גאלאווע־קליידער און באַזעצן זיך אויף אָפּרו אין די קאמפּאַרט־פּ טעלן. שווייגנדיקע, אָדער שמועסנדיקע שטילערהייט, ווי אין אַ טעמפּל.

ער האָט פונדערווייטנס געגרוסט צו באַקאַנטע און זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט נישט באַמערקט די עטלעכע פּרויסן, וואָס האָבן צו אים געשמייכלט. נאָכדעם איז ער אַריין אין אַ ווינדע, וועלכע האָט זיך נאָך טיפער אַריינגעגראָבן אין דער ערד. ער האָט זיך געפונען אין אַ געוועלבטע אונטער-ערד, אַ באַפּוצטע מיט פּאָמפּיאַנער פרעסקן. זי האָט זיך געצויגן הינטער צוויי האָטעלן און עטלעכע גערטענער. מיט אַ פרישע ווינדע איז ער אַרויף אויפן פּאַרטער. אַ טיר האָט זיך געעפנט. אַן אַלטער דינער אין אַ בלאַנקנדיקן פראַק, קורצע הויזן און ווייסע זאָקן, האָט זיך געבויגן פאַר אים מיט אַ געוויסער פאַרחידושטקייט, דערקענענדיק דעם פירשט. ער האָט זיך געפונען אינעם ספּאָר-טינג-קלוב.

זינט די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, איז ער דאָרט נישט געווען.

נאָך האַלבער נאַכט, איז אין די דאָזיקע זאַלן געוואָרן ענג, מ׳האָט זיך באַוועגט טרעטנדיק תמיד אויף עמעצנס אַ קלייד. מ׳האָט זיך באַדאַרפט פלינק אַדורכגליטשן דורך די גרו-פּעס.

אַלע האָבן גערייכערט און פרויען נאָך מער ווי מענער, די לופט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט פּאַפּיראָסן און ציגאַרן-רויך, מיט ריחות פון פרויען-קערפּערס און פאַרוועלקטע בלו-מען.

די רייכע האָבן געהאַסט דעם קאַסינאָ און דער עולם, וואָס האָט געהערט צום דאָזיקן קלוב, איז געווען איידעלער. זיי האָבן געשפּילט אין זייער אייגענער געזעלשאַפט, ווייט פון יענע חשודיקע הערן מיט וועלכע די עפּנטלעכע זאַלן זענען פול. כדי זיך אַריינצובאַקומען אַהער, האָט געמוזט ווערן אַריינגעפירט דורך אַן אָנגעזעענער פערזאָן פון קלוב.

דער פירשט איז גוט באַקאַנט געווען מיט דער דאָזיקער הויכער געזעלשאַפט. דאָ האָט מען געקענט טרעפן מיטגלידער פון דער קעניגלעכער משפּחה, אָנגעפאָרענע פרינצן, באַקאַנטע

באַנקירן, מיליאָנערן פון אַלע וועלט-סייקן, פרויען פון באַקאַנטע אָנגעזעענע פאַמיליעס, שיינהייטן אָדער סתם פרויען מיט גרויסאַרטיקע ביזשוטעריע און אויך אַמאָליקע באַרימטע קאָקאָטן. צווישן די פרויען זענען געווען אַ סך, אַ סך וועלכע האָבן אַמאָל אַרויסגעטרעטן אין צירק, האָבן געזונגען מיט צעלעכע שטימען, אָדער געטאַנצט גאַנץ געווענלעך. דאָס האָט זיי געגעבן דאָס רעכט אַריינצוטרעטן אין דעם דאָזיקן קלוב, אונטערן נאָמען „אַרטיסטנס".

מיכאַל איז צוגעגאַנגען נענטער.

ס'איז אים אַ קייגנגעגאַנגען אַ פרוי. ער האָט איר נישט דערקענט. ער האָט איר שוין זייער לאַנג נישט געזען אין אַ באַל-קלייד... אַליציאַ האָט געטראָגן אַ פאַרמלחמהדיקן טואַלעט, נאָר זי האָט אים געטראָגן מיטן זעלבן חן, וואָס אַמאָל. איר שנור פערל האָט אויסגעזעען אויף איר האַלדז ווי אמתע.

זי פלעגט זעלטן פאַרברענגען אין קלוב. דאָס פובליקום, וואָס איז באַשטאַנען פון מענטשן, וואָס האָבן זיך איינער דעם צווייטן געקענט, האָבן צווישן זיך גערעדט אַ סך און דאָס האָט געשטערט צום פאַרטראַכטן זיך.

אין דער שפּיל איז זי געווען אַ פלעבייערן: זי איז זיכער געווען, אַז דאָס מזל קומט נאָר דאָרטן, ווו עס שטייט אַרום איר אַ טרייע חברותא פון פריינט.

דער פאָרגעפיל פונם דערפאָלג און דער באַקאַראַ — די איינציקע שפּיל, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין קלוב — דאָס האָט איר געצווונגען צו פאַרבויגן אין דעם אָוונט אירע געוווינהייטן.

זי האָט מיטגעצויגן מיכאַלן אין באַר אַריין. זי האָט געוואָלט בעטן פון אים אַ טובה: די ערשטע פאַרטיע באַקאַראַט הייבט זיך אָן פונקטלעך צוועלף. — זי וויל האַלטן די „באַנק", נאָר די געזעצן פון קלוב דערלויבן דאָס נישט.

דאָס מוז זיין אַ מאַנספערשוין, הגם מ'ווייסט גאַנץ גוט,

אַז ער שפּילט אויף מיין געלט. איך וויל גלייבן, אַז וועסט מיר טון די טובה, איך האָב ליב צו זיין מיט דיר... און גראָד דאָ־מאָלסט, ווען ס׳גייט וועגן אַן ענין פון לעבן אָדער טויט. איב־ריקנס, כ׳בין גאַנץ זיכער מיטן מזל, אויב דו גאָר וועסט טיילן די קאָרטן. שטעל דיר נאָר פאָר : דער פירשט לובימאָוו— אַ „באַנקיר !״ און די איינגעשטעלטע געלטער וועלן אַריינ־פליסן !...

ווייטער רעדן האָט זי פאַרשפּאָרט. מיכאַל האָט איר אי־בערגעריסן מיט אַ באַוועגונג פון אַ קאַטעגאָרישן אָפּזאָג : דאָס נישט ! בחינם איר רעדן.

דער געראַנק, אַז מ׳וועט אים זען אונטערן גרינעם טיש שפּילן פאַר פרעמד געלט, דאָס האָט אים געוואַלטיק אויפגע־רעגט. אַ חוץ דעם איז ער זיכער געווען, אַז ער וועט פאַר־שפּילן.

מיטאַמאָל האָט זי זיך אָפּגעקערט פון אים און אַוועק. די צייט איז געלאָפן און די „באַנק״ האָט געזאָלט אָט־אָט ווערן אַוועקגעגעבן ווערן. זי האָט ווידער גענומען גלויבן אינעם גוטן מזל־שטערן אירן, בעת זי האָט דערזעען אַ יינגן מענטש, וועלכער האָט זיך נישט דרייסט אַדורכגעשטופּט צווישן די גרופּן.

—ספּאַדאַני !.. ספּאַדאַני !..

דער פּיאַניסט איז בלאַס געוואָרן ווען ער האָט דערהערט אין וואָס איר גייט. „אָ, פירשטן !...״ ער האָט געציטערט און געשטאַמלט פון געריירטקייט.

ער וועט האַלטן די באַנק אין ספּאָרטינג־קלוב, אין דער אָנוועזנהייט פון עלעגאַנטן עולם, וואָס קומט דאָ אַהער נאָך דער אָפּערע אין דער אָנוועזנהייט פון אַן עולם, וואָס וואַרפט זיך מיט טויזנטער פראַנק... דאָס איז אַן אמתער אַפּאָטעאָז: נאָכדעם קען מען רויק שטאַרבן.

צוויי שפּילער זענען געלאָפן נאָך דער „באַנק״: דער באַ־רימטער גריך — אַ פאַריזער אינדוסטריעלער, וועלכער האָט גע־

מאַכט אַ גרויס פאַרמעג, אַלס מיליטער-ליפעראַנט; און ספּאַדאַני מיט פּופּצנטויזנט פראַנק. אָט די ביידע האָבן געוואָלט „האַלטן די באַנק". מ'האָט געצויגן אַ גורל. ספּאַדאַני האָט געוווּנען דעם גורל. אַליציאַ האָט פון שמחה, שיער נישט גענומען אפּלאָדירן.

נאָר ספּאַדאַני, אַכסנדיק די פּריווילעגיעס, וואָס פּאַסן פאַר אַ געניע, האָט אַ באַשיידענעם שמייכל-געטון און איבערגעבעטן זיין גריכישן קאָנקורענט.

דאָס איז געווען אַ דיקער מענטש, כמעט אַ פּיר-קאַנטיקער, מיט אַ טונקל גלאַנציק פּנים, שוואַרצע וואָנסעס און קרומלעכע אויגן, ענלעכע צו די אויגן פון עפּעס אַ חיה. זיינע פאָר-עלטערן זענען געווען פּיראַטן אויף די ארכיפּעלאַג-אינזלען און ער אַליין האָט אין דער ייגנט זיך פאַרנומען מיט קאַנטראַבאַנד. ספּאַדאַני אַ פאַרשעמטער אַ קייגן דער ריזיקער פעטקייט פון דעם דאָזיקן מענטש, האָט אַרויסגעשטאַמלט אַן ענטשולדיגונג. נאָר דער גריך האָט אים געענטפערט מיט אַ בייזן מורמל און אַ זיפץ, בויגנדיק זיך פאַר דער פּירשטן, פּונקט אַזוי, ווי ער האָט עס געזען אין די טעאַטערס.

הגם ער האָט קוים געקענט לייענען, האָט ער פּאָרט געוווּסט, ווי אַזוי צו האַלטן זיך אַ קייגן אַ דאַמע, וועלכע רופט אים אַרויס אויף אַ מלחמה.

ס'איז שוין געווען האַלבער נאַכט. ביי די רולעטקע טישן איז די שפּיל שוין געווען געענדיקט, איז זיך דער עולם צונויפגעקומען אינם באַקאַראַט-זאַל.

די נייעס האָט זיך גלייך פאַרשפּרייט: דער פּיאַניסט ספּאַדאַני, וועלכער איז ביי אַלעמען באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ לייריקגייער, האָט געזאָלט פאַרנעמען דעם גריכס אָרט, ווען אין אמתן האָט די באַנק גאָר געהערט צו די פּירשטן דעליסל.

ספּאַדאַני האָט אַ שמייכל געטון: די איראָניע און די ניי-גיריקייט, וואָס ער האָט אויפגעוועקט, האָט אים סוף-כל-סוף

אדורכגענומען און פאַרשעמט. פיל פון די, וועלכע האָבן גע־קוקט אויף אים, זענען געווען באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן, וואָס ער האָט תמיד פאַר זיי געהאַט רעספּעקט.

נאָר צום גליק איז די פירשטן געווען לעבן אים און ז׳ האָט אים געהיטן. זאָל ער נאָר מאַכן אַ טעות און אָט די גרויסע דאַמע איז אים גרייט צו שלאָגן... אַלזאָ, מוטיק און דרייסט פאָרויס!...

דער קרופּיער, וועלכער איז געזעסן אַ קייגנאיבער אים, האָט פריער געטאַסט די קאָרטן, איידער ער האָט זיי אַריינ־געלייגט אין אַ קליין טאָפּלט שיפלעדל, פון וואַנען דער „באַנ־קיר” האָט זיי באַדאַרפט אַרויסנעמען צום צעטיילן.

דאָס פּובליקום האָט דווקא חשק געהאַט צו לאַכן פון זיין געריטקייט. ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין פרע־זידיום־שטול, האָט זיך דער נייגיריקער עולם משמח־געווען לאַכנ־דיק מיט אַ פריילעך און אָפן געלעכטער פון זיין צעטומלטקייט. ער האָט נאָר בלויז באַדאַרפט אין דער שטיל עפּעס אַ פרעג־טון דעם קרופּיער—און דער עולם האָט אויסגעבראָכן אין אַ גע־לעכטער. און צום העכסטן האָבן געלאַכט די פרויען, וועלנדיק דערמיט טרעפן יענע, וועלכע איז געשטאַנען הינטער ספּאַדאָנין. אָבער פּלוצים האָט אַ רויער געשריי איבערגעריסן די אַלגעמיינע פריילעכקייט.

— „באַנקאָ!”

דאָס איז געווען דעם גריכס קול. ער האָט זיך אַוועקגע־זעצט אויף ספּאַדאָניס רעכטער זייט, מיט דער אומצופרידענער מינע פון איינעם, וואָס זעט, וואָס פאַר אַן אומגערעכטקייט עס ווערן נעבעך אָפּגעטון און ער פילט דעם חוב דאָס שלעכטס אַראָפּצורוימען.

ער האָט נישט געקענט פאַרליידן, אַז די דאָזיקע לע־כערלעכע פּערזאָן, זאָל פאַרנעמען דאָס אָרט, וואָס ציט אויף זיך יעדן אָוונט אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט מיט דרך־ארץ. ער

האָט אויך נישט געקענט פאַרטראָגן, אַז אַ פרוי זאָל זיך מישן אין דורכויס מענלעכע עסקים. ער האָט געהאַט דאָס אַנטוישטע און פאַרדראָסיקע געפיל פון איינעם, וואָס זעט, ווי זאַכן אייני־געאָרדנטע ווערן איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ, ווי שילער שטעלן זיך אַוועק אין דער ראָלע פון גרויסע לערער, ווי עס פעלט דער מינדעסטער דרך־ארץ פאַר דער העכערער מדרגה: איינמאָל פאַר אַלעמאָל מוז אַ סוף נעמען צו דעם באַנ־קאָ!

דער פירשט האָט אַ ציטער־געטון. אַליציאַס פּופּצן טויזנט פראַנק זענען געווען אין סכנה. דער דאָזיקער מענטש האָט גע־וואָלט שטערן דאָס ווייטערדיקע פירן די באַנק. קוים געווינט ער, איז דער גאַנצער צונויפגענומענער קאַפּיטאַל, וואָס די פירשטן פאַרמאָגט — פאַרלוירן; נאָר קוים פאַרשפּילט ער—וועט איר קאַפּיטאַל זיך פאַרטאָפּלען... מסתמא וועט זי געווונען, אַז אַזאַ מזלדיקער, ווי ער איז מישט זיך אַריין...

ספּאַדאָני, הערנדיק דאָס קול פון אַזאַ גרויסן מענטש, איז זיצן געבליבן, ווי געטראָפן פון אַ דינער. זיינע אויגן האָבן מע־כאַניש געזוכט די פירשטן; ער האָט זיי אָבער גלייך געמוזט צוריקציען, ווייל ער איז דערשראָקן געוואָרן איבערן האַרטן אויס־דרוק פון איר פּנים.

דאָס טאָפּעלע שפּילעדל, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים, איז געווען גרייט. האָט ער צעטיילט די קאָרטן אויף רעכטס און לינקס און נאָכדעם גענומען זיך אַליין.

דער גריך האָט אויפגעדעקט זיינע קאָרטן: „אַכט!"
אַ פאַרחידושטער שום האָט גענומען אַרומלויפן אַרום דעם טיש.

די „משרתים" האָבן זיך דערפרייט מיט זיין דערפאָלג, פּונקט ווי ס׳וואָלט געווען זייער אייגענער. ער האָט גענומען די קאָרטן פון דער צווייטער טאַליע, וואָס דער קרופּירער האָט אים דערלאַנגט און ווארפנדיק אַ שנעלן בליק, האָט ער זיי גע־וואָרפן אויפן טיש.

—נאָך אַכט מאָל !—ס׳איז אויפגעשטאַנען אַ פאַרוואונדערטע געשריי : ער וועט געווונען ! ס׳איז אונמעגלעך, אַז דער „באַני-קיר" זאָל גראָד האָבן מיט איין פונקט מער.

ספּאַדאָני, אַ בלאַסער מיט אַ נאַסן שטערן פון שווייס, האָט אויפגעדעקט זיינע קאָרטן. דער עולם האָט עס אויפגענומען מיט אַ טויב מריקען : „ניין !"

די זעלבע, וואָס האָבן מיט אַ ווײַלע צוריק געחוזקט פון אים, האָבן געזעען אין דער דאָזיקער געשעניש, אַ געוויינלעכע זאַך:

— „דאָס מזל קומט תמיד צו דעם נאַיוון." — האָבן זיי געזאָגט.

און בעת דער גריך האָט אָפּגעגעבן דעם קרופּיער די פּופצן טויזנט פראַנק, האָט ער זיך פאַרנויגט פאַרן פּיאַ-ניסט.

עטלעכע אַלט-פרענקישע פרויען האָבן מודה געווען, אַז די פירשטן האָט באַוויזן איר קלוגשאַפט מיטן אָנטרויען איר מזל דעם דאָזיקן נאַיוון מענטש.

אַליציאַס אויגן האָבן גענומען זוכן דורך דער טאָפּלטער רייען קעפּ, מיכאַלן. זי האָט אַ לייכטן שמייכל געטון צו אים. פון איר פּנים איז פאַרשוואונדן דער הארטער, פאַרשטיינערטער אויסדרוק מיט וועלכן זי האָט דערוואַרט די לעצטע מינוט. זי איז זיכער געווען אין איר דערפאָלג. און וועלנדיק אײַנגאַנצן באַרויקן איר אומרו, האָט זי אַרויסגעצויגן פון זעקעלע אַ לענג-לעכן ציגאַרן-שפּיץ פון העלפאַנט-ביין און זי האָט גענומען רויכערן.

נאָכן ערשטן דערפאָלג, האָט דער פירשט אָנגעהויבן שפּילן מיט זיכערקייט. ס׳האָט אויסגעזעען, ווי די פירשטן, וועלכע איז געשטאַנען אַן אומבאַוועגלעכע הינטער אים, זאָל אים אָנשטעקן מיט איר גלויבן. עטלעכע מאָל האָט ער צעטיילט קאָרטן און דאָס באַנק-געלט איז כּסדר געוואַקסן, וועקנדיק די נייגיריקייט פון די שפּילער.

די וועלכע האָבן ביז איצט געחוזקט פון ספּאַדאָניס אומ-געשיקטקייט, האָבן איצט געקנייטשט די שטערנס, זענענדיק שטאַרק פאַרנומען מיט דער שפּיל. זיי האָבן נאָכגעפאָרשט דעם וואַקסנדיקן קאַפּיטאַל, וואָס צוזאַמען מיט אים זענען אויך גע-שטיגן די „איינשטעלונגען.״

אַלע האָבן געהאַט פאַרגעפיל, אַז ס׳גרייט זיך עפּעס אַ שיינע שפּיל, אַ קאָן מיט שטאַרקע עמאָציעס. דער „באַנקיר״ האָט פאַרגעסן אָן די פירשטן און פאַרגעסן זיין עניוות. עס האָט זיך אים אויסגעדאָכטן, אַז דאָס וואָס ער געווינט, געהערט צו אים.

ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז ער האָט ענטדעקט דעם באַרימטן סוד, וועגן וועלכן נאָוואַ האָט גערעדט און האָט גע-טראַכט, אַז ענדלעך וועט ער דערגרייכן דעם גרויסן פּראָפיט, וועלכן ער האָט זיך תּמיד אויסגערעכנט, פאַרצייכנענדיק אים מיט נולן אויף לאַנגע זייטלעך פּאַפּיר, וואָס פאַר אַן אָוונט? אַ שאָד, וואָס זיין געלערנטער פריינט איז נישט ביי געווען דעם דאָזיקן טריומף!

לובימאָוו האָט פאַרלאָזט דעם טיש. ער האָט נישט גע-קענט [illegible] מיט קאַלט בלוט צו אַליציאַס רויקייט און צום אופן פון רויכערן, בשעת זי האָט נאָכגעפאָרשט מיט קעצישע בליקן דעם פאַרלויף פון די שפּיל. דאָס מזל קען זיך אָט-אָט ענדערן: דאָס כּסדרדיקע חוצפּהדיק געווינען, קען לאַנג נישט אָנ-האַלטן.

און דער גריך, שפּילנדיק און פאַרשפּילנדיק, האָט זיך גע-מוזט אָנשטרענגען צו באַהערשן דעם כּעס, וואָס האָט אים אָנ-גענומען.

ס׳איז דאָך נישט מעגלעך אויסצושרייען „באַנק״ איידער ס׳פעלן אויס קאָרטן. ער איז אָבער געזעסן איינגעהאַלטן אויפן אָרט, מיט אַן עקשנות, זייענדיק זיכער, אַז סוף-כּל-סוף וועט ער פאָרט באַזיגן דעם חוזקדיקן מזל זיינעם. ער האָט מער געהאַט געלט, ווי אַליציאַ צוזאַמען מיט איר פאַרטרעטער. ער האָט גע-

קענט אויסדויערן, ער וועט זיי באזיגן.

דער פירשט איז אוועק אין באר. ער האט פאמעלעך גע־נומען טרינקען—אן אמעריקאנער מיקסטורע פון ביטערנישס, זיס און שטארק. ער האט געטרונקען שלוק נאך שלוק, כדי צו־צערייסן די געדאנקען. ער האט זיך געוואלט לייכט פאר־שיכורן, כדי צו קענען שטיין אויף דער זעלבער הויך פון יע־נער פרוי, וועלכע האט אזוי פארצווייפלט געקעמפט מיט איר מזל.

ער האט זיך געפונען אליין. דער גאנצער קלוב האט זיך פארזאמלט אין באקאראט-זאל. ער האט באדויערט, וואס קאס־טרא איז נישטא איצט צוזאמען מיט אים אין „ספארטינג". זיי וואלטן געקענט שמועסן, אזוי ווי אין יענעם טאג, בשעת אליצ־יאן האט זיך איינגעגעבן אים אנצובינדן די גאלדענע פליגל פון דער כימערע. דאס וואס ער איז איצט נישטא, איז עס אוודאי, א דאנק דער „גענעראלאוס" א באפעל.

פון שפיל-זאל האט זיך דערטראגן א דומפ געראיש. ער האט געזען, ווי עטלעכע נייגיריקע זענען אריין אין באר, עפעס אויסצוטרינקען. זיי האבן גערעדט צווישן זיך זייער אויפגעלעבט. הערנדיק עטלעכע מאל דערמאנען דעם גריכס נאמען, האט ער זיך גענומען צוהערן. ס׳האט זיך אויסגעוויזן, אז דער גריך האט געראופן „באנקא!"

ביי א נייעם קאן ווען די באנק האט שוין באזיצן הונ־דערט און פערציק טויזנט פראנק, איז ער געווען דער איינצי־קער, וואס האט זיך געקענט דערלויבן אויף אזא דרייסטקייט. ער האט געהאט אכט פונקטן, אבער ספאדאני האט ווידעראמאל געהאט „ניין". און דער קרופיער האט צונויפגענומען פאר דער באנקס-וועגן דעם גריכס הונדערט און פערציק טויזנט פראנק. וואס פאר אן אוונט? און מ׳דארף געדענקען, דאס האט דער שוטה ספאדאני באוויזן אזעלכע קונצן...

עטלעכע פרויען זענען פארביי די טירן פון באר, זשעס־טיקולירנדיק מיט די הענט, ווי זיי וואלטן אויף עפעס אין כעס

געוועז. זיי זענען געזעסן בייז און פארביטערט צוליב די פירשטן דע-ליסלס דערפאָלג, הגם קיין איינע פון זיי האָט צוליב דעם נישט היזק געהאַט קיין גראָשן. אזא מין מזל איז געווען אומ-נאַטירלעך: ס׳האָט געמוזט זיין אין דעם עפעס א גניבה. וואָס פאר א גניבה? דאָס האָבן זיי נישט געקענט זאָגן, זיי זענען אָבער זיכער געווען, אז עפעס איז דאָ נישט כשר.

נאָכדעם איז אָנגעקומען דער גריך, הינטער וועמען עס זענען אָנגעקומען זיינע צוויי משרתים. ער איז געווען פאר-שוויצט און זיינע מלבושים זענען אויף אים געלעגן נישט אין אָרדנונג. מיט פאַראַכטונג האָט ער געהויבן מיט די אָרעמס. די וועלט האָט זיך איבערגעקערט: נישטאָ שוין מער קיין לאָגיק! דערפאַר געשעפט אויך דאָס זעלבע אויפן פראָנט.

און ער האָט זיך אָפּגעקערט צו דער זייט פון אונטער-ערדישן אַדורכגאַנג, דאָרט וווּ ס׳פירט דער וועג צום פּאַריזער האָטעל.

ער האָט נישט געוואָלט מער זען, וואָס ווייטער וועט גע-שען: די דאָזיקע ערא געהערט צו משוגעים.

אויך דער פירשט האָט נישט געוואָלט מער וויסן, וואָס ווייטער וועט געשען. ער איז זיצן געבליבן אין פאָטעל, ער האָט זיך ווידעראַמאָל געהייסן דערלאַנגען די זעלבע משקה, פאַרקוקט זיך אויפן רויך פון זיין ציגאַר און אונטערגע-דרימלט.

ער האָט זיך פּלוצים אויפגעכאַפּט מיטן איינדרוק, אז ווער האָט אים א קלאַפּ-געטון אין אָרעם. ס׳איז אָבער נישט געווען מער, ווי א דוכטעניש... ער איז געווען אליין. זיינע אויגן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויפן זייגער. ס׳איז געווען צוויי. ער איז אויפ-געשטאַנען און מיט פּאַמעלעכע טריט צוגעגאַנגען צום באַקאַ-ראַט-זאַל.

דער עולם איז שוין געווען קלענער; נאָר די וועלכע זע-צען נאָך געווען, האָבן אַנטייל גענומען אין דער שפּיל. א ריי-זיקע סומע, צונויפגענומען דורך דער „באַנק", האָט זיך גע-הויבן אויפן טיש.

די וואָס האָבן געווונען, האָבן נישט געהאַט קיין מורא, אַז מ׳וועט זיי נישט באַצאָלן; די וואָס זענען געשטאַנען אָרום און זיך צוגעקוקט, האָבן פון צייט־צו־צייט ריזיקירט מיט צוואַנציק פראַנק, כּדי צו קענען האָבן אַ חלק אין די אַלגעמיינע עמאָציעס, אין דער האָפענונג, אַז דער שטורם פונם הערפאָלג, וואָס איז כּסדר פאַרעקשנט געגאַנגען אָן דער זייט פון „באַנק״־אינהאַבער—וועט זיך סוף־כּל־סוף איבערדרייען צום גונסטן פון גאַנצן עולם.

די ערשטע זאַך, וואָס מיכאל האָט באַמערקט, איז געווען אַ ריזיקער שטויס פון טויזנט פראַנקיקע באַנקנאָטן, זשעטאָנען און פאַפירן פון פאַרשידענע קאָליר׳ן און סומען. ס׳איז דאָרט געווען צונויפגעזאַמלט אַ גאַנצער אוצר. נאָכדעם האָט ער געקוקט אויף אַליציאַן. אירע אויגן האָבן כּסדר באַוועגט הין און צוריק, פון דעם שטויס געלט ביז דעם באַנקירס הענט. און האָט געערוי־בערט... זי האָט געהאַלטן אין איין רויכערן... אויפן אַש־שיסעלע לעבן די טריומפאַטאָרן, איז געלעגן אָנגעלייגט אַ קופּקע פון אויסגעברענטע פאַפּיראָסן. ס׳האָט זיך געקענט אויסדוכטן, אַז זי איז פאַריקט געוואָרן פון איר דערפאָלג, מיט איר גלייכגילטי־קייט, צוליב דאָס אומאויפהערלעכע מזלדיקייט.

אין זיינע באַוועגונגען און אין קול, האָט דער פּיאַניסט אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַ געוויסע מידקייט. דער טריומף זיינער האָט פאַרלוירן זיין געשמאַק זינט דער גריך איז אַנטלאָפן. עס זענען אויך שוין געהאַט אַנטלאָפן פיל אַנדערע באַרימטע שפּי־לער, פונקט ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט, אַז מיט זייער פאַר־זאָן וועלן זיי מוזן נעמען אַ חלק אין דעם אויסטערלישן דער־פאָלג.

די איינציקע דרייסטע קאָנקורענטן זענען געווען די ענג־לענדער. די דאָזיקע זעלטענע שפּיל האָט זיי אינטערעסירט, ווי אַן אָרגינעלער ספּאָרט. זיי האָבן געוואָלט מלחמה האַלטן מיטן באַנקירס גליק, בלויז צוליב דער הנאה פון דער מלחמה. ביי־נערדיקע פרויען, אין קליידער מיט טיפע דעקאָלטן, אָנגעזעענע

פרויען, האָבן יעדעס מאָל אויסגעשריגן בעת דער „באַנקיר" האָט מיט זיינע קליינע הענטלעך צענויפגעגראַבלט די גרויסע „איינשטעלונגען", אין דערצייט ווען די מענער האָבן אַרויסגעצויגן פון די בוזעם-טאַשן פון זייערע סמאָקינגגס פרישע פעקלעך באַנקנאָטן.

מיט איין .וואָרף האָט ספּאַדאָני פאַרלוירן גאַנצע צוואַנציק טויזנט פראַנק.

דער פירשט האָט באַקומען דאָס געפיל פון אַ מאַטראָז, וועלכער שפּירט אונטער זיינע פיס דאָס ציטערן פון העך שיף, וואָס האַלט ביי אונטערגיין; דאָס געפיל פון אַ זעלנער וועלכער פילט דעם אָנהייב פון פאַרלוירענעם קאַמף.

נאָכאַמאָל זענען קאָרטן צעטיילט געוואָרן און די באַנק האָט צום צווייטן מאָל פאַרלוירן.

מיכאַל איז זייער פאָרזיכטיק צוגעגאַנגען צו אַליציאַס שטול.

— ס'איז צוויי דער זייגער. ס'איז צייט צו ענדיקן — האָט ער געשעפּטשעט, וואַרפנדיק זיינע ווערטער אויפן קאָפּ, וואָס האָט זיך געפונען הינטער זיין ברוסט.

ס'הייבט אָן צו גיין שלימזלדיק. כ'פיל דאָס. הייס ספּאַדאָנין ענדיקן.

זי האָט געקוקט אויף אים דערשטוינט; ס'האָט אויסגעזעען אַזוי ווי זי וואָלט נישט געווען ביים זינען. זי האָט נישט פאַרשטאַנען זיין עצה. ענדלעך האָט זי לייכט גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ, אַז „נישט". זי האָט נאָך געגלייבט אין איר מזל.

און פאַקטיש האָט דער בטחון אירער ווידעראַמאָל אויפגעוועקט דאָס מזל. די „באַנק האָט ווייטער אָנגעהויבן געווינען, צונעמענדיק די סומען פון ביידע זייטן. נאָר דאָס האָט לובימאָוון נישט איבערצייגט. ער האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט און דער אומרו האָט אים געמאַכט ברוטאַל.

ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט הינטער ספּאַדאָנין, כדי צו

רעדן מיט אים אין דער שטיל, קוקנדיק בעת מעשה אין א צווייטע ריכטונג, ס׳זאָל קיינער גישט באמערקן, וואָס ער טוט. ער דארף זיך אויפשטעלן, הייסט עס, און די שפיל באטראכטן פאר געענדיקט. ס׳איז שוין די העכסטע צייט.

דער „באנקיר" האָט אויסגעדרייט דעם קאָפ און אויפגעהויבן די אויגן, כדי צוזען דעם, וואָס האָט אים אזוי פארזיכטיק און שטרענג געעצהנט.

—אָך! דאָס זענט איר, אייער הויכקייט!

ער האָט געגומען שמייכלען א שטאָלצער, זייענדיק צופרידן, וואָס דער פירשט לובימאָוו איז געווען אן עדות פון דעם שענסטן טאט אין זיין לעבן.

און ער האָט ווייטער צעטיילט קאָרטן.

לובימאָוו איז געוואָרן אויפגעבראכט. דער דאָזיקער שוטה, וואָס האָט זיך ממש געטרונקען אין נצחונות, האָט גאָרנישט געהאַט קיין שכל; און קוים האָט ער יאָ עפעס פאַרשטאַנען, האָט ער אָפגעזאָגט די פאָלגשאפט! דעם פירשטס קול האָט געצימערט.

— ספאדאָני, טייוולישער פיאַניסט (און דאָ איז געקומען א זידל-וואָרט אין דרייערליי שפראכן). קוים וועט ער נישט וועלן פאָלגן און טאַקע שוין, וועט ער אים מיט דער פויסט אראָפּוואַרפן פון דער שטול, ער וועט אים א קאָפּ-טון און דורכן פענסטער ארויסוואַרפן...

און ווען ספאדאָני האָט אוועקגעלייגט די קאָרטן, האָבן פולע אָפּגעזיפצט פון דערלייכטערונג, זעענדיק אז די שפיל, וואָס האָט זיי אויסגעזעען צו זיין עפּעס א קללה, איז פאַרענדיקט געוואָרן.

אנדערע ווידער האָבן מיט קנאה און פאַרוואונדערונג געקוקט אויף די גרויסע שטויסן געלט, וואָס דער קרופּירער האָט געברענגט אין אָרדנונג, צונויפלייגנדיק די אסיגנאַציעס איינע אויף דער אנדערע און צונויפשאַרנדיק די פאַרשידן-קאָלירקע זשעטאָנען אין פיראַמידן-בערגלעך.

א קייגן דעם, וואָס פאַר א פאַרגלייך האָט עס געקענט זיין

די אַפּלאָדיסמענטן, וואָס ער האָט באַקומען אַלס פּיאַניסט!

פון מויל-צו-מויל האָט מען זיך איבערגעחזרט די צאָל פיר הונדערט און פערציק טויזנט פראַנק! ס'האָט שוין נישט געפעלט קיין סך צו אַ האַלבן מיליאָן. זעלטן האָט זיך דאָ געטראָפן, אַז עמעץ זאָל אַזוי גיך געווינען.

ספּאַדאָני האָט גענומען איינפּאַקן דעם אוצר אין אַ געפלאָכטן קיישל פון ראָר-שטעקעלעך. ער האָט אינגאַנצן געציטערט, פונקט ווי דער דאָזיקער פאַרמעג וואָלט געווען זיינער. ער האָט איצט געמוזט פאַרבייגיין פאַר די בליקן פון די נייגיריקע, האַלטנדיק דאָס קיישל אויפן האַרץ, פונקט ווי ער האָט געזען עס טוט דער גרויסער פאַן-קאָלעגע זיינער, אין אַן אַנדערן אָוונט.

גיריקע הענט האָבן שנעל אָפּגענומען דאָס קיישל פון אים.

— ניין!... כ'וועל אַליין... אַליין...

דאָס איז געווען די פירשטן. ס'איז איר נישט נויטיק געווען צו האַלטן זיך גלייכגילטיק. דאָס געלט איז דאָך געווען אירס. זי האָט שוין געקענט איצט אַוועקוואַרפן דעם געצווונגענעם שטומען בליק: אירע אויגן האָבן איצט געלויכטן מיט אַ נצחונדיקן שיין. איר שטערן איז איצט פייכט געווען און זי האָט געפילט, ווי אירע בלאַסע באַקן ציטערן. טראָגנדיק דאָס קיישל מיט אויסגעצויגענע הענט, איז זי אַדורך צווישן די גרופּן מיט אַ מאַיעסטעטישער האַלטונג און אַריין אין קאַסינאָ-קלוב.

ספּאַדאָני איז פאַרבליבן מיטן פירשט. ער איז אויך באַדעקט געווען מיט שווייס און זיין פּנים איז געווען בלאַס פון געריירטקייט.

— וואָס פאַר אַן אָוונט, — אייער פירשטלעכער הויכקייט! וואָס פאַר אַן אָוונט דאָס איז געווען!

ער האָט געקוקט אויף אַלע מיט אַ שטאָלצן בליק; אויפן פירשט אָבער האָט ער געקוקט מיט אונטערטעניקייט, כדי צו-

פאַרטייען דעם איינדרוק פון זיין פריערדיק עקשנות און כּדי איבערצובעטן דעם פירשט, וואָס האָט אים מיט אַ ווײַלע צוריק אַזוי שטאַרק געדראָט פאַר זיין איינגעשפּאַרטקייט.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז אַליציאַ שוין געווען צוריק, באַהאַלטנדיק אין איר זעקעלע עפּעס אַ פּאַפּיר.

ס׳האָט אויסגעבראָכן דעם מוזיקערס ענטוזיאַזם.

—אָך! געטלעכע פירשטן! געטלעכע פירשטן!

ער האָט געקושט איר נאַקעטן אָרעם, אַליציאַ האָט געשמייכלט צוליב די דראָזיקע עפנטלעכע פאַרערונג. דער אָרעמער פּיאַניסט האָט זיך געקענט אויף אַלץ דערלויבן: ער איז נישט בכּוח געווען איר צו קאָמפּראָמיטירן.

—אַ דאַנק, ספּאַדאָני. קענסט רעכנען אויף מיין דאַנקבאַרקייט. טו אַ קלער צו וועלכן די האָסט חשק אַ הויז, אַ יאַכט, אָדער אַ קלאַווויר מיט בריליאַנטענע קלאַווישן.

מיכאַל האָט זיך צוגעהערט אַ פאַרווּנדערטער. ד האָט דאָס גערעדט גאַנץ ערנסט: ס׳האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט נישט געווען ביים זינען צוליבן דערפאָלג.

דאָ האָט זיי דער מוזיקער פאַרלאָזט. ער האָט געוואָלט זיין אַליין. זייענדיק לעבן דער פירשטן, האָט ער געמוזט טיילן זיך מיט זיין רום און פאַר אים איז, כמעט גאָר נישט געבליבן.

דערפאַר איז ער אַריין צו די ענגלענדער, וועלכע האָבן גערן געוואָלט זיך באַקענען מיט אים נענטער, טרונקען מיט אים אַ פלעשל שאַמפּאַנער און דעקלאַרירן אים פאַרן אינטערעסאַנטסטן פענאָמען, וואָס זיי האָבן ווען-ס׳איז באַגעגנט אויף זייערע רייזעס.

אַליציאַ מיטן פירשט האָבן זיך דערנענטערט צום אַרויסגאַנג.

—דאָס גאַנצע געווינענע האָב איך אַוועקגעליינט אין דער קאַסע פון קלוב — האָט זי געזאָגט, ווייזנדיק אים דעם קוויט: אין אַזאַ שפּעטע שעה טאָר איך נישט נעמען מיט זיך אַזאַ גרויסע סומע געלט. מאָרגן וועל איך אָפּנעמען און אַוועקליינן

עס אין דער באַנק. אָבער צו דעם איז מיר נויטיק אַ מאַנס־פערשוין, וואָס זאָל מיך באַגלייטן. ווּעסט מיר צושיקן דעם פּול־קאָווניק: אַלס געוועזענער מיליטערמאַן, פאַרמאָגט ער דאָך אַוודאי אַ רעוואָלווער.

נאָכדעם איז זי ערנסטער געווען, דערמאַנענדיק זיך אין אַ וויכטיקע זאַך.

—ס׳איז אָפּילו נישט נויטיק צוצוגעבן, אַז מאָרגן וועל איך זיך אויסרעכנען מיט דיר. קלער נישט, אַז כ׳האָב שוין פאַר־געסן, וואָס איך בין דיר שולדיק: צוואַנציק טויזנט פון פריער און דריי הונדערט טויזנט פראַנק, וואָס כ׳האָב געבאָרגט פון דיין מוטער. כ׳וועל אַלץ באַצאָלן.

מיכאַל האָט איר געענטפערט מיט אַ גרויס געלעכטער. דאָס געלט האָט איר פּאַקטיש פאַרדרייט דעם קאָפּ: פאַר יענעם אַ קלאַווירער מיט בריליאַנטענע קלאַווישן און פאַר אים — הונדער־טער טויזנטער פראַנק!

— דו ווייסט גאַנץ גוט, וואָס איך וויל פון דיר—האָט זי צוגעגעבן און אויפגעהערט שמייכלען:—דו ווייסט גאַנץ גוט וואָס איך באַגער.

און מיט אַ צערטלעכן בליק האָט זי אים באַפוילן צו־שווייגן.

זיי זענען אַראָפּ פון די טרעפּ און האָבן זיך געפונען אין הינטער-הויז. די פירשטן האָט זיך איינגעוויקלט אין אַ זיידענעם מאַנטל באַהאָפטן מיט גאָלד און דאָס האָט דערמאָנט אָן יענע צייטן, ווען זי האָט נאָך געוווינט אין פאַריז און פלעגט גיין פון דער אָפּערע; און דער פירשט: ער האָט געטראָגן אַן אָפּע־נעם מאַנטל מיט זיידענע קלאַפּן און אַ ווייכן הוט.

די לאָקאַיען, וועלכע האָבן שוין געוווּסט, וואָס אין די סאַלאָנען האָט פּאַסירט, האָבן זיך געוואָרפן צו די טירן, אין דער האָפנונג צו באַקומען אַ שיין ביר-געלט:

—פאַר דער פירשטן אַ קאַרעטע!

נאָר זי האָט גערנער געהאַט גיין צו פוס אין דער שטיל־קייט פון דער נאַכט. זי האָט זיך געפילט פאַרשטייפּט צוליבן

האַלטן זיך אַזוי לאַנג אומבאַוועגלעך. זי האָט געהאַט אַ פאַר־לאַנג צו פאַרלענגערן די שמחה פון איר טריומף מיט אַ לאַנגן שפּאַציר.

זי איז אַראָפּ פון די לעצטע טרעפּ, אָנגעלענט אָן מיכאַלס אָרעם. זי האָט אויסגעמיטן די אָנטרייבער און די גרויסע צאָל שאָפערן, וועלכע האָבן זיך צענויפגענומען אין גרופּן, אָפּוואַרטנ־דיק זייערע געסט (אָדער קליענטן).

זיי זענען באַלאַסט געוואָרן פון די פרישע נאַכטיקע אַט־מאָספערע און זייערע אויגן זענען נאָך מיד געווען פון די הער־לעך באַלויכטענע זאַלן. ביידע האָבן באַמערקט די לויכטנדיקע לבנה, די באַשיידענע לבנה, וועמעס לעצט פערטל ס׳האָט זיך אויסבאַהאַלטן הינטערן שוואַרצן שלייער פון די אַלפּן. די שטאָט איז געלעגן געהילט אין חושך, אַזוי אַז פאַר פור־לייט איז געווען אַ סכנה.

ווי־נישט־ווי האָט אַ בלאַסע לאָמפּ אַרויסגעוואָרפן אַ שמאָלן פּאַס ליכט.

מיכאַל, וועלכער איז געגאַנגען אַ שווייגנדיקער, האָט גע־וואָלט גיך גיין, ער האָט געוואָלט ווי צום שנעלסטן זיין קאָמ־פּלעט אַליין. נאָר פּלוצים האָט אים אַליציאַ אינגאַנצן אָפּגע־שטעלט.

— איך מוז דיר פאַרגוטיקן—האָט זי געשעפּטשעט : — איך האָב דיר געזאָגט, קוים קומסטו צו גיין, געווינסטו אויף אַלע אַלע פראָנטן, אַפילו ווען איך זאָל פאַרשפּילן אָט האָסטו... נאַ...

אַראָפּוואַרפנדיק דעם זיידענעם מאַנטל פון אירע נאַקעטע אָרעמס, האָט זי אַרויפגעוואָרפן די הענט אויף מיכאַלס האַלז, אַזוי ווי אַ שטאַרקע רייף. איר מויל האָט זיך עניוותדיק אונ־טערגעגעבן, וועלנדיק שענקען גליק.

אַ גיכער בליק האָט אַרומגענומען די גאַס באַלויכטנדיק דעם גאַנצן אַרום: דאָס איז געווען אַן אויטאָמאָביל. אַליציאַ האָט אַפילו קיין ציטער נישט געטון. זי האָט נישט קיין מורא

געהאַט, אַז מענטשן וועלן איר באַמערקן. די מענטשן זענען פאַר איר געוואָרן נישט רעאַלע געשטאַלטן.

אין דעם מאָמענט האָט אויף דער וועלט קיינער נישט עקזיסטירט, אַחוץ זיי ביידע און די פעקלעך באַנקנאָטן מיט די די געוויקלטע „טיטלען", באַהאַלטן אין דער אייזערנער קאַסע.

ביזן סוף פון זיין לעבן האָט לובימאָוו נישט געקענט פאַרגעסן אָן דער דאָזיקער נאַכט. די זייגערס האָבן געמוזט משוגע ווערן, פונקט ווי זיין קאָפּ, וואָס האָט זיך געדרייט לויטן ריטם פון דער זיסער מוזיק. ער האָט געהאַט אַן איינדרוק, אַז ער האָט אַדורכגעמאַכט דעם וועג עטלעכע מאָל, הין און צוריק. ביידע האָבן נישט געוווּסט, וואָס זיי האָבן געטון. און וואָס פאַר אַ זין עס האָט געהאַט צו וויסן? די וויכטיקסטע זאַך איז געווען דאָס, וואָס זיי האָבן זיך געפונען צוזאַמען. ווען זיי האָבן זיך געפונען אויף אַ באַנק פון קאַסינאַ-פּלאַץ, האָט זיך צו אים צוריקגעקערט דאָס באַוווּסטזיין. דער פירשט האָט געדענקט אַלע איינצלהייטן. ער האָט געקוקט אויפן זייגער: ס'איז דריי! איז דאָס מעגלעך?.. ס'האָט זיך אים געדוכטן, אַז ס'זענען קוים עטלעכע מינוט פאַרביי זינט זיי זענען אַרויס פון קלוב. זיי האָבן זיך געמוזט דערווייטערן פון קאַסינאַ-פּלאַץ צוליב דער נייגיריגיריקייט פון די מאַנאַקאַשע פּאָליציאַנטן, אין ציווילע קליידער, מיט אַ באַנד אויפן אַרבל און אַ רעוואָלווער אויף דער זייט.

און זיי האָבן ווידער גענומען גיין צווישן די איינזאַמע גאַסן, אויף די לענג פון די שטאָטישע גערטענער, וועלכע זענען אין דער צייט געווען געשלאָסן.

עטוואָס איינגעבויגן, מיט אַן אָפענעם מאַנטל, אָנגעלענט אויף זיין אָרעם, האָט זי געהאַלטן אויסגעשטרעקט דעם האַלז און אייסגעבויגן די גאָמבע — דאָס גאַנצע פּנים כמעט האָריזאָנטאַל — אונטער אַ האָגל פון קושן. זי האָט געקוקט אויף איר חבר מיט אויגן, וואָס זענען פאַרנעפּלט געווען פון ליבע. ענטפערנדיק אויף די שטומע בעטנדיקע אויגן, וואָס האָבן אַזוי הייך

גערופן, האָט זי עטלעכע מאָל איבערגעחזרט מיט אַ נישט-דייטלעכן קול, ווי אין אַ האַלבן דרימל.

—יאָ. כ׳וועל טון, וואָס דו וועסט ווען... אַלץ, וואָס דו באַגערסט...

און ער, זייער אַ גרעסיוו אין זיין ליידנשאַפט, האָט לייכט אריינגעגנבעט די האַנט הינטער דער ווארעמקייט פון איר מאַנטל.

פאָלגנדיק דעם געהיימען כּוח, האָט מיכאל אָנגעהויבן רעדן וועגן איר זון. ער וועט זיך אוודאי אַ ליאַדע טאָג אויסגעפונען און זי וועט קענען לעבן אַ גליקלעכע. אָבער גלייך האָט ער באַדויערט, וואָס ער האָט אויפגעוועקט אין איר די דאָזיקע זכרונות, וועלכע קענען צווייען דעם גאַנצן צויבער. אַליציאַ האָט אָבער נישט אַרויסגעוויזן קיין שום גערירטקייט.

— אַוודאי—האָט זי געשעפּטשעט: — כ׳וועל אים געפונען כ׳בין זיכער אין דעם. דאָס גליק האָט זיך צו מיר צוריקגעווענדט... ס׳איז שוין צייט, נאָך אַזויפיל ליידן...

און זיי האָבן זיך ווידער פארגעסן אין די גליקלעכע מינוטן.

דערשטוינטע האָבן זיי זיך פּלוצים דערזען אויף דער רויזן-גאַס פאַר איר ווילע. נאָך אַן אומבאַוווּסט אַרומוואַנדערן, האָט זיי דער אינסטינקט דאָרט אַהינגעפירט.

מוטיק פון דעם לאַנגן אַרומבלאָנקען, פול מיט צערטלעכקייט און איבערגעגעבנקייט, האָט דער פירשט אַרויסגעוויזן אַ ליידנשאַפטלעכע אומרויִקייט.

—לאָז מיך אַריינגיין — האָט ער שטיל געבעטן :—קיינער וועט נישט באַמערקן. פאַרטאָג וועל איך אַוועק.

און ס׳האָט אויסגעזען, ווי אַליציאַ וואָלט פּלוצים אויפגעוועקט געוואָרן. צום ערשטן מאָל אין דער דאָזיקער נאַכט, האָט זי אים אָפּגעזאָגט. ס׳איז אַ זיכערע זאַך, אַז דער גערטנער וואַרט אויף איר פאַרן טיר. און מעגלעך, אַז וואַלעריאַ שלאָפט נאָך נישט. ניין! ניין!

לובימאָוו האָט אין פאַרצווייפלונג, געוואָלט איר מיטנעמען אין דער ווילליע סירענע.

—אַזוי ווייט!—האָט אַליציאַ געזאָגט, ווערנדיק מיט יעדער רגע ניכטערער: אַ חוץ דעם איז דאָך דאָס דאָזיקע הויז אַן אמתע קאַזאַרמע: סאַמע מאַנספּערשוינען! און קאָסטרא וועט אַלץ איבערגעבן דער „גענעראַלאָווע". ניין, זי וועט אַהין קיינמאָל נישט גיין! וואָס פאַר אַ משוגענער איינפאַל!

מיט אַ מינע פון אומעט און אַפּאַטישקייט, האָט דער פירשט געוואונען איר גערירטקייט, מיט אַ מוטערלעכע צערטלעכקייט האָט זי אים געגלעט איבערן פנים.

— אָרעמער מיינער !... שטאַרק דיך. אַ ביסל געדולדיקייט ! וואַרט - צו ביז מאָרגן ! יאָ — מאָרגן — איך שווער דיר !...

זי, וועלכע האָט אין די ערגסטע סיטואַציעס אויסגעטראָגן אַזאַ דראַסטישע רויִקייט, זי האָט זיך געוואַקלט און געשטאַמלט, רעדנדיק וועגן מאָרגנדיקן טאָג ; פּונקט ווי אַ יינג מיידל, וואָס האַלט מלחמה קייגן איר אייגענער ליבע, מיט שרעק, מיט פחד, כדי נישט צו פאַרלירן איר חברישע פּאָזיציע...

מאָרגן... ער קען קומען אַרום דריי נאָכמיטאָג; ניין, בעסער אַרום פיר אַ זייגער... וואַלעריאַ וועט אַוודאי דאַמאָלסט אַוועקגיין. דאָס שטוב-מיידל וועט זי אַוועקשיקן אין גאַס עפּעס דערליידיקן. דער גערטנער מיטן ווייב וועלן זיין פאַרנומען אין גאָרטן.

—נאָר זע, גיב אַכטונג, ווי גאָט איז דיר ליב! און אויב ס'וואָלט מעגלעך געווען, אַז זאָלסט עס אײַנאָרדנען אַזוי, אַז קיינער זאָל דיך נישט באַמערקן — דאָס וואָלט געווען זייער שיין...

און דער באַרימטער פירשט לובימאָוו האָט מיט גערירטקייט, אָנגענומען אירע אַלע אויפטראַגן. ער האָט איר געוואָלט אָפּהיטן ביז צום טיר פון דער ווילליע, נישט-קוקנדיק, וואָס זי האָט פּראָטעסטי־ט אַ קעגן דעם.

— ווען דאָס וואָלט געווען אַן אַנדערער, וואָלט איך גע-

לאַכט פון דעם. נאָר דו!.. כ'האָב מורא, אַז ער וועט פאַרשטיין אונזער סוד.

ווען דאָס טירל האָט זיך פאַרשלאָגן און אַליציאַס הער־לעכע סילועט איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אינם חושך — האָט איצט דער פירשט באַשלאָסן צו גיין אַהיים.

ער האָט געמוזט גיין צו פיס דעם ווייטן מהלך צו זיין ווילע, — פונדעסטוועגן האָט אים דער וועג אויסגעזען צו זיין זייער אַ קורצער. די זכרונות און די צוזאָגעכצן. זענען געווען זיינע באַגלייטער.

קוים מיט מי איז ער אַנטלאָפן געוואָרן, נאָר אויפגעשטאַ־נען איז ער אַ רויקער, אַן אויסגערוטער. ער האָט זיך דערמאָנט אָן אַליציאַס פאַרלאַנג. זי דאַרף האָבן אַן אָרנטלעכן און באַ־וואָפנטן מענטש, וואָס זאָל איר עקסקאָרטירן ביים איבערטראָגן דאָס געלט פונם קלוב — אַהיים.

און דער פּולקאָווניק, שטאַרק גערירט פון דעם, וואָס דאָס מזל האָט זיך אומגעקערט צו איר — האָט זיך גענומען צו איילן, כדי אויסצופירן דעם פאַרלאַנג. „די אָרעמע פירשטן! סוף־כל־סוף איז גאָט תמיד מיט די גוטע נשמות"!

מיכאל איז דעם גאַנצן פרימאָרגן פאַרנומען געווען מיט זיין אייגענער פערזאָן. ער האָט באַפוילן דעם לאָקאַי אַ זוך־טון אין דער גאַרדעראָב. ער האָט זיך דערמאָנט אָן געוויסע העמ־דער, וואָס פלעגן ציען אויף זיך די פרווי — ישע אויפמערקזאַמ־קייט. ער האָט געהאַט דעם זעלבן פאַרלאַנג זיך אַליין צוגע־פעלן, ווי מאַנכע פרויען, וואָס גרייטן זיך אויף אַ לאַנג־דער־וואַרטן שפּאַציר. נאָכדעם האָט ער אויסגעקליבן אַ פונק נייעם קאַפּעלוש, וועלכן ער האָט נאָך אין מאַנטא - קאַרלאָ נישט גע־טראָגן, און אויך אַ „דיסקרעטן" קראַוואַט. ער האָט זיך דער־מאָנט אָן די פירשטנס תחנונים, אַז ער זאָל זען נישט ציען אויף זיך קיינעמס אויפמערקזאַמקייט.

און בעת ער האָט זיך אַזוי צוגעגרייט, האָט אים אַ געפיל פון נישט זיכערקייט, פון אומרויקייט גענומען פייניקן. דאָס איז געווען דער זעלבער נערוועישער מצב, ענלעך צום געפיל, וואָס

ס׳האָט אַ תלמוד פאַר די עקזאַמען, אַ דראַמאַטורג ווען ער שטייט הינטער די קוליסן פון זיין אייגן ווערק, אָדער דער געפיל פון יענעם, וואָס קלויבט זיך אויף אַ דועל.

אַזויפיל וואָכן בחנם באַגערט... אָפּגעזאָגט זיך אויף אַזוי לאַנג פון ליבע !... און טראַכטנדיק פון אַליציאַן, האָט ער גע-דהאַט אַ געפיל, וואָס איז געווען געמישט פון מורא און באַ-גער...

צוס פרישטיק איז דער פּולקאָווניק שוין געווען צוריק. ס׳איז אַלץ אַדורך גליקלעך. ער האָט ויעגן דעם דערציילט מיט אַ באַשיידענער לאַקאָנישקייט, פונקט ווי ער וואָלט אויסגעפירט עפּעס גאָר אַ וויכטיקע זאַך. מיכאַל איז אים שיער נישט איי-פערזיכטיק געווען מיט דעם, וואָס ער האָט געזען אַליציאַן.

ווי האָט זי אויסגעזען?

—שיין, שיין, ווי תמיד. עטוואָס בלאַס... צוליב דער נאַכ-טיקער נאַכט; אָבער פריילעך און גליקלעך. זי האָט כסדר גע-רעדט וועגן אייער הויכקייט...

זיי האָבן געגעסן פרישטיק אַליין. ספּאַדאָני האָט געהאַלטן אין-איין אַרומלויפן, דערציילנדיק וועגן זיין טריומף. ס׳קען זיין, אַז ער איז געווען ביי זיינע חברים, די ענגלענדער, מיט וועל-כע ער האָט זיך ביי נאַכט באַקענט. און, וואָס שייך קאַסטיאָן, האָט אים טאָלעדאָ מיט אַ ווײַלע צוריק געזען אַריינגיין אין פּאַריזער האָטעל, ווו ס׳האָט געוווינט דאָנאַ קלאַרינדאַ. זיי האָבן אַוודאי איצט נעגעסן צוזאַמען פרישטיק, כדי צו קענען רעדן וועגן די פירשטנס דערפאָלג.

אַרום דריי אַ זייגער נאָכמיטאָג איז דער פירשט אַרויס פון דער ווילע. דער וועג איז געווען אַ ווייטער, ער האָט אָבער חשק געהאַט גיין צו פיס. די באַוועגונג וועט אים שטאַרקן און צערייסן די צווייפלען, וועלכע זענען אים ווידער באַפאַלן. אַרום פיר דער זייגער האָט ער, אַדורכגייענדיק צווישן קליינע לאַר-בער-ביימלעך, זיך דערזען שטיין פאַר אַליציאַס ווילע. דער רוי-טער דאַך פון די רויזן-ווילע, איז געשטאַנען צווישן ביימער. די פיס האָבן אים לייכט געציטערט, אַזוי אַז ער האָט זיך אויף

אַ ווײַלע געמוזט אָפּשטעלן און כּדי זיך צו באַרויִקן, האָט ער אויפגעהויבן די האַנט צו דער ברוסט.

מיט זיכערע טריט איז ער אַרײַן אין קלײנעם גערטנדל און ס׳האָט זיך אים אויסגעדוכטן, אַז ס׳האָט אים אַ בליק־געטון דעם גערטענערס פּנים, וואָס האָט זיך גלײַך אויסבאַהאַלטן. די בײגיריקײט פון דעם דאָזיקן מענטש און זײַן דערשראָקענע באַוועגונג האָט אים אויסגעזען צו זײַן זײער מאָדנע.

אַ שטאַרק גערירטער איז ער אַרויף אויף די טרעפּ פון גאַנעק. יעדע באַוועגונג האָט אים אויסגעזען צו זײַן אַ ראַזאָווע ווידזיע, ווי אַ פּרויען־קערפּער, אַ ליבעס־ווידזיע, וואָס האָט אים מיט אײנמאָל אומגעקערט זײַן גאַנצער פּאַרגאַנגנהײט. ער האָט דערפילט אַ באַקאַנטן ריח—אַליציאַ. אַלץ האָט זיך גענומען דרײען אַרום אים; ס׳האָט אים גענומען קלינגען אין די אויערן; ער האָט געפילט, אַז דער באַגער עלעקטריזירט אים, ווי אין יענע צײַטן ווען ער איז געווען אויף דער העכסטער מדרגה פון זײַנע טריומפן.

מיט אַן אָנגעשטרענגטער באַוועגונג האָט ער אַ שטויס געטון די האַלב־אָפענע טיר — זעט אויס מיט אַ כּיוון אָפן געלאָזט.

אין פּאָדער־צימער האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַ פרוי און צוליב איר האָט ער זיך צוריקגעצויגן אויף אַ טראָט.

—וואַלעריאַ!.. וואָס טוט זי דאָ? וואָס פאַר אַ שפּאַס.

דאָס ײנגע מײדל האָט געוואָלט עפּעס רעדן צו אים, נאָר ס׳איז איר שווער געוואָרן אַרויסצורעדן אַ וואָרט. נאָר, מיט אַמאָל האָט זיך אויפגעעפנט אַ צווײטע טיר און אַן אַנדערע פרוי האָט זיך באַוויזן... דאָס א׳ז געווען אַליציאַ, אין אַ צעקנײטשט קלײד און צעשויבערטע האָר. דערזעענדיק דעם פּירשט, האָט זי אויפגעהויבן די הענט און אַ שווײגנדיקע זיך דערנענטערט צו אים, אַזוי ווי זי וואָלט אים געוואָלט האַלזן. ענדלעך !... וואַלעריאַס אָנוועזנהײט איז איר גאָרנישט אָנגעגאַנגען. זי האָט אים אויסגעזען צו זײַן גאָר אַן אַנדערע: עטוואָס העכער ווי תּמיד, קלאָרער, נאָר אירע אויגן האָבן אים פּלוצים אָנגעפילט מיט אַ פּחד.

אירע אָרעמס זענען אַרויפגעפאַלן אויף זיינע אַקסלען, נאָכ־דעם איז זי אינגאַנצן געפאַלן אויף אים, ווי זי וואָלט געווען אָן כוחות. די אָרעמס אירע זענען געווען קאַלטע, ווי ביי אַ מת. אַ ווארעמער רעגער האָט אים גענעצט דעם האַלדז.

— מיכאַל !... מיכאַל !— האָט זי געקרעכצט. מער האָט זי נישט געקענט אַרויסרעדן: ס'האָט איר גענומען שטיקן אין דער קעל. זי האָט אָנגעהויבן שלוכצן.

דער פירשט האָט זיך געמיזט באַמיען מיט אַלע כוחות, אַז ער זאָל איר קענען אונטערהאַלטן.

לעבן אים האָט גענומען ציטערן אַ שטיל און מאנאטאנע קול.

דאָס איז געווען וואַלעריע וועלכע האָט אויך געוויינט.

—ער איז געשטאָרבן... געשטאָרבן מיט אַ חודש צוריק.

און זי האָט אים געוויזן די טעלעגראַם, וועלכע איז מיט אַ האַלבע שעה צוריק אָנגעקומען פון מאַדריד.

## IX.

נאָכן באַגריסן זיך מיט נאָוואַאַן אויפן קאַסינא-פּלאַץ, האָט ספּאַדאָני זיך אָנגעהויבן קלאָגן פאַר אים אויף זיין שלימזלדי-קייט און קבצנישקייט.

נאָוואַאַ האָט פּראָטעסטירט. אַלע האָבן דאַכט זיך גאַנץ גוט געדענקט דאָס גליק, וואָס האָט געטראָפן ספּאַדאָני, בעת ער האָט אין ספּאָרטינג-קלוב געהאַלטן די „באַנק". אַ חוץ דעם האָט ער געוווּסט פון וואַלעריאַן פונם הערלעכן פּרעזענט, וואָס די פירשטן האָט אים געשאָנקען.

— די אומפאַרגלייכלעכע פירשטן! — האָט דער פּיאַניסט אויסגערופן מיט התלהבות: זי איז תּמיד די גרויסע דאַמע! אַפילו איר אין גרויסן אומגליק האָט זי געדענקט אָן מיר: „נעם, ספּאַ-דאָני און זאָל דיר פון היינט אָן גליקן." און זי האָט מיר גע-שאָנקען צוואַנציק טויזנט פראַנק. וואָלט איך געבעטן הונדערט טויזנט, וואָלט זי מיר אויך געגעבן. און מ'דאַרף געדענקען, אַז זי איז אַזאַ אומגליקלעכע.

און צוליב די פּרעגנדיקע בליקן פון פּראָפעסאָר, האָט ער ווייטער גערעדט:

און אָט, איז מיר פון די דאָזיקע צוואַנציק טויזנט פראַנק גאָרנישט געבליבן—

אין דעם זעלבן אָוונט איז ער געלאָפן אין ספּאָרטינג-קלוב, כּדי ווידעראַמאָל צו טרעפן זיין אויסערגעוויינלעך מזל.

ער האָט נאָך קיינמאָל נישט פאַרבראַכט אַזאַ גרויסן קאַפּיטאַל. ער האָט דאָרט געטראָפן דעם מאָוימדיקן גריך, וועלכן ער האָט אַזוי געליבט ביזן הימל אַריין, פונדעסטוועגן האָט אים יענער פראָסט געבעטן רחמים: „באַנקאָ!" — האָט ער אויסגערופן, ווען ער האָט אים געזען זיצן אויפן באַנקירס אָרט, מיט פופצן-טויזנט פראַנק פאַר זיך אויפן טיש. און ווען יענער דאָט אָפּגעדעקט די קאָרטן האָט ער געהאַט אַ ניינטל, בעת ער, ספּאַדאָני, האָט נישט מער געהאַט, ווי אַ פּיפּטל. געזעגנט מיט די פופצן טויזנט פראַנק! און מיט די לעצטע עטלעכע טויזנט פראַנק האָט ער זיך געשלאָגן עטלעכע טעג, אָבער דער שלימזל האָט אים נאָכ-געיאָגט!...

נאָכדעם האָט ער גענומען רעדן וועגן די פירשטן און וועגן די מאָדנע אומשטענדן אין וועלכע זי לעבט.

שוין בערך אַ חודש האָט זי זיך נאָך פאַר קיינעם נישט געוויזן — האָט ספּאַדאָני ווייטער דערציילט: — מ'הייבט איר שוין אָן פאַרגעסן. דער פירשט פרעגט מיך זייער אָפט וועגן איר. הפּנים, זינט דעם טאָג ווען זי האָט דערהאַלטן די טעלעגראַם, ווייל זי אים נישט זען.

נאָוואָאַ האָט געמאַכט אַ סודותדיק פּנים. ער האָט פון דעם געוווסט דורך וואַלעריאַן. נאָכמער, ער האָט געהערט, ווי זי ציטערט פון בלויזן געדאַנק, אַז ער קען קומען מיט אַ וויזיט צו איר. „כ'וויל אים נישט זען ; וועסט זאָגן, אַז איך בין נישטאָ !"

דאָן מאַרקאָס האָט אויך געהאַט אַזאַ אָפּזאָג. ער האָט פּשוט געמוזט איבערלאָזן דאָס קאַרטל ביים גערטענער. דעם פירשטס בריוו זענען געבליבן אָן ענטפער. אַליציאַ האָט געהאַט אָן אייזערנעם ווילן מיטן אויספירן דעם באַשלוס פון נישט זען איר קרוב, פונקט אַזוי ווי זיין אָנוועזנהייט וואָלט געהאַט דעם כח אויפצולעבן דעם ווייטאָק, וועלכער האָט איר דער-ווייטערט פון מענטשן.

ספּאַדאָני, ווערכער האָט פון דעם אַיעם נישט גע־
ווּסט, האָט נישט אויפגעהערט צו זינגען ליבּ־לידער פאַר די
פירשטן.

— דאָס איז אַ גרויס הארץ! תמיד האָט זי געבּן זיך אַן
אומגליקלעכן מענטשן, מיט וועלכן זי פאַרינטערעסירט זיך מיט
דער גאַנצער נשמה.

נאָכן טויט פון איר זון, דעם פליער, האָט זי האַרציק
ליב באַקומען דעם פּאָרוטשניק פון אויסלענדישן לעגיאָן, דעם
שפּאַניער, וואָס איז אַזוי געפערלעך קראַנק, אַז ער וועט זיכער
אין קורצן שטאַרבּן.

איצט פאַרבּרענגט זי גאַנצע טעג אין איר ווילע אויף די
רויזן־גאַס. דאָרטן עסט זי; און אויף וויפיל די פירשטן מאַכט
אַמאָל אַ שפּאַציר אין דערהויך, איז עס אַלעמאָל מיט אים. נישט
מער, ער ווּינט נישט ביי איר. טאָמער פאַרשפּעטיקט ער זיך
אַמאָל, שיקט זי גלייך עמעצן אַוועק אין אָפיצירן־האָטעל מ׳זאָל
אים ברענגען.

דער פּראָפעסאָר האָט געשוויגן. ער האָט דאָס זעלבע גע־
ווּסט דורך וואַלעריאַן. דער דאָזיקער מאַרטינעז פאַרברענגט אַ
גאַנצן טאָג אין איר ווילע און אָפט אַפילו קייגן זיין ווילן. די
פירשטן האָט זיך געגוויטיקט מיט זיין פערזאָן, נישט־קוקנדיק
אויף דעם, וואָס קוים האָט זי אים אָנגעקוקט, האָט זי זיך גע־
מוזט צעוויינען.

—דאנא קלארינדרא מוז אַוודאי זיין זייער אין כעס—האָט
דעם פּיאַניסט ווייטער געדעדט מיט יענע בייזע פרייד, וואָס ס׳האָט
פאַרשאַפט די קאָנקורענטשאַפט צווישן פרויען: הגם זי האָט
אים אויסגעפונען, האָט זי שוין נישט אויף אים קיין שום
השפּעה. „די פירשטן האָט אים מיר צוגענומען״ — זאָגט
זי.

נאָכדעם האָבּן זיי עטלעכע מאָל געשמועסט איבער פאַר־
שידענע נאַרישקייטן. אין זעלבן אָוונט האָט ספּאַדאָני דערציילט
דעם פירשט פון זיין שמועס מיטן פּראָפעסאָר און האָט אים

איבערדערציילט דאנא קלאָרינדאָס ווערטער. נאָר באַלד האָט ער אויף דעם חרטה געהאַט, צוליב דעם פירשטס בייזע בליקן.

— דאָס זענען שטותים — האָט מיכאַל געטראַכט : געוויינ-לעכע ווייבערישע רכילות, וואָס דער דאָזיקער שוטה חזרט זיך איבער.

ער האָט זייער פשוט פאַרשטאַנען אַליציאַס פאַרנעמען זיך מיט מארטינעסן. די יאָרן זיינע און דער מונדיר דערמאַנען איר אין איר זון. חוץ דעם איז ער דאָך אַן עלנטער, אַן אויסלענ-דער, אַ מלחמה-קרבן, וואָס איז אָנגעברייט צו אַ גיכן טויט (אַלע האָבן דאָס פאַרשטאַנען). דאָך האָט ער נישט געקענט באַהערשן דעם אייפערזוכטס-געפיל צו דעם דאָזיקן אָרעמען, אומבאַקאַנטן און קראַנקן יינגנמאַן.

מיט אַלע זיינע חושים האָט ער געלעבט מיט אַליציאַן, גאַנצע טעג, הגם פאַר אים איז דער אַריינגאַנג אין דער ווילע געווען פאַרבאָטן? פאַרוואָס?

דער כעס האָט אים באַפוילן טון פאַרשידענע נאַרישקייטן, וואָס האָבן אים דערנידעריקט. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אין דער געגנט, ווו ס'איז געשטאַנען איר ווילע, אַריבערגעטראָגן די נייגיריקייט פון די אַדורכגייער, אויסזוכנדיק די פאַר-שידנסטע אויסריידן, אַבי נאָר צו פאַרשטעלן זיין דערוואַר-טונג.

ער האָט געשריבן צו די פירשטן, אָבער אָן רעזולטאַט, און זיינע ליידן האָבן זיך אויף אַזויפיל פאַרשטאַרקט, אַז ער איז נישט אומשטאַנד געווען צו רעדן, וועגן איר אין זיין איי-גענער סביבה.

אטילא און דער פולקאָווניק האָבן אין דער אמתן געמיינט, אַז דער געשטאָרבענער קריגס-געפאַנגענער, איז געווען אַליציאַס געליבטער.

לובימאָוו האָט געמוזט פאַר זיי אויסבאַהאַלטן דעם אמת. זיין סוד איז געווען דער זעלבער סוד, וואָס האָט זיך געהאַלטן

ביי אַליציאַ. בלויז זיי ביידע האָבן געוווּסט ווער ס'איז געווען דער פאַרשטאָרבענער פליער און כל-זמן זי דערציילט נישט, מוז ער אויך שווייגן.

אין אַ געוויסן אָוונט האָט דער פולקאָווניק דערציילט דעם פירשט אַ גאָר אינטערעסאַנטע נייעס. איינמאָל ווען ער איז אַהיימגעגאַנגען פון קאַסינא, פאַרנאַכט-צייט, האָט ער באַמערקט די פירשטן אַראָפּגייענדיק פון אַ טראַמוואַי. איינע אַליין איז זי איינגעשטיגן אין אַ דראָשקע און געפאָרן צום קלויסטער פון „הייליקן קאַרל", זי האָט געטראָגן טרויער-קליידער. זי איז אַוועק בעטן פאַר דער נשמה פון געליבטן אירן, דער בחורל מיט וועלכן זי פלעגט אַרומגיין. — דאָן מאַרקאָס האָט גערעדט וועגן דעם מיט אַ געוויסע ר'רונג, פּונקט ווי דאָס דאָזיקע קומען אין קלויסטער וואָלט שוין פאַרווישט די אַלע פרישע קאָמענטאַרן.

מיכאַל האָט גלייך דערפילט, אַז די דאָזיקע נייעס קען אַ סוף מאַכן צו זיינע אַלע ספיקות. דאָרטן קען ער טרעפן אַליציאַן! און אויף צומאָרגנס נאָכמיטאָג, האָט ער אָנגעהויבן אַרומקרייזן דעם בולוואַר דעסמאָליק, נישט פאַרלירנדיק פון אויג דעם מאָנטא-קאַרלאָס קלויסטער.

ס'איז אָבער געווען אומזיסט. די נאַכט איז צוגעפאַלן און אליציאַ איז נישט געקומען.

אויף צומאָרגנס האָט ער ווידער אָנגעהויבן זיין בחנמדיקן שפּאַציר. ענדלעך, אויפן דריטן טאָג, ווען ער האָט שוין בכלל געצווייפלט אינם נוץ פון דעם דאָזיקן אָפּוואַרטן, האָט זיך אליציאַ באַוויזן אויף די אויבערשטע טרעפּ.

די נאַכט איז צוגעפאַלן אויף די פאַסאַדן פון די בולווארן, איבער די לאַסט פון די ביימער - גרינקייט, האָט די אונטערגייענדיקע זון געשאָסן מיט גאָלד אויף די דעכער.

אַליציאַ איז אַריין אין קלויסטער, נישט באַמערקנדיק דעם פירשט, מיכאַל האָט זיך אַוועקגעשטעלט וואַרטן, נאָכדעם האָט

אים אַרומגענומען דער חשק צו זען איר כאָטש פון דערווייטנס, איז ער פאַרזיכטיק אַריין אינעווייניק, כדי אויסצומיידן דאָס פאַר־פריע טרעפן זיך.

ער איז אַריין צווישן צוויי רייען לערע בענק.

פונם שאָטן האָבן זיך גענומען אַרויסשניידן בלאַס־גאָלדע־נע גלאַנצן פון אַן אַלטאַר און צוויי פאָנען ־ גרופן, געשאנקן פון די שכינותדיקע לענדער, וואָס האָבן באַצירט דעם הויפּט־אַלטאַר. ענדלעך האָט ער אויך דערזען אַליציאַ אַ קניענ־דיקע.

ער האָט דערפילט, ווי ס׳צעגייט אין אים דער כעס, ער איינער האָט געוווּסט ווער עס איז געווען דער יינגערמאַן, וועמעס טויט זי האָט איצט באַוויינט.

אַליציאַס דערינערונגען האָבן געלעבט אין לובימאָוון, ווי אַ בילד, וואָס איז ערטערווייז אָפּגעמעקט. די מוטער האָט דאָך אים אַזוי ליב געהאַט! זייער ליב געהאַט! — נאָכדעם האָט זיך דער עגאָיזם גענומען בונטעווען אַ קייגן דעם דאָזיקן געפיל, ער האָט איינגעפונען אַז דאָס, וואָס אַליציאַ באַוויינס איר זון — דאָס איז אַ נאַטורלעכע זאַך, ער האָט נאָר נישט געקענט פאַר־שטיין פאַרוואָס זי מיידט אים אַזוי עקשנותדיק אויס אָן שום פאַרענטפער.

ער האָט זיך דערנענטערט צום הויפּט־אַלטאַר כדי צו קע־נען זי בעסער זען. אַ לייכטע באַוועגונג פון די פירשטן, האָט אים אָבער גלייך צוריק־געצויגן. ס׳איז גלייכער, אַז זי זאָל אים נישט דערקענען. ער האָט ליבערשט געוואָלט צו וואַרטן אויפן הויף.

ווען אַליציאַ איז אַרויסגעקומען, איז שוין געווען שטאָק נאַכט, מיכאַל איז איר פאַרגעגאַנגען דעם וועג, זי האָט מיטן מינדעסטן ציטער נישט אַרויסגעוויזן איר פאַרווּנדערטקייט.

— דו! — האָט זי פּשוט אויסגערופן.

זי איז געווען זייער בלאַס; די אויגן — רויט און פייכט, ווי זי וואָלט גאָר־וואָס געוויינט.

ס׳קען זיין, אז זי האָט אים אין קלויסטער באַמערקט און האָט דערמאָנט דאָס דאַזיקע אָנטרעפן זיך. נאָר די נאַטירלעכ־קייט, וואָס איז געלעגן אין איר האַלטונג, האָט אים ווי אָפּגע־גאָסן מיט קאַלט וואַסער.

ער האָט געפילט אַ נויטווענדיקייט שוין צו רעדן, אויס־דריקן זיינע ליידן און פאַרלאַנגען, וואָס ד׳האָבן זיך אָנגעקליבן אין זיין נשמה.

ער האָט אָבער געהאַט אַזויפיל צו רעדן, אַז ער האָט נישט געוווסט פון וועלכן צו ערשט אָנצוהויבן. נאָר אַליציאַ האָט אָנגעהויבן צו רעדן די ערשטע, מיט אַן אומעטיק און אַפּאַטיש קול:

ווען זי האָט געפילט אַ באַדערפניש צו אַנטלויפן פון איר ווילע, וואָס איז פול געווען מיט די שרעקלעכסטע זכרונות — פלעגט זי גיין אין דאַזיקן קלויסטער אריין. אָך, דאָס אָנקומען פון יענע טעלעגראַמע !..

— איך בין געוואָרן אַ גלויביקע — האָט זי פּשוט גע־זאָגט.

נאָר גלייך האָט זי זיך געכאַפּט און אויסגעבעסערט די לעצטע ווערטער. יאָ, זי האָט גערן געוואָלט ווערן גלויביק, נאָר ביז איצט איז זי עס נאָך נישט געוואָרן, זי האָט דערמאָנט די מוטער אירע, די נאַיווע דאָנאַ מערצעדעס. וואָס האָט זי נישט אָוועקגעגעבן, כּדי צו באַקומען דעם גלויבן פון וועלכן זי האָט אַמאָל אַזוי געחוזקט און וועלכער איז פאַר איר געוואָרן עפּעס אַ דהעכערע זאַך. מען מוז זיין גלויביק ווען מען איז פאַר־צווייפלט.

—דער ווייטאָק מאַכט אונז פאַר מיסטיקער—האָט זי ווײ־טער גערעדט: — ליידער! בין איך בכלל נישט רויק. איך טו תּפלה, נאָר צו דער רעזיגנאַציע דערגיי איך נישט. אָ, מיכאַל, מיכאַל! ווען דו זאָלסט וויסן, ווי מ׳דאַרף אויף מיר רחמנות האָבן !

—און איך?—האָט ער געפרעגט מיט פאָרוווּרף: מיך האָט

מ׳ פאַרלאָזן, ביזט אומגליקלעך — האָסטו דאָך מיך אוודאי נישט געטאָרט פאַרלאָזן. איך קען העלער מאַכן דיין לעבן... יאָ, איך פאַרשטיי וועגן וואָס דו טראַכסט. כ׳וועל דיר איצט נישט רעדן פון קיין ליבע. מעגלעך שפּעטער — איצט נישט!.. איצט וועל איך זיין דיין ברודער, דיין חבר, וואָס דו ווילסט — נאָר לעבן דיר זיין. פאַרוואָס אַנטלויפסטו פון מיר? פאַרוואָס פאַרמאַכסטו פאַר מיר די טירן, ווי פאַר אַ פרעמדן?

און אַזוי אין דעם טאָן האָט ער זיך ווייטער באַקלאָגט, פּראָטעסטירט אַ קייגן איר נישט-פאַרשטענדלעכן דערווייטערן זיך פון אים.

— צי דען בין איך שולדיק אין דיין אומגליק — האָט ער געפרעגט: צי בין איך נישט תמיד דערזעלבער?

אומעטיק האָט זי געשאָקלט מיטן קאָפּ. זי ווייסט אים שוין נישט איבערצייגן, הגם זי האָט לאַנג געמיינט: קלאָר מאַכן פאַר אים אירע נייע געפילן, דאָס איז געווען אַ זאַך איבער אירע כּוחות.

— לאָז — פאַרגעס מיך, דאָס וועט זיין דאָס בעסטע. ניין, נישט דו, מיין אָרעמער האָסט זיך געביטן. דאָס בין איך געוואָרן אַן אַנדערע פרוי, דאָס אומגליק האָט מיך געמאַכט פאַר אַ צווייטע; כ׳דערקען זיך אַליין נישט, ס׳פּייניקט מיך אַ געוויסער געדאַנק: אפשר איז דאָס אַן אַבסורד; דאָס איז דאָך נישט דיין שולד. דאָך פיל איך, אַז ס׳איז גלייכער כ׳זאָל דיך נישט זעען. דאָס זעען דיך פאַרגרעסערט נאָך די פּיין פון מיין חרטה. ווען איך זע דיך פיל איך זיך געוואַלטיק פאַרשעמט, אַזוי אַז כ׳וויל שטאַרבן, ס׳לעבן זיך נעמען. ס׳דאַכט זיך מיר, אַז כ׳האָב אַליין דערהרגעט דעם זון מיינעם.

אַ דאַנק די דאָזיקע אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, איז אין לובימאָוון פאַרשוווּנדן דער כעס. ער האָט מעכאַניש גענומען אירע הענט אין זיינע און זיי אָנגעהויבן צערטלעך גלעטן, פּונקט ווי מען טוט עס מיט אַ קראַנקן, וואָס רעדט פון היץ. וואָס ווי־דער? וואָס באַדייטן די ווערטער?

נאָר אַליציאַ האָט אים דאָ אָפּגעשטופּט:

— ניין !... לאָז !...

דאָ איז הער פירשט געקומען צו דער מיינונג אַז צווישן זיי עקזיסטירט אַ געוויסע קראַפט, וואָס שטויסט אָפּ; די קראַפט דאָס איז: די מורא פאַר זיין פערזאָן. און ער האָט זיך דערפילט אַזוי באַליידיקט און דערשלאָגן, אַז ער האָט נישט געקענט אַרויסרעדן אַ וואָרט.

און די פירשטן האָט ווייטער גערעדט:

—אָ, ווי איך שעם זיך ווען איך דערמאָן מיך...וואָס פאַר אַ חרפּה. מיין זון, מיין אָרעמער זון נעבעך, אַ געפאַנגענער אַ געשלאָגענער, אַזוי שיין און אַזוי איידל... און די מאַמע זיינע שפּילט די ראָלע פון אַ מיידעלע און ענטוזיאַזם פאַר אַן אידעאַלע ליבע, שפּאַצירט זי אַרום אין די גערטענער, קושט זיך... ראמאנטיזם פון אַן אַלטע פרוי. דאָס משוגענע שפּילן איז נאָך געווען צופאַרשטיין. כ׳האָב געשפּילט, טראַכטנדיק וועגן אים. דאָס געווונענע געלט איז געווען באַשטימט פאַר אים... אָבער די ליבע... ס׳איז געווען אומדערהערט מיין האַנדלען אויף אַזאַ אופן, אין דער צייט ווען מיין זון איז געווען אין געפאַנגענלאַגער און איך האָב נישט געהאַט פון אים קיין שום ידיעות... וואָס פאַר אַ טייוול האָט מיך געטויסן, געטריבן צו דעם !... דערפאַר האָט מיך גאָט געשטראָפט, און אויב ס׳איז נישט גאָט, איז דער פאַטאַליזם, די סודותדיקע קראַפט, וואָס הייסט אונז תשובה-טון פאַר די עבירות, אָן אונטערשיד פאַר וועלכע און ווי זיי הייסן.

מיכאַל האָט איר געוואָלט איבעררייסן, נאָר זי האָט ווייטער גערעדט:

— דערפאַר מייד איך דיך אויס, דערפאַר ענטפער איך דיר נישט אויף דיינע בריוו. דאָס איז נישט דיין שולד, דו ביסט אָבער מיין געוויסנס-פּלאָג און דו דערמאָנסט מיך אָן מיינע זינד... אַחוץ דעם קען איך דאָך זיך... כ׳בין נישט מער, ווי אַן אָרעמע פרוי, מיט שוואַכקייטן, אַן אומוויסנדיקע, מיט אַ קורצן

זכרון... צום ערשט וועל איך דיך צונעמען, ווי א חבר און סוף-כל-סוף וועל איך ווערן אונטערטעניק דיך. און דאָס וואָלט געווען דאָס שרעקלעכסטע פון אַלץ... זוך מיך נישט אַרום: איך וויל דיך נישט זען. כ'בין מאָדנע איבערצייגט, אַז כ'האָב דעם זון דערהרגעט. קוים וואָלט איך געווען אַן אמתע מאַמע, ווען כ'וואָלט בלויז געטראַכט פון אים, ווער ווייסט?.. וואָלט ער נאָך אפשר געלעבט. אָבער עמעץ האָט מיך געוואָלט באַשטראָפן פאַר מיין שלעכט האַנדלען און האָט אים מיר געטויט, כדי כ'זאָל עפענען די אויגן, אין דער צייט ווען כ'האָב זיך געהאַלטן פאַר אַ גליקלעכע.

—אָבער — האָט מיכאַל אָנגעהויבן אין אַ סאָן, וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט מיט פאָרוואורף: ווען דו וואָלסט פאַקטיש געווען אַליין, וואָלט איך געקענט וואַרטן ביז די צייט וועט באַרויקן דעם נאַרישן און אומזיניקן געוויסנס-ביסן דיינעם, וועלכער פייניקט דיך. דיין איינזאַמקייט איז דאָך אָבער נישט מער ווי אַן אויסגעטראַכטע. דיין הויז שטייט דאָך אַ גאַנצן טאָג אָפן פאַר מענער, אין דער צייט ווען איך מוז זיך האַלטן ווייט פון דיר, כדי דו זאָלסט זיך קענען באַרויקן.

מיטן פרויען-אינסטינקט האָט אַליציאַ פאַרשטאַנען, אַז זי דאַרף זיך פאַרדעקן דאָס פנים מיט אַ טיכעלע; זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי זעט שרעקלעך אויס מיט די רויטע אויגן און בלאַסן פנים. נאָר דעם פירשטס ווערטער האָבן איר אַזוי שטאַרק פאַרחידושט, אַז זי האָט געמוזט צוריק אָפּדעקן דאָס פנים.

—דו מיינסט מאַרטינעזן?... אָרעמער נעבעך! ער האָט געוואָרפן זיינע פריילעכע קאָלעגן, מיט די גאַנצע חברותה-שפאַצירן, אַפילו די פאַרווײַלונגען, וואָס ס'זוערן איינגעאָרדנט פאַר די אינוואַלידן-אָפיצירן —דאָס אַלץ כדי ער זאָל זיך נודיען אין דער רויזן-ווילליע, לעבן אַ פרוי וועלכע קען נאָר וויינען... איך שטעל זיך פאָר, אַז ער איז מיין זון. זיינע יאָרן און מונדיר העלפן מיר אין אָט דעם טרוים. האָסט נישט געהאַט קיין קינ-

דער, פאַרשטייסטו נישט דעם פאַרלאַנג, וואָס מיר פילן, אַוועק־צוגעבן אונזער ליבע עמעצן אַנדערש, אַזעלכן וואָס איז ענלעך צו זיי, אַלץ, כּדי צו האָבן די פאָרשטעלונג, אַז די פאַרשטאָר־בענע זענען צוריקגעקומען. כ׳וויל פאַרבלייבן אַ מוטער, שוין בלויז דערפאַר, וואָס עפּעס אַנדערש קען איך נישט זיין. און אָט דער אומגליקלעכער נעבעך, האָט קיינעם נישט אויף דער וועלט, ער איז אַליין, אַזוי ווי איך... דערלויב־זשע מיר צוגע־פונען די טרוימען דאָרט, ווו איך קען זיי געפונען... און דעם אָרעמען בחור איז דאָך אַזוי גוט ביי מיר! ער איז דאָך מיר אַזוי דאַנקבאַר. דערמאָן דיר, אַז ער איז אַ פאַרווּרטיילטער און נאָר אַ מוטערלעכע שוץ, אַ וואַרעמע און רויִקע אַטמאָספערע קען אים פאַרלענגערן דאָס לעבן.

מיכאַל האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט שוין גאָרנישט, וואָס אויפצוטון. ער האָט געקענט אַליציאַס כאַראַקטער. ער האָט געשפּירט אין דעם טאָן פון אירע רייד דעם שטאַרקן ווילן פון האַלטן דעם מאַרטינעזן ביי זיך, דער וועלכער האָט אויפגעוועקט אין איר דאָס מוטערלעכע געפיל און באַרויִקט איר גע־וויסן.

פאַרשטייענדיק, אַז ער איז נישט בכּח צובייטן איר באַ־שלוס, איז ער געוואָרן אַזוי פאַרצווייפלט, אַז ס׳איז פּלוצים אויפגעשטאַנען אין אים אַ ווילדער חשק איר צו באַליי־דיקן.

— ניין, ביסט נישט גערעכט! די וועלט ווייסט נישט פון דיין סוד. ווען דו ווייסט, וואָס מ׳האָט גערעדט וועגן דיר און דיין זון—וואָלסטו געמוזט לאַכן... איצט חזר איבער דיין צוויי־דייטיקע פּאָזיציע. איצט זאָגט מען, זייער פיל זאָגן עס, אַז מאַר־טינעז פאַרטרעט איצט דאָס אָרט פון יענעם פאַרשטאָרבענעם פליער.

אַליציאַ האָט פאַרלוירן איר אומעטיקע רויִקע האַל־טונג.

—וואָס פאַר אַ געמיינקייט!—האָט זי אויסגערופן:—ווי טאָר

מען דאָס אַזוי רעדן? אָרימער מאַרטינעז! אַזאַ טייערינקער, אַזאַ ליבער...

נאָכדעם האָט זי צוגעגעבן:

— זאָלן זיי רעדן, וואָס זיי ווילן! כ׳וויל פאַרגעסן די וועלט! און זאָל די וועלט אויך פאַרגעסן אָן מיר! כ׳בין פאַר איר געשטאָרבן.

נאָר מיכאַל האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן:

—יענער איז געווען דיין זון. דער אָבער, איז עס נישט. און איך קען דעם צויבער מיט וועלכן דו ווירקסט אויף מענער. איך דערמאָן זיך אין די „זקנים-באַנק".

אַזוי איז עס! אומעטום ווו זי באַווייזט זיך, מוז דער מע-נער-בליק נאָכפאָלגן דעם ריטם פון איר קערפּער: און דער יונ-גערמאַן, דער פרעמדער וועט סוף-כל-סוף...

ער האָט נישט געקענט פאַרענדיקן.

—דו אויך!—האָט זי אויסגערופן:—אויף ווידערזען, מיכאַל! כ׳וועל תמיד געדענקען אָן דיר, אָבער, ס׳וועט גלייכער זיין, אַז מיר וועלן זיך נישט זען. האָב נישט קיין פאַרדראָס אויף מיר. אפשר שפּעטער...

און מיט אַ באַוועגונג פון אַ מענטש, וואָס האָט עפּעס אָפּ-געשטימט ביי זיך, האָט זי זיך אָפּגעקערט פון אים און אַראָפּ אויף די טרעפּ, וואָס פירן צום בולוואַר.

עטלעכע סעקונדן איז דער פירשט שטיין געבליבן, ווי פאַרשטיינערט. נאָכדעם איז ער צו ביזן לעצטן טרעפּל, ער האָט שוין אָבער נישט באַוויזן צוזען מער, ווי אַ בריטשקע מיט אַן אַראָפּגעלאָזט דעכל, וואָס איז גיך אָפּגעפאָרן.

אָט דאָס איז דער רעזולטאַט פונם באַגער צו זען זיך מיט איר!... אינגם כעס, וואָס האָט אים באַהערשט, האָט ער זיך אומבאַרחמנותדיק אַליין באַשטראָפט: ער האָט נישט קיין מויל צו רעדן. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ווייניק איינדרוק ער האָט געמאַכט אויף איר מיט זיין געבן איר צו פאַרשטיין און מיט זיין קלאָגן זיך. יא. זי איז אָן ספק געוואָרן אַן אַנדערע פרוי.

עמעץ האָט איר אומגעביטן, עמעץ איז שולדיק אין אָט דער אויסטערלישע סיטואַציע.

אַ גרויסע טייל נאַכט האָט ער פאַרבראַכט אויף פאַרשיידענע רעפלעקסן ס'איז אים אויפן געדאַנק נישט איינגעפאַלן אַליציאַן צו באַשולדיקן. ער האָט באַדויערט די שטרענגקייט זיינע, נאָר אַזוי ווי ער האָט פאָרט באַדאַרפט האָבן עמעצן, אויף וועמען אויסצולאָזן זיין פאַרדראָס, איז זיין קרבן געוואָרן מאַרטינעז.

ער איז געווען דער איינער שולדיקער, ער האָט זיך אַריינגעמישט אין זייער לעבן. וואָרום, קוים וואָלט ער נישט געווען, אַזוי וואָלט אַליציאַ אין איר אומגליק, געזוכט אין אים אַ שטיצע, אַן אָנלען. אָ, די „גענעראַלאָווע" האָט זיי שוין איינמאָל געברענגט אַ שיינע מתּנה בעת, זי האָט זיי פאָרגעשטעלט אָט דעם דאָזיקן פוסט-און פאַסטניק!

ביז אַהער האָט ער ווייניק אַכט געלייגט אויף אָט דעם דאָזיקן „העלד", ווי טאָלעדא האָט אים גערופן. איצט אָבער, אין דעם צאָרן זיינעם, האָט ער יענעם געזען אָן די אַלע שיינקייטן, וואָס ס'פאַרמאָגט געוויינלעך אַ העלדישער מיליטער-מאַן. אָן מונדיר, אָן דעם ערן-קרייץ און אָן די וווּנדן, האָט ער אַוודאי געמוזט אויסזען, ווי אַן נעבעכדיקער באַאַמטער-טשינע, אַ משרתל אין אַ קראָם צו וועמען ס'האָבן זיך ביז אַהער צוגעקלעבט מאָדיסטנס, אָדער דאקטילאגראפיסטנס. און אָט דער איז פאַר אים פאָרגעשטעלט געוואָרן... וואָס פאַר אַן אומדערהערטע צייטן!

אויפצומאָרגנס האָט ער אַ גאַנצן טאָג אַרומשפּאַצירט אין זיינע גערטענער, באַשליסנדיק נישט אומצוקערן זיך קיין מאָנטאַקאַרלאָ.

ער האָט זיך מיט פאַראַכטונג דערמאָנט, ווי דהאַרציק אַליציאַ האָט דאָס גערעדט וועגן איר פראַטעזשירטן. ניין, ער וויל זיך שוין מיט איר נישט טרעפן מער. ביי מיטאָג אָבער, איז אים שווער געוואָרן די איינזאַמקייט פון זיין שיינע

ווילע, וועלכע האָט אים אויסגעזוכט צו זיין אַ פּאַרלאַ־טע.

אַטילאַ, ספּאַדאָני און אַפילו דער פּולקאָווניק—זיי אַלע זע־נען געווען אין קאַסינאָ. דאָרט האָט ער אויך באַשלאָסן אַהינצוגיין און אויסצומישן זיך צווישן עולם, וועלכער איז איינצייטיק פאַר־נומען, סיי מיט די נייעסטע מלחמה־ידיעות און סיי מיט די רו־לעטקע־שפּיל.

שפּאַצירנדיק איבערן אַטריום, פאַרן אַריינגאַנג אין זאַל, האָט ער באַמערקט אַ גרופּע פראַנצויזישע פאַרוואונדעטע אָפיצירן, נישט קענענדיק אַריינגיין אין זאַל, צוליב די מיליטערישע קליי־דער, זענען זיי געשטאַנען און געקוקט אויף די ציווילע פּער־זאָנען מיט אַ געוויסע קנאה.

אַ טייל האָבן זיך געהאַלטן גלייך, אָן וועלכן־ס׳איז אוי־סערלעכן שאָדן, וואָס זאָל זיין קענטיק; זיי זענען ענלעך געווען צו יונגע אָדלער, מיט געבויגענע נעז, דרייסטע אויגן און שטיי־פע דאַרניקע וואָנסעס.

אַנדערע ווידער מיט יונגע געזיכטס־שטריכן, האָבן זיך געקורטשעט, ווי קראַנקע, אָנגעלענטע אויף שטעקנס, מיט איינ־געפאַלענע ברוסט־קאַסטנס הינטער אפּבלאַקירטע מונדירן ; זיי האָבן זיך לאַנג געוואַקלט און באַוועגט, איידער זיי האָבן גערירט מיט אַ פוס.

אַ טייל האָבן זיך נאָר־וואָס געהאַט אומגעקערט פון אַ דייטשן געפאַנגען־לאַגער, אַנדערע זענען געקומען פון פראָנט און אַלע האָבן אַרויסגעוויזן אַ מאָדנע פאַרחידושטקייט פריי־לעכקייט, געפונענדיק זיך אין אָט דעם גן־עדנדיקן וועלט־ווינקל.

איינער פון אָט די מיליטער־לייט, האָט זיך באַגריסט פאַרן פירשט, דאָס איז געווען מאַרטינעז. ער איז געווען שטאָלץ, וואָס ער קען זיך גרויסן מיט די באַקאַנטשאַפט פון אַזאַ באַ־רימטע פּערזענלעכקייט, וועגן וועלכע מ׳האָט אַזויפיל גערעדט אויפן בלאָען־ברעג.

מיכאל האָט מעכאַניש צוריקגעגרוסט און איז פאַרביי געגאַנגען. דער דאָזיקער מאָמענט האָט געזאָלט ווערן אויסגעקריצט אין זכרון זיינעם אויף אייביק. ער האָט מיט אַמאָל דערפילט, ווי ס׳קערט זיך צוריק צו אים די ייגנט זיינע. אויף עטלעכע מינוטן האָט ער זיך צוריק דערפילט אַלס דער קאַפּיטאַן לוביטאָוו פון דער צאַרישער גוואַרדיע, וועלכער האָט אומגעוואָרפן אַלע שטערונגען, וואָס האָבן זיך אים געשטעלט אין וועג.

ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט און גענומען קוקן פון דערווייטנס אויף דער גרופּע אָפיצירן. דער קליינער פּאָרוטשניק, וואָס איז ענלעך צו אַ נעבעכדיקן באַאַמטן-טשינע — ער איז זיין שונא... ס׳האָט זיך אים אויסגעדוכטן, אַז ער זעט אים איצט צום ערשטן מאָל, ווערנדיק פאַרלוירן צווישן די גרופּע חברים זיינע, האָט ער אים אויסגעזען נאָך קלענער, ווייניקער אָנזעעוודיקער, ווי דאַמאָלסט, ווען ער איז געקומען אין דער ווילע סירענע.

לובימאָוו איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך, מיט די אויגן איינגעביסן אין די גרופּע אָפיצירן.

— „וועסט באַגיין אַ משוגעת!—האָט אַן אינערלעכע שטימע געשריגן אויף אים. און פּלוצים האָט זיך אים געוויזן פאַר די אויגן דאָס בילד פון אומעטיקן סאָלדאַנען, פול מיט גוטסקייט און פאַרשטענדיקייט פאַר די שוואַכע, ווי אָט די אַלע וועלכע זענען זיכער אין זייערע כוחות.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיינס אַ געדאַנק, וועגן וועלכן ער האָט קיינמאָל נישט געטראַכט: „דער אמתער דזשענטלמען דאַרף זיין גוט און טאָר נישט מיסברויכן מיט זיינע כוחות.״ אין דער זעלבער צייט האָט זיך אין דער טיף פון זיין נשמה געהערט אַן אַנדער קול, אַ קרעפּטיקס, אַ באַפעלעריש, דאָס קול פון יענער פרוי וועלכע האָט אים געגעבן עצות אין זיינע יינגע יאָרן:

„גיב זיך אויס, זאָג זיך פון גאָרנישט אָפּ; הייב דיך

תמיד העכער פון די אנדערע. געדענק, אז דו ביסט דער פירשט לובימאָוו".

און ער האָט געזען די פאַרשטאָרבענע פירשטן נישט אַלס מאַריאַ סטואַרט, נאָר אַלס שטאָלצע און הערלעכע, וועלכע האָט אין אירע כעס־אָנפאַלן באַליידיקט איר מאַן, דעם „העלד" אַזוי אַז אין גאַנצן פּאַריזער פּאַלאַץ, האָט עס אַרויסגערופן אַ צעמישונג.

ער האָט זיך מעכאַניש צוגערוקט צו די גרופּע אָפיצירן און זיינע אויגן האָבן זיך ווידער באַגעגנט מיט מאַרטינעז'ס בליקן. יענער איז אים אַקייגן געגאַנגען מיט אַ פרעגנדיק שמייכעלע.

מיכאַל האָט דערפילט, אַז עס רופט אים דער אומבאַקאַנטער אימפּולס פון זיין ווילן. ער האָט מיט אַ געוויסע גראַציעזקייט אָפּגעפירט דעם יינגנמאַן אין אַ ווינקל פון קאַסינאָ, ווי ער וואָלט וועלן אויסמיידן די אַנוועזנהייט פון די יעניקע, וואָס האָבן אָנגעפולט דעם אַטריום.

— פּאָרוטשניק, איין וואָרט... איך האָב... אַ ביטע צו אייך...

ער האָט געשטאַמלט, נישט ווייסנדיק ווי אַזוי אויסצודריקן זיין ווילן, וועלכן ער אַליין האָט געהאַלטן פאַר אַן אומזין. אָבער דאָס דאָזיקע נישט דעצידירטקייט און דאָס שטאַמלעניש, האָט אים נאָך מער פאַרדראָסיק געמאַכט.

—מיט איין וואָרט—האָט ער מיט זיכערקייט געזאָגט: איך וויל אייך בעטן, אַז איר זאָלט אויפהערן באַזוכן אַזוי אָפט די פירשטן דע־ליסל. און אויב איר וועט בכלל אויפהערן קומען צו איר, וועט זיין נאָך בעסער.

נאָכדעם, ווען ער האָט שוין געהאַט אַרויסגערעדט די דאָזיקע פאָדערונג, האָט ער לייכטער אָפּגעאָטעמט.

מאַרטינעז שטוינען האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ, טאַקי דע־פאַר, וואָס ער האָט געזען דעם בלאַסן און האַרטן אויסדרוק פון פירשטס לובימאָווס פּנים. דאָס איז נישט געווען קיין שפּאַס.

די רויִקייט פון טאָן און דאָס לייכטע ציטערן פון זיין רעכטע האַנט, האָט אָנגעוויזן, אַז ער האָט אויסגעדריקט זיינס אַ געדאַנק, אַז אין זיין נשמה קאָכט זיך עפּעס אַ משוגענע שנאה.

געריירט פון פאַרווונדערונג, האָט זיך דער פּאָרוטשניק אָנגעהויבן פאַרענטפערן נישט דרייסט. ער קומט טאָג־טעגלעך צו די פירשטן, ווייל דאָס איז איר פאַרלאַנג. ער האָט אַליין מורא געהאַט ער זאָל נישט ווערן צוגעגעסן, נאָר זיינע אַלע ביטעס האָבן גאָר נישט געהאָלפן. קוים איז ער אַוועק אויף עטלעכע שעה, אַזוי האָט די גוטע פירשטן גלייך געשיקט נאָך אים. זי האָט אים אַרויסגעוויזן כמעט אַ מוטערלעכע ליבשאַפט.

מיטאַמאָל האָט ער פאַרלוירן זיין באַשיידענעם טאָן. ער האָט אויסגעפּונען אינם פירשטס אויגן אַ זאַך, וועגן וועלכן ער האָט קיינמאָל נישט געטראַכט. ס'האָט אויסגעזען, ווי דער פּאָרוטשניק וואָלט זיך פּלוצים אימגעביטן, ווי ער וואָלט מיטאַמאָל צוגעוואַקסן צו דעם פירשטס הייך. דער זעלבער ווילדער בליק, וועלכער האָט געלויכטן אין לובימאָווס אויגן, איז איבערגעגאַנגען אין זיינע אויגן. זיין גאַנצער קערפּער איז געווען ווי אָנגעצויגן, זיינע נאָז־פליגל האָבן געציטערט. דער קליינער באַאַמטער־טשינע מיט די נישט־דרייסטע באַוועגונגען, האָט באַקומען דעם שטאָלצן אויסזען פון מענטשן, וואָס גרייטן זיך צו אַ קאַמף.

ער איז געגאַנגען ווי ער האָט חשק געהאַט און ער וועט קיינמאָל קיינעם נישט לאָזן זיך מישן אין זיינע עסקים. די פירשטן אַליין איז די איינציקע, וואָס קען שליסן פאַר אים די טיר. מיט וואָס פאַר אַ רעכט מישט זיך דער פירשט אין זיינע ענינים?

— כ'בין איר קרוב — האָט מיכאַל געענטפערט, ווערנדיק פאַרשעמט פון דעם, וואָס ער דערמאָנט די קרובהשאַפט, וועלכע ער אַליין פלעגט אָפט אָפּוואַרפן.

זיי זענען געשטאַנען אויפן קאָסינא-באַלקאָן, פון יענער זייט טיר, אַ קייגן איבער ביימער און גרופּעס שפּאַצירנדיקע; זיי זענען געשטאַנען עטוואָס אין דער זייט, כּדי נישט צושטערן די אַר ינגייענדיקע.

—אַ חוץ דעם—האָט דער פירשט צוגעגעבן: איז מיין חוב צו פאַרמיידן פאַרשידענע רכילותן. כ׳קען נישט דערלויבן, אַז מען זאָל רעדן, צוליב דעם, וואָס מען זעט אייך תמיד ביי די פירשטן.

ער האָט גלייך חרטה געהאַט אויף זיינע ווערטער, בעת ער האָט געזען, ווי ער האָט אויפן יינגנמאַן געמאַכט אַ טאָפּלטן איינדרוק.

ער האָט זיך אויפגערעגט: ווער וואַגט דאָס צו רעדן אויף די דאָזיקע גרויסע דאַמע, וועלכע איז פאַר אים אַזוי הייליק? אָבער צוזאַמען מיטן דאָזיקן פּראָטעסט, וואָס ער האָט אויסגעדריקט האָט ער געפילט אַן אומבאַוווסטזיניקע צופרידנקייט, אַ קינדערישע שטאָלץ, ווי ער וואָלט דאַנקבאַר געווען דערפאַר, וואָס מ׳בינדט צוזאַמען זיין נאָמען מיט אירן, זאָל זיין, אַז ס׳איז ביי דער געלעגנהייט פון אַזעלכע אומגעלומפּערטע מיינונגען.

ס׳איז קענטיק געווען, אַז מאַרטינעז האָט אַנטדעקט אין זיך די נישט-קלאָרע געפילן, וועגן וועלכע ער האָט ביז איצט נישט געהאַט קיין אַנונג.

די נשמה פון אייפערזיכטיקן פירשט, האָט געטראָפן יענעמס געדאַנקען. זיין כּעס האָט גענומען וואַקסן. ווי דרייסט דער דאָזיקער באַאַמטער-טשינע האָט דאָס געשיצט אַליציאַן; ווי קלאָר ס׳איז אים געלונגען אויפצעווייזן, אַז ער איז אין איר פאַרליבט!

— אויב עמעצער—האָט דער פּאָרוטשניק געזאָגט:—דערלויבט זיך אָנצורופן שלעכט וועגן די פירשטן דערפאַר, וואָס זי טוט מיר אַן כּבוד—דעם העכסטן כּבוד אין מיין לעבן, דערמיט וואָס זי נעמט מייר אויף ביי זיך—אויב עמעצער וועט זיך שפּילן

מיט וועלכע־ס׳איז בלבולים, בין איך אים גרייט צו באַשטראָפן. באַשטראָפן אים, מעג ער שטיין ווי הויך.

לובימאָוו האָט אים מיט אומגעדולד אויסגעהערט. אָט, האָט זיך מצרעינעז דערלויבט אים צו אַטאַקירן.

אַ חוץ דעם איז ער אויך אין כעס געווען אויף זיך אַליין. זיין נישט געשיקט האַנדלען האָט נאָר אויפגעעפנט די איגן דעם דאָזיקן בחור׳ל און ס׳פאַלט אים אויפן געדאַנק אַ מאַסע זאַכן, וועלכע ער האָט ביז איצט אָפּגעשטויסן, ווי אַבסורדן. און ער אַליין האָט אים אויפגעוויזן, אַז אָט די אַלע זאַכן מיט וועלכע רכילותניקעס האָבן זיך אַרומגעטראָגן — זענען אמת...

דער טאָן מיט וועלכן דער אָפיציר האָט געווערט אַליציאַן, האָט אים נאָך מער דערצערנט. ער האָט געזען אין אים דעם גרויסן שטאָלץ פון אַ ליידיקגייעריש אָרעם יינגל, וואָס גייט פלוצים אָן פאַר די פירשטנס געליבטער און דעם פירשטס קאָנקורענט!

— יינגערמאַן! — האָט זיך געהערט לובימאָווס שטרענג קול.

דאָס דאָזיקע פשוטע וואָרט, האָט זיך געדאַכט, איז בכח אָפּצורוימען אַלץ, וואָס די מלחמה האָט געבראַכט מאַרטינעזן: אי דעם מונדיר, אי דעם ערן־קרייץ, אי די בכבודיקע שראַמען.

פאַרמיכאַלן האָט שוין נישט עקזיסטירט דער אָפיציר. ער האָט געהאַט פאַר זיך אַ נעבעכדיקן שלעפער, וועלכער איז מיט עטלעכע יאָר צוריק אַרומגעפאָרן פון איין האַלבן ערד־קוגל אויפן צווייטן פאַר אַ שטיקל ברויט.

— יינגערמאַן—האָט ער איבערגעחזרט מיטן זעלבן העזה־דיקן טאָן: — מיר וועלן ענדיקן אונזער געשפּרעך! און אַז איך פאַרלאַנג, אַז איר זאָלט זיך שוין בכלל נישט ווייזן אין יענעם הויז, אויב איך הייס...

ער האָט נישט געקענט ענדיקן, זיינע דראָענדיקע האַרטע

יזערטער, וואָס האָבן געקלונגען ווי באַפעלן, האָבן מאַרטינעזן אויפגערעגט.

ער וואָס פאַרמעסט זיך שוין דריי יאָר מיטן טויט, אַזוי גוט ווי זיינע חברים, וואָס שלאָפן שוין אין דער ערד; ער, וואָס האָט איבערגעלעבט אַזויפיל שרעקלעכע פּאַסירונגען און באַקומען אַזויפיל מאָומדיקע ווונדן, זאָל מיט איינמאָל זיך באַפרייען פונם פחד, וואָס דער אינסטינקט באַהאַלט אין יעדן פון אונז; ער זאָל מורא האָבן פאַר אָט דער לוקסוס-שטאָט, פאַר אָט דעם העכסטן פּאַלאַץ פון אויסברענגעריי; אַ רייכער און פאַרמעגלעכער מענטש, וועלכער האָט אָבער נאָך קיינמאָל נישט געטון עפּעס נוצלעכעס — אַזעלכער זאָל האָבן די דרייסטקייט אים צו דערנידעריקן !...

— מיר ! — האָט ער אויסגעשטאַמלט אין העכסטן צאָרן: מיר צוגעבן באַפעלן !

מיכאַל האָט דערשפּירט, אַז עפּעס אַ האַנט כאַפּט אים אָן ביי די קנעפּ פון ראָק. ער האָט דערפילט, אַז דאָס שמעקט מיט אַ קלאַפּ און האָט אינסטינקטיוו אַרויסגערוקט די רעכטע האַנט. ביידע הענט האָבן זיך באַגעגנט. דער פירשט, וועלכער איז געווען זייער געזונט, האָט מיט זיינע הענט אָנגעכאַפּט דעם געגנערס האַנט אין דער זעלבער צייט האָט אים אַ טריבער שמייכל אויסגעקרומט דאָס פנים. אויף אַזאַ אופן ד־האָבן אַוודאי אַמאָל געשמייכלט אין בייזע מינוטן, די פאָטערס און די זיידעס פון די פירשטן לובימאָוו...

— גענוג ! געדענקט מיין הער, אַז איר האָט מיר אַ קלאַפּ געטון — האָט ער גרויסמוטיק געזאָגט :— איר וועט אַזוי גוט זיין מיר צושיקן אייערע צוויי עדות.

און אָפּלאָזנדיק מאַרטינעזנס האַנט, האָט ער זיך אָפּגעקערט פון אים, געזעגנדיק זיך אויף אַ בכבודיקן אופן.

די באַוועגונגען פון די דאָזיקע צוויי מענער זענען געווען געשיקטע.

איינער פון די שווייצער, וועלכע זענען געשטאַנען אויף

די וואַך ביי די טירן, האָט זיך אַ ביסל געכאַפּט. זיין פּאַך-פּראַק-טיק האָט אים אָבער געעצהט נישט צורירן זיך פון אָרט, ביז ס׳וועט זיך נישט אָנהייבן קיין געשלעג. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז נישט מער, ווי אַ געוויינלעך איבערוועריטלען זיך צו-ליב די שפּיל. אַלץ וועט מסתמא קלאָר ווערן און שפּעטער אויך פאַרגעסן ווערן, ווי נאָר די שאַנסן וועלן זיך אַ ביסל בייטן. אָט אויף אַזויפיל האָט ער געזען !...

דער פירשט לובימאָוו האָט זיך אומגעקערט אין קאַסינא אַריין. ער איז פאַרביי דעם פאָדער-צימער און דעם אַטריום מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און מיט אַ בליק, וואָס איז געווען אַריינגעשטאָכן אין דער ווייטקייט. ס׳האָט זיך אים אויסגעדוכטן, אַז עס האָבן זיך צוריקגעקערט די צייטן פון זיין אַמאָליקער יוגנט.

ער האָט זיך אַפילו געוווּנדערט, וואָס ער האָט נישט דעם קלאַנג פון דער שווערד און שפּאָרן ביי יעדן טריט. אין דער זעלבער צייט האָט ער געזען אַ ווייטע וויזיע, וועלכע איז שוין לאַנג געווען פאַרגאַנגען:

אַ קאָזאַק וועלכער איז געקומען פון סיביר, כדי נקמה צו-נעמען פאַר זיין שוועסטער; אַ מיליטער-חבר, וועלכער איז גע-שטאָרבן נאָך אַ הולטאַיישן נאַכט-מאָלצייט, און ס׳זענען אויפגע-שטאַנען אין זיין זכרון תחית-המתים נאָך אַנדערע, ביי וועלכע ער איז געווען אַן עדות און וועלכע זענען שוין איצט געווען געשטאָרבן. זיי זענען געשטאַנען פאַר אים קאַלט צו יעדן מין פאָרוווּרף און באַדויערונג.

—פּולקאָווניק... ווי איז צום טייוול דער פּולקאָווניק ? ער איז אַדורך דעם שפּיל-זאַל, זוכנדיק דעם גרוילעכן קאָפּ, מיט די האָר צעטיילט אין סאַמע מיט, ביז אַראָפּ אויפן קאַרק. ענדלעך האָט ער אים באַמערקט אויף אַן אָטאָמאַנע זיצן צווישן צוויי הוטן, צוויי פּאָר אונטערגעשוואַרצטע אויגן, בעקלעך באַשאָטן מיט ראָזן און ווייסן קרעם.

מיט אַ שטומע פאָדערונג האָט דער פירשט איבערגעריסן

די מלחמה-דערציילונג, צו וועלכע די צוויי פרויען האָבן זיך צו-געהערט מיט אַ שוידער.

—פּולקאָווניק, ס׳גייט דאָ וועגן אַן האָנאָר-ענין. כ׳גיי זיך מאָרגן דועלירן. געפין מיר נאָך אַן עדות.

טאָלעדאָ איז ווי אויפגעשפּרונגען פון דעם באַפעל. זיין ערשטער רעיון איז געווען די ווילע סירענע. ער האָט געזען די טוזשורקע זיינע, דאָס מלבוש, וואָס וואַרט אין שאַנק גרייט פאַר ערן-ענינים, נאָר באַלד איז אויף דער דאָזיקער פרייד אַרויפגעפאַלן דער צווייפל. אַ דועל... צי איז היינט אַ צייט אויף דעם בעת מיליאָנען מענטשן פאַרגיסן זייער בלוט פאַר וויכטיקערע און איידעלע ענינים, ווי ס׳זענען אָט די אינדיווידועלע קריגעריי ען ?...

נאָר באַלד האָט זיין איבערצייגונג איבערגעריסן דעם געוויסנס-צווייפל. אַן איידלמאַן מוז תּמיד שטיין צום דינסט דעם צווייטן איידלמאַן! אַ חוץ דעם גייט עס דאָרט וועגן פירשט. און זייענדיק גרייט אויסצופירן זיין מיסיע, האָט ער אַ פרעג געטון אויפן נאָמען פון געגנער.

— פאָרוטשניק מאַרטינעז.

דאָן מאַרקאָס איז זיכער געווען, אַז ער האָט פאַרהערט. נאָכדעם האָט ער געגומען קוקן אויפן פירשט אַ פאַרחידושטער. אינסטינקטיוו איז אים אַרויף אויפן רעיון די פירשטן דע-ליסל. פאַר וואָס האָט שוין דער פירשט פאַרגעסן אָן זיינע קלוגע עצות ?..

ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער גליקלעכער צייט ווען ס׳זענען געלייגט געוואָרן די יסודות פון די „פרויען-פיינט”. עס זענען קוים פאַרביי פיר חדשים, וועלכע האָבן אויסגעזען צו זיין ווי פיר אייביקייטן. אַ דועל אין דער צייט פון אַ מלחמה... מיט אַן אָפיציר ! און דער דאָזיקער אָפיציר איז מאַרטינעז, זיין העלד!

ער האָט אָבער נישט געהאַט די געוווינהייט פון דיסקוטירן איבערן פירשטס באַפעלן.

—צי קען איך זיך ווענדן צו דאָן אַטילאַ? ער האָט שוין געהאַט עטלעכע ערן-ענינים.

לובימאָוו האָט מסכים געווען, גוט. ער וועט וואַרטן צוויי אַ זייגער אינם באַר פון די פּריוואַטע סאַלאָנען, כּדי איבערצורעדן וועגן די איינצלהייטן פונם צונויפטרעפן זיך.

ער איז זיצן געבליבן אומבאַוועגלעך אויפן פאָטעל, אַ אַ קייגן איבער די פאַרגייענדיקע זון, מיט וועלכע ס'האָבן זיך געקרייציקט שאָטן-פעדעם, וואָס זענען געוואָרפן פון אַן אומרויקע בוימער-געדיכטעניש.

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן און געקוקט אויף טאָ-לעדאַן, וועלכער האָט זיך דערנענטערט, אַ ביסל זשעניִרט, ווי ער וואָלט פריִער מורא געהאַט פאַרן פּירשטס כּעס. און דער, וועלכער האָט זיך געפילט אַזוי צוהעלט און פאַרשטענדיק נאָך דער גוואַלטיקער סצענע אינם פּאָדער-צימער, ער פאַרשטייט שוין, וואָס יענער וועט אים זאָגן: ער האָט קאַסטראַן נישט גע-קענט געפונען. און ער לאַכט אים אַ קייגן מיט אַ גוט-האַרציק שמייכעלע, וואָס איז אים שוין א פריִער מוחל.

דער פּולקאָווניק זאָגט:

— אייער הויכקייט. דאָן אַטילאַ האָט אָפּגעזאָגט.

— וואָס?...—און צוליב לובימאָווס פרעגנדיקן בליק, וואָס קען נישט פאַרשטיין און וויל נישט פאַרשטיין, חזרט טאָלעדאַ נאָכאַמאָל איבער, ווערנדיק נאָכמער צעטומלט:

—ער וויל נישט זיין קיין עדות אין דעם עסק. ער האָט געזאָגט, אַז מ'קען זיך ווענדן צו עמעצן אַנדערש ער האָט זיינע ספּעציעלע מיינונגען, וועלכע... און ער האָט נישט דער-ציילט וואָס פאַר אַ... ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, כּדי דער פּירשט זאָל נישט הערן דאָס, וואָס ער דאַרף נישט הערן פון זיין מויל.

—אפשר וויל אייער הויכקייט רעדן מיט אים אַליין? אפשר אין שמועס...

און ער איז אַוועק, כדי צו־ברענגען קאַסטראַן, דער פּישרט איז זיצן געבליבן אין פּאַטעל אַ צוגעשמידטער, גאַרנישט פאַר־שטייענדיק. נאָר אָט איז קאַסטראַ: ער איז געשטאַנען מיט נער־ווענע באַוועגונגען, ווי אַ מענטש וועלכער מוז אויסהאַלטן אַ שווערע סיטואַציע.

דער פּירשט בעט אים זעצן זיך, נאָר קאַסטראַ לענט זיך בלויז אָן אויפן אָנלען פון פּאַטעל, דאָס הייסט, אַז דער שמועס וועט זיין אַ קורצער, נאָכדעם דהייבט ער אָן דער ערשטער, אָן שום הקדמות, גאַנץ ברוטאַל דריקט ער אויס זיין מיי־נונג:

— דער פּולקאָווניק קען דיר נאָכאַמאָל איבערגעבן מיין ענטפער. איך קען נישט... דו ווייסט גאַנץ גוט וויפיל פריינט־שאַפט איך האָב פאַר דיר! איך ווייס, אַז דאָס מאַכסטו מיר די ערע, ווייל דו האַלסט מיך פאַר דיין קרוב. איך בין דיר אַ סך שולדיק. און דערפאַר טאַקע זאָג איך זיך אָפּ. אַ דועל בעת די מלחמה פלאַקערט! האָט דאָס אַ זין? זיצט זיך רויק אין דיין ווילע, אַרומגערינגלט מיט אַלערליי באַקוועמלעכקייטן, פאַר היטן פון אַלערליי פּאָרפּאַלן—אין דער צייט ווען אַ האַלבע וועלט וויינט, בלוטיקט, ליידט און שטאַרבט. און דערפאַר, וואָס דו ביסט אין אַ געוויסן טאָג אין אַ שלעכטער שטימונג (פאַר וואָס? דאָס איז אַוודאי דיין זאַך!), ווילסטו זיך שלאָגן מיט אַן אומ־גליקלעכן יינגל, וואָס לעבט ווי דורך אַ נס, אַ יינגל, וואָס איז קראַנק און אָפּגעשוואַכט, וואָרום ער האָט דערפולט דעם חוב, וואָס נישט איך און נישט דו, זענען פעיק געווען אויף דעם... און דו ווילסט נאָך, אַז איך זאָל דיר העלפן אינם דאָזיקן משוגעת?

און יענער, וועלכער איז נאָך אַלץ געזעסן פאַרטיפט אין פּאַטעל, האָט שטיל אַ פרעג געטון:

—ווילסט, צי נישט?

קאַסטראַ, פאַרדראָסיק פון אַזאַ שטעלונג, האָט נישט שלאָגנ־דיק זיך מיט דער דעה גלייך געענטפערט:

—דאָס איז אַ משוגעת. כ׳וויל נישט, ניין!

דער פּירשט איז כּסדר געזעסן אומבאַוועגלעך.

—איך האָב זיך אַ סך געבעטן—האָט קאַסטרא ווייטער גע־רעדט: און דו ביסט נאָך אַלץ דער זעלבער. איך גלויב, אַז נעכטן האָב איך געפונען מיין „וועג קיין דמשק”. כ׳בין געוואָרן אַן אַנדערער מענטש.

און ווענדנדיק אַרויסוויזן זיין אינערלעכן אומרו, האָט ער ווייטער גערעדט, נישט אין אַכט נעמענדיק צו ער הערט אים אָדער נישט.

דאָס איז פּאַרגעקומען נישט ווייט פון מאָנטא - קאַרלא וואָקזאַל, לעבן די ליניע. ער איז געגאַנגען מיט צוויי דאַ־מען.

אַ מיליטערישער צוג האָט זיך אומגעקערט פון איטאַליע: דאָס איז געווען אַן אומעטיקער צוג, אָן פאָנען און אָן צווייג־לעך, אויף די טירלעך פראַנצויזן. זיי זענען געווען צוגעשיקט קיין איטאַליע אַלס הילף—ס׳איז פּאָרגעקומען דער שלאַכט הינ־טער קאַפּאָרעטאָ. איצט זענען זיי גערופן געוואָרן צו פאַרטיי־דיקן זייער אייגן לאַנד, וואָס האָט זיך געפונען באַדראָט. מען האָט נישט געהערט קיין לידער. זיי זענען געפאָרן שווייגנדיקע, מידע, שמוציקע, אויסערגעוויינלעך. ייִנגע מענטשן און זיי האָבן אויסגעזען ווי אַלטע, אין די נישט-געגאָלטע בערד, פאַרפלעקטע מונדירן, אויסגעטריקנטע פּנימער פון דער זון, האַרטע פון קעלט און צעפּלאַצטע פונם ווינט.

—מיר זענען געשטאַנען בײַם אָנגעשיטן בערגל, אָנגע־לענט אָן די פּאַליסאַדע און אונזערע פּנימער זענען געוואָרן פּונקט אַזוי פאַרשטיינערט, ווי ביי די מענטשן, וואָס האָבן זיך גרופּירט אין די וואַגאָנען.

דער לאַנגער צוג, וועמעס אָנהייב ס׳האָט זיך שוין געזען אויף דער סטאַציע, האָט זיך פּאַמעלעך דערנענטערט. ביידע דאַ־מען האָבן געווייעט מיט די טירלעך, האָבן געשמייכלט צו די זעלנער און זיי האָבן הויך באַגריסט. פיל פון זיי זענען שטיין גע־

בליבן, ווי פריער, אומבאַוועגלעך און זיי האָבן געקוקט מיט אויגן פון באַצוווּנגענע חיות.

נאָך פיר יאָר אָוואַציעס האָבן זיי געקענט דער ווירקלעכ-קייט, די שרעקלעכע וואָר, וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן הינ-טער זיי.

דער אָנבליק פון די דאָזיקע צוויי עלעגאַנטע ראַמען, האָט נאָר אויפגעוועקט די יינגעלייט מיט זייערע הייסע טעמפּע-ראַמענטן. עלעקטריזירט פון די שמייכלען, האָבן זיי זיך אויס-געגלייכט און געשיקט קושן, זיך אָנשטרענגנדיק צוריק צו באַקומען דאָס פּנים פון פאַר דער מלחמה... פּלוצים האָט איינער פון זיי אויפגעהערט צו פאַרנעמען זיך מיט די פרויען און זיך געווענדט צו מיר, וועלכער האָט זיי אויך באַגריסט. דאָס איז געווען אַ מין רויטער טייוול.

קאַסטרא האָט אים געזען פאַר די אויגן, ווי זיין קאָפּ וואָלט געשטאַנען הינטער איינעם פון די באַר-פענסטער. ביזן סוף פון זיין לעבן וועט ער זען דאָס ווייסע פּרצוף מיט די איינ-געצויגענע באַקן און רויטע באָרד, וועלכע איז געהאָנגען ביי אים, ווי אַ צוגעקלעבטע אויף די גאָמבע און באַזונדערס זיינע גראָע-גרינלעכע אויגן, אויגן חוצפּהדיקע און סאַרקאַסטישע. דאָס איז געווען אַ זעלנער, וואָס האָט ליב צוקריטיקירן און צומורמ-לען, הגם ער איז געהאָרכזאַם. אין ציווילן לעבן איז ער אוודאי געווען אַן אייביקער בונטאָווטשיק. קאַסטרא האָט געפילט אַן עקל, בעת ער האָט זיך אָנגעטראָפן מיט זיין בליק. און פונדעסט-וועגן וועט ער קיינמאָל נישט פאַרגעסן די דאָזיקע באַגעגעניש, וואָס האָט געדויערט בלויז איין רגע, מיטן דאָזיקן זעלנער, וועלכער האָט אים בלויז צוגעוואָרפן איינציקע פינף ווער-טער.

דער מענטש האָט אַרויסגעוויזן אַ פאַראַכטונג צו די פרויען. ער האָט זיך געווענדט צו קאַסטראן, וועלכער האָט געגריסט דעם צוג מיטן הוט. ער האָט אים געוויזן דעם אינעווייניק פון צוג, אויסרופנדיק:

—ס׳איז אויך פאראן אן ארט?
און מער נישט.

—ס׳איז געווען גענוג געזאגט, מיכאל. און פון דאמאלסט אן האב איך כסדר זיינע שטרענגע אויגן פאר מיר און כ׳וועל זיי אייביק הערן. און זיין בליק? כ׳האב פארשטאנען אין אט דעם בליק דעם שטומען חוזק, דעם פארגלייך צווישן מיר, דעם געזונטן, גוט-געהאלטענעם און אים, דעם נעבעכדיקן. איך בין געווען אין זיינע אויגן א שרעקעוודיקער האז, וואס שפאצירט ארום מיט פרויען, בעת די מאנספערשוינען פארגיסן זייער בלוט פאר גרויסע צילן.

—ביסט א פרעמדער—האט זיך אנגערופן דער פירשט, ווען ס׳האט געריצט דעם חברס פארטרויען זיך.

— איך וווין דא, די ערד אויף וועלכע איך לעב, קען מיר נישט זיין פרעמד. די מלחמה דערגרייכט א סך ווייטער, ווי דער גרענעץ-ענין. זי גייט אלעמען אן. טו א קוק אויף די אמעריקאנער, וועלכע מיר האלטן פאר פראקטישע מענטשן וועלכע זענען נישט פעיק צו קיין שום אידעאליזם. זיי ווייסן, אז עפעס פאזיטיווס האבן זיי נישט צו געווינען—פונדעסטוועגן קעמפן זיי.

איבריקנס! צוליב די פרויען! ווייסטו, אז אט די וועלכע זענען געווען מיט מיר, האבן זיך געווילט פון דעם דאזיקן חוזק-בליק, ס׳האט זיי הנאה פארשאפט? ניין, זאג מיר נישט, אז פרויען ווערן תמיד אנגעצויגן פון סאלדאטן; ס׳קען זיין, אז פון יענע הערלעכע סאלדאטן פון פאר דער מלחמה. אבער פון די היינטיקע מיט אזא נעבעכדיקן אויסזען!... ניין! אין דעם אלעם, וואס רינגלט אונז ארום, ליגט עפעס דערהויבנס, אזעלכעס, וואס נישט דו און נישט איך זענען פעיק צו פארשטיין, צוליב אונזער עגאיזם.

דער פירשט האט ווידעראמאל גלייכגילטיק געהויבן מיט די אקסלען.

—און אין די מינוטן, וואס כ׳דערמאן זיך אן דער געכ-

טיקער באַגעגעניש, ווען איך זע דאָס אָרט וווּ מ׳האָט מיך באַשאָנקען מיט שפּאָט — אין די מינוטן דערציילסטו מיר פון אַ טויטלעכן דועל מיט איינעם פון יענע מענער, וועלכע האַלטן זיך נישט אומזיסט העכער פון אונז!

ער האָט אַראָפּגענומען די האַנט פון פּאָטעל-אָנגל׳ען און געשטאַנען פאַרן פירשט. דער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג פון מידקייט. ס׳האָט אים גענודיעט אַטילאָס קינדערישער פאַרענטפער. ער האָט געהאַט עפּעס אַנדערש אויפן קאָפּ, קוים וויל ער נישט דינען, קען ער גיין.

— נו, אויף ווידערזען, מיכאל! — האָט קאַסטרא געזאָגט, זייענדיק זיכער, אַז דאָס דאָזיקע געזעגענען זיך איז נישט אויף אַ טאָג און נישט אויף צוויי.

—אויף ווידערזען!—האָט מיכאַל געענטפערט, נישט רירנדיק זיך פון אָרט.

אַטילא האָט זיך אומגעקערט פון די טיר.

— איך ווייס, וואָס מיין אָפּזאָג באַדייט און וואָס מיר בלייבט צוטון, איך זאָג דיך נאָך אַמאָל: אויף ווידערזען! זיי זיכער, אַז ווען עס וואָלט מיר געגאַנגען אין עפּעס אַנדערש...

נאָר דער פירשט האָט אים איבערגעריסן מיט אַ גלייכגילטיקער באַוועגונג און אַטילא איז אַוועק פאַרבאָרגנדיק זיין גערירטקייט.

באַלד נאָכדעם איז דאָן מאַרקאָס אַריין אין באַר, ווי ער וואָלט אָפּגעוואַרט די געלעגנהייט, וואָס קאַסטרא איז אַרויס. נאָך קיינמאָל האָט דער פירשט נישט געזען אין זיין „קאַמער-הער״ אַזויפיל אינטעליגענץ און אַזויפיל טעטיקייט.

—מאַרקיז, ס׳איז דערליידיקט. איך האָב אַן אַנדערן עדות. דאָס איז לאָרד לעוויס.

לעוויס האָט זיך אין דעם דאָזיקן טאָג געפונען אין אַ זייער גוטע שטימונג. ער האָט געהאַט געוווּנען און אויפן פּוליקאָוניקס ביטע, האָט ער גלייך מסכים געווען. ער איז גרייט

צו דינגען דעם חבר לובימאָוו. ער קען זיך בלויז אויף אַ באָקס-קאַמף, ער גלויבט אָבער אין פּולקאָווניקס קאָמפּעטענץ, ער פאַרלאָזט זיך אויף זיין באַשלוס. דאָס זאָגנדיק האָט ער זיך צו-ריקגענומען שפּילן.

מיכאַל האָט ווייטער געגעבן אויפטראַגן דעם פּולקאָווניק זיינעם.

דער דועל מוז פאָרקומען לויט די שטרענקסטע תקנים, אַזוי ווי ס'פירט זיך אין רוסלאַנד. אַנדערש קען נישט זיין: ער איז געוואָרן געפּאַטשט. (און ער האָט אַליין אָנגעהויבן גלויבן אַז אַזוי איז עס פּאַקטיש געווען).

ווען ס'האָט אָנגעהויבן טונקל ווערן איז ער אַרויס פון קאַסינאָ, אויסמיידנדיק באַקאַנטע.

קומענדיק אין שטוב האָט ער גענומען לייענען עפּעס, וואַרטנדיק אויפן אָנקומען פונעם פּולקאָווניק. אַרום ניין דער זייגער האָט ער געגעסן מיטאָג אין זיין צימער און אַנטשלאָפן גע-וואָרן מיטן בוך אין האַנט. ער האָט מאָדנע געשמייכלט ווען ער האָט אַ טראַכט-געטון, ווי די מידקייט נייט אים אַוועקצולייגן זיך אין דער פּאָזיציע פון אמת.

אַ ליכטיקייט האָט אים אויפגעוועקט. ער דהאָט באַמערקט דעם פּולקאָווניק לעבן בעט. בלויז דאָס קלאָגן זיך פונם ים דהאָט איבערגעריסן דאָס טיפע שטילשווייגן פון דער נאַכט.

דער פירשט האָט זיך אויסגעריבן די אויגן.

— ווי שפּעט איז?

—איינסע—האָט דאָן מאַרקאָס געענטפערט.

אַלץ איז שוין געווען אָפּגעשטימט. דאָס טרעפן זיך וועט פאָרקומען אויף מאָרגנס צוויי נאָכמיטאָג אין לעוויס באַזיק. אין מאָנאַקאָשן פירשטנטום איז אונמעגלעך אַדורכצופירן וועלכן עס איז דועל.

מ'האָט בשום-אופן נישט געקענט געפונען אַ גענוג דיס-קרעטע אָרט.

נאָכדעם האָט ער אַרומגעזעדט די באַדינגונגען. אויף א ווייטקייט פון פופצן מעטער. יעדער זאָל שיסן ביז איינמאָל, נאָכדעם ווי דאָן מאַרקאס האָט אָפּגעציילט ביז דריי. פאַר אַזאַ שיסער ווי ס׳איז געווען דער פירשט, זענען די דאָזיקע באַדינגונגען זייער שיין.

און פּאַקטיש האָט זיך לובימאָוו זייער און זייער גוט גע-קענט אויף אַזעלכע זאכן.

—אַ גוטע נאַכט!—האָט ער געזאָגט, אויסדרייענדיק זיך צו דער וואַנט און איבערדעקנדיק זיך מיט דער דעקע, ביז איבער די אויגן.

און באַלד איז ער ווידער אַנטשלאָפן געוואָרן.

דאָן מארקאס און טאָלעדא האָבן גערן אויך געוואָלט טון דאָס זעלבע, ער האָט אָבער נאָך געהאַט אַ סך אַרבעט, ביים דערליידיקן די אַלע ערנסטע פליכטן וועלכע זענען אויף אים געפאַלן.

ער האָט לאַנג אַרומגעזוכט איבער אַלע צימערן און שענק ער האָט נישט געפונען דעם פּוטוראַל מיט רעוואָלווערן, וועלכע ער האָט באַקומען פון אַ גענעראַל, וואָס איז געווען באַפריינדעט מיטן פירשט. געפונענדיק זיי, האָט ער פאַרבראַכט אַ גאַנצע שעה ביים רייניקן דאָס דאָזיקע טייערע געווער, וואָס ד׳האָט שוין לאַנג געהאַט פאַרלוירן איר אַמאָליקן גלאַנץ. ער האָט זיך גע-שפּירט מיד, נאָר צו דער זעלבער צייט האָט דער געפיל פון דער וויכטיקייט פון זיין ראָל באַזיגט אין אים דעם חשק צום שלאָף.

די נשמה פון דער צוגעגרייטער דראַמע איז נאָר ער גע-ווען און נישט קיינער. אָן זיין אסיסטענט וואָלט נישט דער פירשט און נישט מאַרטינעז געקענט זיך שלאָגן.

לאָרד לעוויס און צוויי מיליטער-לייט, וואָס ד׳האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם געגנער, האָבן צוליב דער זאַך - קענ-טעניש נישט געקענט אַנדערש, ווי גיין נאָך זיינע אָנווייזונ-גען.

און ווען דעם האָט ער אַ גאַנצן האַלבן טאָג געטראַכט.

מיט אַ געוויסע נישט-זיכערקייט איז שלאָגנדיק זיך מיטן יישב, איז ער אַוועק אויפזוכן מאַרטינעזן. נישט-ווילנדיק האָט ער זיך סאלידאריזירט מיט אטיליאן. אפשר איז טאַקע דער דאָויקער דועל אַ פשוט משוגעת.

זיין נאַטור האָט זיך אָבער גלייך געבומען בונטעווען אַ קייגן אָט דעם געוויסנס-צווייפל: „עראָ איז עראָ!" און דערזעענדיק ווי דער פּאָרוטשניק נעמט גערן אויף זיין פּאָרשלאַג וועגן שלאָגן זיך מיט געווער אין דער האַנט, פּונקט ווי יענער וואָלט מורא געהאַט, אַז ער קען נאָך צוריקציען זיין פּאָרשלאַג, האָט ער דערפילט אַ פרייד, פּונקט ווי איינער וואָס האָט זיך איבערגעצייגט אָן זיין גערעכטיקייט אין וועלכע ער האָט פריער געספקט. וואָס פאַר אַן איידעלער און העלדישער יינגערמאַן!

דאָן מאַרטינעז האָט איינגעפונען, אַז זייער האַנדלען איז זייער נאַטירלעך. ער איז דאָך געווען זיין לאַנדס-מאַן. און כּדי צו געבן אים געוויסע שאַנסן, האָט ער געפרעגט מיט וואָס פאַר אַ געווער ער באַגייט זיך צום בעסטן.

דאָן מאַרקאָס האָט פּראָפּאָנירט שווערדן. מאַרטינעז האָט מיט פאַראַכטונג געשמייכלט. ער האָט געהאַט זיין אייגענעם פּלאַן פון קאַמף. דער פּלאַן איז געווען: וואַרפן זיך אויפן שונא און שלאָגן זיך וויפיל ס'לאָזט זיך.

אין אַ געשלעג אויף אַ קליינעם דיסטאַנס, האָט ער גיכער געוואָלט אַ מעסער. פון אַ רעוואָלווער האָט ער זיך קיינמאָל נישט געצילט, כּדי צו שיסן און זיין זיכער, האָט ער געמוזט האָבן דעם שונא אויף צוויי טריט.

— און מיט אַ רעוואָלווער אויף איין קויל? — האָט דער פּולקאָווניק געפרעגט.

— כ'קען נישט אַזאַ געווער. כ'וואָלט עס געוואָלט זען, ס'דאַרף זיין אינטערעסאַנט.

טאָלעדאָס בליק, וואָס האָט אַרומגעבלאָנקעט אויפן פּאָ-

רוטשניקס ברוסט, ווי ער וואָלט דאָרט געציילט די אויסציי־נונגען, האָט זיך פאַרהאַלטן אויף אַ פאַרשידקן־אָלירק בענדל — אַ מלחמה־קרייץ.

ווען ד'ער פּאָרוטשניק האָט אים פאַרגעשטעלט זיינע עדות, איז דאָן מאַרקאַס געוואָרן זייער אומרויק. דאָס זענען געווען צוויי זייער יינגע קאַפּיטאַנען; מ'האָט זיי געקענט שאַצן פאַר נישט מער, ווי פאַר פינף אָדער זעקס־און צוואַנציק יאָר. איי־נער האָט געהאַט איין האַלב פּנים אויסגעביסן פון אַן עסעדיקע דייטשע פּליסיקייט; אויף דער צווייטער זייט זענען קענטיק גע־ווען סמנים פון פאַרהיילטע ווונדן. ביידע האָבן געלאָמט, נאָר איינער איז געווען אָנגעלענט אויף אַ שטעקן, אַ פאַרבאַנדאַ־זשירטן פיס אין אַ פילצאָוון שטעק־שיך; דער צווייטער האָט גע־האַט אַ שטייפן פיס, אָנגעטון אין גוט־צוגעפּאַסטע שיך און אָנ־געלענט מיט קאָקעטעריע אויף אַ שטעקן, אָנשטאָט אַ געוויינלעכע קוליע.

זייערע ערשטע ווערטער זענען ווייניק געווען לויבנסוויר־דיק פאַר לעוויסן און דעם פּולקאָווניק.

— ווער איז דאָס דער ציוו־לער, וועלכער דערלויבט זיך צו דערנידעריקן אַ פאַרווונדעטן זעלנער.

דאָ האָט זיך מאַרטינעז גיך אַריינגעמישט אין שמועס. צי זיי וועלן, צי זיי ווילן נישט טון די טובה, וואָס ער בעט ביי זיי?

גאָר ביידע האָבן סוף־כּל־סוף געמוזט פאַרענדיקן זייער מיינונג וועגן דעם: מ'האָט גלייך באַדאַרפט, אויפן באַלקאָן פון קאַסינאָ, אַ סוף מאַכן צום דאָזיקן מיספאַרשטענדעניש; געבן אַ פּאָר אָרנטלעכע קלעפּ דעם האָז, וועלכער איז אַליין אויפן פראָנט נישט געווען און האָט זיך דאָך דערלויבט דערנידעריקן די יע־ניקע, וועלכע האָבן געטון זייער חוב. דאָך, צוליב דעם, וואָס זייער קאָלעגע האָט גענומען ערנסט דעם דאָזיקן נישט־געשמאַקן שפּאַס, וועלן זיי טון זיין פאַרלאַנג, נישט־קוקנדיק דערויף, וואָס ס'שמעקט מיט אַרעסט.

ווען מאַרטינעז איז אַוועק, איז טאָלעדא איבערגעבליבן מיט די צוויי קאַפּיטאַנען. זיי האָבן נישט געקענט די תקנות פון דעם דאָזיקן מאָדנעם קאַמף. נאָכן שמועס וועלכער איז גע-ווען זייער אַ חברישער, האָבן זיי זיך צעשיידט, מיטן באַשלוס צוטרעפן זיך גאָכן מיטאָג, כּדי אונטערצושרייבן דעם פּראָטאָ-קאָל.

דער פּולקאָווניק האָט געגעסן מיטאָג אין קאַפע-דע-פּאַריז; נאָכדעם האָט ער זיך פאַרנומען מיט די לעצטע צוגרייטונגען. מ׳האָט נאָך באַדאַרפט אַ דאָקטאָר. מאָרגן אין דערפרי וועט ער ברענגען יענעם דאָקטאָר פון מאנטא-קארלא, וועלכער פלעגט פון צייט-צו-צייט קומען צום פירשט. מ׳דאַרף נאָך באַזאָרגן קוילן און שיס-פולווער.

איצט איז געווען צוויי דער זייגער ביינאַכט, איז ער זיך געזעסן אין דער ווילע סירענע און לאַנגזאַם און ערנסט געפּוצט די פּיסטאָלעטן, ווי עפּעס אַ טייערע שפּילצייג.

אינעם שטילן שלאָף-צימער, אונטערן איינדרוק פון דער סודותדיקער רויקייט פון דער שפּעטער שעה, וועלכע האָט ווי מיט אַ נעפּל פאַרדעקט זאַכן און געדאַנקען, האָט ער זיך אַלס אַן אויסערגעוויינלעכע גרויסע פּערזענלעכקייט. ניין, די וועלט האָט זיך נישט געביטן, אַ באַווייז: אָט זיצט ער און רייניקט גע-ווער צו אַ דועל.

בעת דער פירשט האָט זיך אין דערפרי אויפגעוועקט, איז זיין „קאַמערהער" שוין נישט געווען. אַרום זיבן אין דערפרי איז ער מיט אַן אויטאָ אַוועק באַזאָרגן די לעצטע צוגרייטונ-גען.

לובימאָוו האָט גענומען אַרומבלאָנקען איבער די גערטע-נער, שטייענדיק פאַר די גרויסע שטייגן, וואָס האָבן זיך געפו-נען די עקזאָטישע פייגל. נאָכדעם האָט ער מיט עפּעס אַן אומ-רויקייט נאָכגעפאָרשט די הערלעכע אַנטוויקלונג פון עטלעכע פּאַוועס, וועלכע האָבן זיך געשפּרייט אונטער דער זון מיט זייע-רע גאָלד-סאַפּירענע מאַנטלען.

אינמיטן פון דאָזיקן שפּאַציר, האָט אים אָוועקגעריסן דער אַלטער דינער זיינער. מענטשן זענען געקומען מיט אַ וואָגן נאָכן באַגאַזש פונם הער דע-קאַסטרא.

מיכאַל האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום פאַרוואונדערונג. מען קען אָוועקגעבן אַלץ, וואָס עס געהערט דעם דאָן אַטילאַ. באַלד האָט דער דינער צוגעגעבן, אַז די זעלבע מענטשן זענען אויך געקומען נאָך די זאַכן פונם הער ספּאַדאָני, די דאָזיקע נייעס האָט אים שוין פאַרחידושט. ער אויך? פאַר וואָס עפּעס?

—דאָס איז זייער גוט—האָט ער זיך געטראַכט:—זיי קענען זיך אַלע גיין און לאָזן מיך אַליין. זיי וועלן מיר ווייניקסטנס נישט שטערן טון דאָס, וואָס איך וויל... נאָכדעם האָט ער ווידער גענומען שפּאַצירן.

ס'איז אים נאָך געבליבן קוים עטלעכע שעה צום טרעפן זיך מיט דעם פאַרהאַסטן יינגנמאַן. ער וועט אים דערהרגענען אין דעם איז ער זיכער. די באַדינגונגען, וועלכע די סעקונדאַנטן האָבן אויסגעאַרבעט און די קענטענישן זיינע פון צילן, זאָגן עדות דערויף, אַז ער וועט אים זיכער דערשיסן.

אַ ווייל'ע איז אים אַדורכגעפלויגן אַ געדאַנק, אַז ער זאָל צוגיין צום שיס-אָרט, אין דער טיפעניש פון גאָרטן. ס'איז גוט איינצואַרבעטן די האַנט פאַרן דועל: אַ פלאָווער קען אַמאָל מאַכן אַ סורפּריז. ער האָט זיך אָבער גלייך אָפּגעזאָגט פונם דאָזיקן געדאַנק, ווי אַ זאַך, וואָס פּאַסט נישט פאַר זיין כבוד.

(דער נעבעכדיקער געגנער זיינער, האָט נישט געהאַט קיין געלעגנהייט ווי איינצייבן זיך. אין מאנטא-קאַרלא האָט ער בלויז געקענט עטלעכע דאַמען און די קאָלעגן זיינע).

דער פּירשט האָט אויסגעצויגן דעם מוסקולערן אָרעם זיינעם און איז שטיין געבליבן אָן באַוועגונג עטלעכע סעקונדן, מיט די בליקן איינגעזויגן אין דער אייגענער פויסט. קיין מינ-

דעסטער ציטער: ער וועט צילן די קויל ווו נאָר ער וועט חשק האָבן.

ס'איז אָנגעקומען אַ שאָטן פון פאָרוווּרף, ער האָט אָבער נישט פאַרטונקלט דעם ווילדן שטאָלץ זײַנעם.

אַ געוויש, וואָס איז געקומען פון דער באַן-ליניע, האָט אים אַוועקגעריסן פון די געדאַנקען. דאָס איז געווען אַ סאָלדאַטן צוג, וועלכער האָט זיך דערנענטערט מיט געשרייען, פייפערײַ און געזאַנג. דער צוג איז געגאַנגען קיין איטאַליע. דער פירשט איז צוגעגאַנגען צו דער טעראַסע, וועלכער האָט זיך געצויגן ביז צום באַן-וועג. די וואַגאָנען האָבן דעפילירט אים פאַר-בײַ.

דער מונדיר אויף די זעלנער האָט זייער פאַרחידושט דעם פירשט. זיי האָבן געטראָגן שוואַרצע העמדלעך, מיט ווײַ-סע אויפגעלייגטע קעלנער אַרום די העלזער, מיט פאַרשאַרצטע אַרבל. אויף די קעפּ האָבן זיי געטראָגן קליינע ווייסע היטע-לעך, ענלעך צו די פּאַפּירענע שפּילצייג, וואָס קינדער אַרבעטן אויס.

ענדלעך האָט ער דערקענט, דאָס זענען געווען מאַט-ראָזן פון די פאַרייניקטע שטאַטן, אַ באַטאַליאָן פלאָט-שיסער, וועלכע זענען געפאָרן קיין איטאַליע, כדי צו ווייזן דעם שטערנדיקן פאָן פון זייער ריזיקער רעפּובליק אויף די אייז-שפּיצן פון די אַלפּן און אין די מאַרנע ווענעציאַנער פּראָ-ווינצן.

און אָט האָט פאַרן פירשט אָנגעהויבן אַדורכגיין אַגרויסע צאָל בילדער. ער האָט געזען די האַפענס פון די פאַרייניקטע שטאַטן, וועלכע ער האָט באַזוכט אין דער ייגנט; אמתע בין-שטאָקן, אין וועלכע ס'איז געלעגן צונויפגעזאַמלט דאָס עשירות און אַרבעט פון דער גאַנצער וועלט.

אַ ריזיקע שטאָט, ווו דער וויילד־טאָג, האָט זיך געדאַכטן, דערגרייכט די העכסטע מדרגה. און די דאָזיקע מענטשן האָבן געוואָרפן זייער גאַנצן קאָמפאָרט, די בלייענדיקע געשעפטן, די

גוטע פאַרדינסטן, זײ האָפענונג צו באַקומען אינגיכן אַ רייכטום — געקומען אַהער צושטעלן זייער לעבן אין סכּנה אויפן אַלטן קאָנ־טינענט, בלויז פאַר אַן אידייע, וואָרום זיי האָבן דאָך נישט גע־קענט האָפן, אַז זיי וועלן פאַרכאַפּן נייע טעריטאָריעס, אָדער באַקומען שאָדן־ערזאַץ...

אויך געוויינלעך האַלט מען זייער לאַנד פאַר דאָס פּאָזי־טיווסטע, וואָס איז צום ווינציקסטן פּאָטעטיש און צום ווינציקסטן אידעאַליסטיש און מ'רופט עס דאָס „דאָלאַרן־לאַנד"... הייסט עס, אַז די גרויסע אידייע איז נישט בלויז אַ וואָרט, אויב מיליאָנען מענטשן קומען איבער פון די ווייטע ימען, פאַרגיסן זייערבלוט פאַר איר...

דער צוג מיט די מאַטראָזן איז פאַרביי מאָנטאָ־קאַרלאָ. זיי זענען שוין געווען הינטער דער שטאָט, ווו דער עכאָ האָט זיך אויף זייערע געשרייען נישט אָנגערופן. פונדעסטוועגן האָבן זיי נאָכגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט ביי יענעם איינזאַמען מענטש וועלכער איז געשטאַנען, ווי צוגעשמידט צו דער טעראַסע. עס האָט אויסגעזען, ווי עפּעס אַ פאָרשטעלונג: די וואַגאָנען זענען געגאַנגען איינע נאָך די אַנדערע, ווי אויפגעלעבטע, פאַראדירנ־דיק פאַרביי דעם פירשט.

פון אַלע פענסטערלעך — הענט, וואָס האָבן זיך געוויגט אין דער לופט מיט ווייענדיקע ווייסע היטעלעך. עטלעכע דרייסטע חברה־לייט, האָבן פון די דעכער אַראָפּזשעסטיקולירט, שטיי־ענדיקע מיט אויסגעשטרעקטע הענט און צעשפּרייטע פיס און דער ווינט האָט געפּאַלדעוועט זייערע ברייטע שוואַרצע הויז־לעך.

איבער טויזנטער מיילער האָבן באַגר'סט דעם איינזאַמען אויף דער טעראַסע, מיט פייפערייען און אומפאַרשטענדלעכע שמחהדיקע אויסגעשרייען.

לובימאָוו איז געשטאַנען אָנגעלענט אויפן פּאַראַפּעט, גע־שטאַנען אומבאַוועגלעך, ווי ער וואָלט נישט באַמערקט דעם מענטשן־טייך, וואָס איז אַדורכגעפלאָסן פאַרביי אים. די טומלדי־

קע מאַטראָזן, דערווייטערנדיק זיך, האָבן אויסגעדרייט זייערע קעפּ און איבערגעחזרט די פריילעכע געזעגענונגען, ווי זיי וואָלטן געהאַט דעם ציל אויפצוּוועקן דאָס אומבאַוועגלעכע מענטשן-גע-שטאַלט.

ער האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אָן זיך און אין אַלע זיינע דאגות. ער איז בלויז פאַרנומען געווען מיטן שטראָם פון די יינגע מענטשן, וואָס איז געגאַנגען אַ קייגן דער סכנה און טויט, צוליב אַ פּשוטן און הערלעכן אידעאַל. זיי זענען געקומען פון צווייטן האַלבן ערד-קוגל מיט אַ גלויבן, וואָס קען באַווייזן גרוי-סע היסטאָרישע ניסים.

אָבער דורך דער גאַנצער צייט, וואָס ער איז אַזוי גע-שטאַנען און געזוכט ראַפינירטע איינדרוקן און העכערע אידייען, ביז ער האָט אַפילו אָנגעהויבן צווייפלען, האָט ער זיך דאָך גע פונען אין זיין גאָרטן, ווו ער איז אַרומגעגאַנגען און נאָכגע-טראַכט וועגן אַ געזיכערטן אופן פון דערהרגענען אַ מענטש, אַ מענטש אַ נוצלעכער, ענלעך צו די, וואָס זענען נאָר-וואָס אַדורכ-געפאָרן.

ער האָט דערזען אין זכרון דאָס בילד פון קאַסטראַן און האָט זיך דערמאָנט אינם שטאַרקן און טיפן איינדרוק, וואָס האָט יענעם געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דער ווילע און איבערצורייסן אַלע באַציונגען מיט אים, זיין קרוב. ער האָט פּלוצים דערזען דאָס פאַרקרומטע פּנים פון רויט-האָריקן זעלנער, וועלכער האָט מבטל געמאַכט קאַסטראַן מיט זיין פאַראַכטונג...

—ס׳איז נאָך פאַראַן אַן אָרט !..

די אַמעריקאַנער פלאָט-שיסער האָבן נאָך אַלץ געפייפט און געשריגן, מיט אַ ייגנט-פרייקייט. נאָר אים האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז די דאָזיקע באַוועגונג באַדייט דאָס זעלבע, דאָס רופן זיי אים מיט איראָניע :

—קום! ס׳איז נאָך פאַראַן אַן אָרט !...

ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ דרייסטן מענטש, וועלכער האָט אַ דאַנק זיין ראַפינירטע גלייכגילטיקייט, זיך געהאַלטן תּמיד

חייט פון די זאַכן, וואָס מאַכן אַנדערש מענטשן היציק און לייזנשאַפטלעך. נאָר אָט האָט זיך געהערט דער אומדערמידלעכער טומל פון דערוויטנס:

—פּחדן! פּחדן!..

טראַכטנדיק האָט ער ווייטער שפּאַצירט איבערן זאַל, ביז דער פּולקאָווניק איז צוריקגעקומען.

גיך האָבן זיי אָפּגעגעסן פרישטיק. דער פּולקאָווניק האָט געגעבן עצות: זיין קאָמפּעטענץ האָט אַפילו דערגרייכט בנוגע די שפּייזן, וואָס מ׳דאַרף עסן פאַר אַ דועל. נישט קיין פלייש, נישט קיין וויין. די האַנט מוז זיין אַ זיכערע.

אין זיין נשמה האָט געלעבט אַ הייסער באַגער, אַז די צוויי קוילן זאָלן נישט בלייבן אָן רעזולטאַט, ווייל זיין סימפּאַטיע איז געווען אַ גלייכע צו ביידע געגנער.

—אָן איי, ווייך געקאָכט. נישט מער, וואָס ווייניקער פלייסיקייט.

דער פּולקאָווניק איז אַוועק צו זיך אין צימער איבערטון די טוזשורקע. ס׳איז אָנגעקומען די פריילעכע מינוט. אַ נישט-זיכערער איז ער געשטאַנען פאַרן שפּיגל, צוקוקנדיק זיך צו דער דיסהאַרמאָניע, וואָס איז געלעגן צווישן זיין מאַיעסטעטישן הילוך אין דעם מגלאָן-הוט.

—אָ! די מלחמה!—האָט ער געשמייכלט, טראַכטנדיק, ווי לעכערלעך ס׳וואָלט געווען צו ווייזן זיך אויף אַזאַ אופן מיט אַ פיר יאָר צוריק—פיר אייביקייטן — אויף די פּאַריזער דועלן, ווו די עדות און די געגנער האָבן אַנדערש גישט געקענט באַגעגענען דעם טויט, ווי נאָר אין די צילינדערס.

פונדעסטוועגן, הגם ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער דאָזיקער קליידונג, האָט ער זיך פּאָרט געשראָקן: ער זעט מסתמא אויס זייער קאָמיש זיצנדיק אַזוי אין אויטאָ, לעבן פירשט, מיטן שעכטל געווער אויף די קניען.

דער אויטאָ האָט זיך פאַרהאַלטן אויפן בולוואַר דעס-מאָלין, פאַרן דאָקטאָרס הויז. זיי זענען פאַרביי דעם אינוואַלידן-

אנשטאַלט. אַ זיס פרויען־קול האָט געגריסט צום פירשט. דאָס איז געווען אַ באַרמהאַרציקע שוועסטער, אַ שטאַרק אויסגעמאָגערטע, וועלכע איז אַדורכגעגאַנגען מיט צוויי בלינדע אָפּי־צירן.

מיכאַל און דאָן מארקסן האָבן אין איר דערקענט לעוויס קוזינע. זי האָט געשמייכלט ווייזנדיק זיי די צוויי אָפּיצירן, ענג־לענדער, וועמען זי האָט געדינט אַלס פירער: צוויי בלאָנד־האָ־ריקע אַפּאָלאָס, אָנגעברענטע, אויסגעגלייכטע אויערן, בלישטשנ־דיקע ציין, העלדישע און שלאַנקע; בלויז זייערע בליקן זענען געווען אָפּגעשטאָרבענע, מיט אַן אויסדרוק פון אַפּאַטישקייט און בונט אויף זייערע מיילער.

דער דאָקטאָר האָט אוועקגעלייגט זיין קעסטעלע מיט די מכשירים אויפן אָפּגענוצטן אויטאָ־דיוואַן און, זיי האָבן געריררט רירט פון אָרט, פאָרנדיק אַרויף־צו, צווישן זיג־זאַקיקע וועגן.

וואָס ווייטער זיי זענען אַרויס פון מאָרטא־קאַרלא, אַלץ שענער האָט זיך געמאָלט דער טאָל מיט זיינע רויטע דעכער מיט זיין ריזיקער צאָל מוראַשקעס, וואָס האָבן אַרומגעפּויזעט אויף די גאַסן און פּלעצער.

אויף דער סאַמע הייך, איז מיט אַמאָל אַרויסגעוואַקסן אַ גרויסע שטיינמאַסע. דאָס איז געווען דאָס „טראָפּעום" פון לא־טורביע. צוויי דינע קאָלומנען פון ווייסן מערמל, אַ פראַגמענט פון אַ געזימס, אַ גרויסע שטיינערנע מויער, דאָס אַלץ, וואָס עס איז איבערגעבליבן פון די הערלעכסטע רוימישע טראָפּייען: אַ דרייסיק־מעטערדיקער טורעם מיט אַ גיגאַנטישן הענקמאָל פון אַוו־גוסטע, וואָס האָט אָנגעוויזן אויף די אַלפּן דער גרענעץ צווישן דער טעריטאָריע פון אַליין־הערשער און דאָס פאַרנומענע גאַליע.

דער אויטאָ, לאָזנדיק הינטער זיך דאָס דערפעל לאַ — טורביע, איז ווייטער געלאָפן איבער דעם זייער אַלטן רוימישן וועג.

דאָן מארקאס האָט אָנגעוויזן אויף עטלעכע געביידעס, וואָס האָבן געהאַט אַ גראָ-בלאָלעכן טאָן, ענלעך צו יענע, וועל־כע מען האָט געזען אין דער הויך. דאָס איז געווען לדִווִיס שלאָס.

ער האָט אויסגעזען, ווי אַ לעגענדאַרע שטאָט-מויער (ענ־לעך צו דער באַשרייבונג פון היסטאָריקער לעוויס), ווי באַשאַפן פאַרן גראָען הימל און פאַר די גרינע און פייכטע וועלדער. עס האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז זי וויל אַנטלויפן פון דאָזיקן זוניקן פייזאַש, מיט די זייער קאַרגע געוויקסן, אַנטלויפן ווייט פון די איילבירטן, קאקטוסן און נישט באַאַרבעטע ערד, וואָס איז באַ־דעקט מיט ווילדע בלומען.

זיי זענען אַרויס פון אויטאָ און האָבן זיך געפונען אויף אַ גרויסן הויף, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט אָן אַ שיער געביידעס. אין דער טיף פון הויף זענען געשטאַנען דריי מיליטער - לייט, וועמען עס האָט געבּרענגט אַ געדונגענעם אויטאָ.

באַלד איז לעוויס אַרויס באַגעגענען דעם פּירשט, נאָכ־דעם האָט ער אָנגעהויבן אייליק צו רעדן מיטן פּולקאָוו־ניק.

דאָן מארקאס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַן עלצטן, וועמען מ׳דאַרף הערן. צי קען דאָ פּאָרקומען אַ דועל? צי וואָלט נישט גלייכער געווען, אַז ס׳זאָל פּאָרקומען הינטערן שלאָס, אין סאָד, אַרומגערינגלט מיט אַלטע איילבירטן.

נאָך אַ באַראַטונג האָט הער פּולקאָווניק מסכּים געווען, אַז ס׳זאָל פּאָרקומען אויפן הויף. ער וועט אויסשטעלן די געגנער אַזוי, אַז זייערע שאָטנס זאָלן זיך נישט אָפּשלאָגן אויף די ווענט.

די פיר עדות און דער דאָקטאָר האָבן זיך געפונען אין אונטערשטן סאַלאָן.

וועגן די ביידע געגנער, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן הויף, האָט מען דאָ געהאַט פאַרגעסן.

דער דאָקטאָר האָט אַ קוק-געטון דורך דער טיר פון סאַלאָן מיט אַ געערגערטע און פאַרווונדערטע מינע. נאָכדעם האָט ער אָפּגערופן דעם פּאָלקאָווניק אויף אַ זייט. הייסט עס, דאָס איז דער פּאָרוטשניק מיט וועמען דער פירשט דאַרף זיך שלאָגן? ער האָט אים געקענט. איינער פון זיינע חברים, אַ מיליטער-דאָקטאָר, האָט דערציילט וועגן אים: ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ מאָדנעם און זעלטענעם לעבנס-כח.

דאָס וואָס מ'גרייט איצט טון איז אַ פּשוט נאַרישקייט, מען קען אַפילו זאָגן, אַ פּשוטער מאָרד, וואָרום ער וועט פאַלן אַ טויטער, נאָך איידער מ'וועט געבן דעם ערשטן שאָס. מ'האָט אים געמאַכט אין קאָפּ אַ זייער דעליקאַטע אָפּעראַציע. ער לעבט כמעט מיט ניסים און ביי דער מינדסטער אויפרעגונג קען ער שטאַרבן, ווי געטראָפן פון אַ דונער.

נאָר דאָן מאַרקאָס האָט געענטפערט העלדיש, אין אַ טאָן, וואָס האָט געפּאַסט פאַר זיין כבוד:

— דאָקטאָר, פאַר אַזאַ מין מענטש, איז דאָס שלאָגן זיך נישט קיין שרעקלעכע זאַך...

נאָכדעם האָט מען געצויגן גורל און מ'האָט זיך גענומען אָנלאַדן די פּיסטאָלעטן. ביידע קאַפּיטאַנען האָבן מיט נייגיריקע בליקן נאָכגעפאָרשט די דאָזיקע צוגרייטונג, וואָס איז פאַר זיי געווען אַ נייעס.

ענדלעך האָט טאָלעדאָ אַוועקגעלייגט ביידע רעוואָלווערן אויף אַן אַלט-פראַנקישן טיש אין ווענעציאַנער סטיל. זיי זענען געווען גרייט. מ'האָט זיי נישט געטאָרט אָנרירן: פון איצט אָן זענען זיי געוואָרן הייליק.

נאָכדעם איז זיין בליק געפאַלן אויף דער נאָענטסטער וואַנט און ער האָט דערפילט אַ באַגייסטערונג. ער האָט אַראָפּגענומען פון דער וואַנט צוויי פאַראָסטעטע שפּאַדלעס און איז אַרויס אויפן הויף.

זייענדיק פאַרלאָזט פון זייערע עדות, האָבן ביידע געגנערן

אָנגעהויבן אַרומשפּאַצירן, מיט אַ מינע, ווי זיי וואָלטן זיך נישט געזען.

ביידע האָבן מיטאַמאָל צוריקגעפונען דעם נעכטיקן גייס־טיקן מצב:

די נישט - קלאָרע געוויסנס־פאָרוואורפן וועלכע דער פּירשט האָט געפילט, זענען פּלוצים פאַרשוואונדן. דער דאָזיקער יינגער־מאַן האָט אים געוואָלט פּאַטשן, אים, דעם פּירשט לובימאָוו. ס׳וועט שוין לאַנג נישט געדויערן און ער וועט געוואָר ווערן, וואָס דאָס הייסט אַזוינס אַזאַ חוצפּה.

און דאָך איז זיין כעס געווען ווייניקער שטאַרקער ווי נעכטן, ווייניקער פּאַנטאַניש.

דער אַנדערער ווידער, קוקנדיק אויפן פּירשט, האָט גע־טראַכט פון די פּירשטן, פון זיין באַשיצערן... דאָס טייערסטע, וואָס האָט זיך צונויפגעזאַמלט אין איר האַרץ, האָט זי געגעבן דעם פּירשט און לובימאָוו האָט נאָך אויך געוואָלט צו נעמען די שטיקלעך, וואָס זי האָט אַוועקגעגעבן אַן אָרעמאַן... ער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי מ׳הרגעט אַ מענטש מיט אַ פּאָרויס באַ־שטימטן פּלאַן, ער האָט אָבער גוואַלטיק חשק געהאַט צו דער־הרגענען.

ער האָט געפילט אין זיך די זעלבע אַבסאָלוטע זיכערקייט וועלכע האָט אים אויפגעלעבט אין די טיראַנשייען, אין די טעג פון גרויסע סכנות.

דאָס אָנקומען פון דאָן מאַרקאָסן מיט די שפּאַדלעס אין די הענט, האָט איבערגעריסן זייערע רעיונות. דער פּולקאָווניק ד׳האָט באַטראַכט דעם הימל, באַמיענדיק צושטעלן די געג־נער אויף אַזאַ אופן, אַז די זון זאָל זיי נישט בלענדן און שטערן.

מיט אַ גרויסאַרטיקע באַוועגונג האָט ער אַריינגעזעצט די שפּאָדלעס אין דער ערד. דאָס באַנוצן זיך מיט די דאָזיקע כלים האָט אים אויסגעזען צו זיין מער ראָמאַנטישער, צוגעפּאַסט פאַרן פּאָן פון לעוויס שלאָס, יעדנפאַלס מער געפּאַסט, ווי געווינלעכע

דרענגלעך. די צופרידנקייט, וואָס די דאָזיקע דערפינדונג האָט אים פאַרשאַפט, האָט אָבער זייער קורץ געדויערט. אויפהויבנ־דיק די אויגן האָט ער באַמערקט דעם פירשט און מאַרטינעזן. ער האָט מיט אַמאָל דערשפּירט אַ געפיל פון אַ מענטש, וועל־כער גייט אַרום מיט קאַלט בלוט צווישן זאַכן פון וועלכע ער האָט געמאַכט אַ תּל.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן קאַסטראַס און דעם דאָקטאָרס רייד. ס'איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. מ'דאַרף ווייטער גיין פאַרענדיקן דאָס, וואָס ער האָט אָנגעהויבן, אַפילו ווען ער זאָל מוזן פאַרלירן דאָס גלייכגעוויכט.

נו, ער האָט זיך גענומען פאַרענדיקן מיט די צוגרייטונ־גען; געמאָסטן דעם באָדן, צושטעלט די געגנער, פאַרזאָגט, אַז זיי זאָלן נישט שיסן פאַר דעם אָפּגערעדטן אויסרוף „דריי״! דער דאָזיקער אויפטראַג איז געווען געווענדעט צו מאַרטינעזן, וועלכער האָט נישט געקענט די דועלן־תּקנות) און האָט יעדן געגעבן אַפּיסטאָלעט. נאָכדעם האָט ער זיך געשטעלט צווישן די געגנער, צוריקציענדיק זיך אויף עטלעכע טריט פון די שיס־ליניע. אין דער דאָזיקער מינוט איז ער גרייט געווען אָפּצו־געבן דאָס לעבן פאַרדעם, אַז קיינעם פון זיי זאָל גאָרנישט גע־שען.

מיט אַ פייערלעכקייט האָט ער אָנגעטון דעם הוט און אַ זאָג־געטון:

— מיינע הערן...

אַרומלויפנדיק דאָ־און דאָרטן אַ גאַנצן פרימאָרגן, האָט ער נישט אויפגעהערט צוטראַכטן פון אָט דעם מאָמענט. ער האָט זיך אויסגעסדרט אַ הערלעכע קורצע און רירנדיקע רעדע. אין דועלן פלעגט אים אָפט אויף אַזאַ אופן אויסקומען צו נעמען אַ וואָרט; אַזוי אַ נאָך, אַז ער האָט זיך פאַרדינט דער אַלגעמיי־נער אויפמערקזאַמקייט. דאָס מאָל האָט ער באַגערט, אַז די קורצע רעדע, וואָס ער וועט האַלטן, זאָל איבערשטייגן די אַלע פריערדיקע...

—מיינע הערן!...—האָט ער אָנגעהויבן.

ער האָט זיך פאַרטומלט, נישט-ווייסנדיק, וואָס ווייטער צו זאָגן: די ווערטער זענען אים אויסגעפלויגן פון זכרון. מיט אַ שטאַמלדיק קול, אָן אַ סדר, האָט ער גענומען רעדן אַלץ, וואָס ס'איז אים געקומען אין קאָפּ אַריין און בשום אופן זיך נישט געקענט דערמאָנען אַפילו איין זאַץ פון דעם, וואָס ער האָט זיך געהאַט צוגעגרייט מיט עטלעכע שעה פריער...

—ס'איז נאָך צייט... אַ ביסל גוטן ווילן... ביידע זענען געווען ווערטפולע מענטשן, וועלכע האָבן באַוויזן זייער אָרנטלעכקייט... אויסגלייכן זיך אין דער לעצטער מינוט, אין דעם ליגט נישט קיין שום כבוד.

זיינע ווערטער זענען פאַרלוירן געגאַנגען אין דער רירנדיקער שטילקייט.

לעוויס, וועלכער איז געשטאַנען הינטערן פּולקאָווניק, איז געווען אומגעדולדיק און האָט כסדר געקוקט אויפן זייגער. ס'איז שוין נאָך דריי. ס'האָט זיך שוין אַוודאי אין קאַסינאָ אָנגעהויבן אַ סעריע.

דער פּולקאָווניק האָט שוין געוואָלט ענדיקן. ער איז געווען איבערגעשראָקן פונם פירשטס אומבאַוועגלעך און רוי פּנים. ער האָט אים נאָך קיינמאָל נישט אויסגעזען צו זיין אַזוי מיאוס ווי איצט. דאָס געזיכט האָט געהאַט אַן ערד-קאָליר, די אויגן זענען געזעסן קרום און די באַקן זענען געווען אויפגעבלאָזן. דאָס ווילדקייט פון זיינע אור-עלטערן, וואָס האָט אויפגעלעבט אין אים, האָט ווידער אַמאָל אַרויסגעטרעטן אויף זיין פּנים.

— ווען ס'איז נישט פאַראַן קיין מעגלעכקייט פון פאַרשטענדיקן זיך...

דער פּולקאָווניק, פאַרגעסנדיק זיין הערלעכע רעדע, האָט פאַרענדיקט פייערלעך:

—פאָרויס, מיינע הערן! ערע איז ערע... און אַ דזשענטלמענישער ענין איז... אַן ענין פאַר דזשענטלמענער...

נאָכדעם האָט ער געפרעגט:
— זענט איר גרייט?
דאָס שטילשווייגן פון די געגנער האָט אים געגעבן צו־פאַרשטיין, אַז ער קען גיין ווייטער.
—פייער!... איינס!
ס׳האָט זיך דערהערט אַ שאָס. מאַרטינעז האָט אויסגעשאָסן, טראַכטנדיק בלויז פונם מאוימדיקן „דריי!...״
ער האָט געקוקט גלייך אויפן פירשט, וועלכער איז פּלוצים ווי אויסגעוואַקסן. ער האָט געזען דאָס שוואַרצע לאָך פון זיין פּיסטאָלעט און איבער אים אַן אויג, מיט אַן אויסדרוק פון אַ ווילדע חיה, וואָס האָט אומגעקוקט דעם ציל אויף זיין גוף, כדי אַהין אַריינצושיצן די געהעריקע קויל. מיט אַ מעכאַנישער אָראַגאַנץ האָט ער זיך אויסגעדרייט אויף דער פּיאַטע, כדי נישט צו בלייבן אין פּראָפיל, אָפּדעקנדיק פאַרן קייגנאיבערדיקן שיסער זיין גאַנצן קערפּער.
די דאָזיקע באַוועגונג האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע פיר עדות. זייערע בליקן האָבן זיך איינגעגעסן אין לובימאָוון, וועלכער האָט געוואָלט באַגוועלטיקן דעם טויט.
די צייט ציט זיך אויס אָדער טרימפּט איין, לויט דעם מענטשנס איינדרוקן. זיין מאָס אָדער ריטם איז אָפּהענגיק פון אונזער נשמה־צושטאַנד. טיילמאָל גאַלאָפּירט זי אויף די זייגערס מיט אַ משוגענער שנעלקייט. אַן אַנדערש מאָל פּאַלט זי, זאָגט זיך אָפּ אינגאַנצן פון גיין און די רגעס פאַרשליסן אין זיך מער מער איינדרוקן, ווי גאַנצע חדשים און יאָרן פון קינדערישן לעבן.
די פיר עדות האָט זיך אויסגעדוכטן, אַז דער טאָג האָט זיך אָוועקגעשטעלט, אַז די זון וועט שוין אַזוי בלייבן אויף איין אָרט.
—צוויי!—האָט דאָן מאַרקאָס אַרויסגעמורמלט.
ס׳האָט אים אויסגעדוכטן, אַז דאָס מויל זיינס וועט שוין

קיינמאָל נישט ענדיקן דאָס, ווי ס׳וואָלט באַשטאַנען פון אַן אומ־געהויערע צאָל זילבן.

לעוויס האָט פאַרגעסן אָן קאַסינאַ: דער דאָזיקער מאָמענט האָט אים אינגאַנצן פאַרנומען. איינער פון די אָפיצירן האָט זיך אָנגעלענט אויפן פאַרוווּנדעטן פוס, נישט־פילנדיק דעם מינדסטן ווייטאָק. דער צווייטער האָט זיך שטיל געזידלט, דרייענדיק מיטן שטעקן אין דער לופט, ווי אַ פליגל פון אַ מיל. דער דאָקטאָר האָט זיך איבערגעבויגן איבערן קעסטעלע אינסטרומענטן, וואָס איז געלעגן אויף דער ערד.

ער וועט אים דערהרגענען! אַלע פיר זענען געווען זי־כער אין דעם. אַזאַ זיכערקייט, ווילדקייט האָט זיך באַוויזן אויפן פנים פון דאָזיקן אומבאַוועגלעכן מענטש, אַז אַלע האָבן געזען אין דער פאָרשטעלונג די ליניע, דעם וועג פון דעם שוואַרצן מויל, וואָס ציט זיך ביז צו דער ברוסט פון דעם, וואָס שטייט אַ קייגנאיבער, דאָס שטיקל בליי, וואָס וועט אומברחמנותדיק אַ לויף־טון אויף אַ זיכערן וועג.

שטאָלץ פון זיין דרייסטקייט, האָט דער פירשט אויף אַ קורצע ווײַלע אָפּגעשטופּט דעם טויט מיט אַ מין ווילדע קאָקע־טעריע. ער האָט געהאַלטן דעם פינגער אין זיינע נעגל: ער האָט זיך געקענט שפּילן מיט אים אינם גאַנצן צייט־דויער פון די דאָ־זיקע אומפאַרגעסלעכע סעקונדן.

אַ מענגע בילדער זענען אים אַדורכגעלאָפן דורכן זכרון מיט אַ בליציקע שנעלקייט. ער האָט געזען די פירשטן, די מו־טער זיינע, אַ שטאָלצע, אַ שיינע, אַזוי ווי זי איז געווען אין זיינע קינדער־יאָרן, דאַמאָלסט ווען זי האָט אים געפלעגט דער־ציילן פון די לובימאָווס גרויסקייט. באַלד האָט ער באַמערקט דעם פאָטער, דעם אומעטיקן און גוטן גענעראַל, וועלכער האָט מיט זיין הייזעריק קול גערופן: „דער שטאַרקער דאַרף תמיד האַנדלען מיט גוטסקייט!..״ בעת ער האָט געטראַכט פון פאָטער האָט דאָס געוועהר אים אַ ציטער־געטון אין דער האַנט; ער האָט אָבער גלייך צוריקגעשטעלט די פּאָזיציע זיינע.

אין זיין פאָרשטעלונג האָט ער געזען פאַמעלעך אדורך גיין אַ צוג מיט פראַנצויזישע זעלנער. ער האָט געזען קאַסטראס רויטהאָריקן נפש, וואָס האָט אים אָנגעוויזן אַן אָרט אין וואַגאָן.

דערנאָך האָט ער געזען אַ צווייטן צוג, וואָס האָט זיך אַרויסגעשניטן פון ים אַרויס, צום וועג, וואָס איז געלעגן אַקייגנאיבער. אַ פייפעריי, געשרייען, שווארצע בלוזן, העל־בלאָ קעלנער, קליינע היטעלעך, ווי געמאַכט פון פאַפיר.

—וואָס מאַכסטו פירשט !.. — האָט אַ שמייכל געטון אַ בלוט-אָרעם מיידל... ליידי לעוויס מיט אירע בלינדע, די שיינע און טראַגישע...

זיין פיסטאָלעט האָט זיך אָראָפּגעבויגן. ער האָט געזען פון איבערן געווער דעם גאַנצן גוף פון זיין געגנער, דעם אומבאַקאַנטן העלד, וואָס איז פאַרמשפּט צו שטאַרבן צוליב די ווונדן, וואָס ער האָט באַקומען פאַר די ערד, וואָס איז נישט געווען זיין פאָטער-לאַנד און פאַר אַן אידייע, וואָס איז געווען די זאַך פון דער גאַנצער מענטשהייט —

— דריי ! —האָט דער פּולקאָווניק געזאָגט.

נאָר איידער ער האָט נאָך באַוויזן צו פאַרענדיקן דאָס וואָרט, האָט זיך דערהערט אַ שאָס. דאָס גראָז האָט אַ ציטערגעטון פון דער באַרירונג פון דער נישט געזעענער קויל. זי האָט אַ גלעט געטון דאָן מאַרקאָס פּיס, נאָר ער האָט אויף דעם נישט געלייגט קיין אַכט. אַ קינדערישע שמחה האָט אים געצווונגען צו לויפן פאָרויס. ס׳האָט אויסגעזען, ווי זיין טוזשורקע וואָלט געלאַכט מיט די לאַנגע פּאָלעס, וועלכע האָבן זיך געהויבן ווי פליגל.

ער איז געווען זייער גליקלעך; ער האָט זיך שיער נישט געכאַפּט מאַרטינעזן צום האַלדז. דער פּאָרוטשניק מוז דריקן די די האַנט דעם פירשט ! עס איז אומבאַדינג נויטיק פאַרגלייכן זיך.

נאָר דער אָפיציר האָט אָפּגעזאָגט. ער איז נישט געווען צופרידן מיט די פאָלגן פון דועל. דער פירשט האָט געשאָסן אין דער ערד און ער האָט נישט געוואָלט מ׳זאָל אים שוינען.

—יינגערמאַן!—האָט דאָן מאַרקאָס געזאָגט:—ביסט נאָך אַ גאָוויציוש אין אַזעלכע ענינים. הער אַן עצה פון אַזעלכע, וועלכע קענען זיך בעסער אין די זאַכן און גיב די האַנט דעם פירשט.

נאָכדעם איז ער צוגעלאָפן צו לובימאָוון.

ער איז געשטאַנען אויפן זעלבן אָרט. ער האָט אַוועקגעוואָרפן דעם פיסטאָלעט און באַהאַלטן דאָס פּנים אין די הענט.

לעבן אים איז געשטאַנען לעוויס אַליין.

— נו, נו, פירשט... וואָס הייסט דאָס? אַ... אַ ביסעלע קאַלט בלוט! אפשר גאָר אַ גלעזעלע וויסקי...

טאָלעדאָ האָט געהערט אַ שווער הערשן.

לובימאָוו האָט געוויינט.

דער פּולקאָווניק האָט זיך דערמאָנט אָן די פאַרשטאָרבענע פירשטן, אין די טעג פון שטורעמס, ווען זי איז נאָך די צאָרנדיקע אויסברוכן אַריינגעפאַלן אין אַ היסטעריש שלוכצן און געבעטן מ׳זאָל איר מוחל-זיין.

ער האָט אים דאָרט אַ צי-געטון ביי אַן אָרעם און באַמערקט, אַז דער פירשט לאָזט זיך פירן, אַנטוואָפנט, אונטערטעניק. מאַרטינעז איז געשטאַנען מיט עטלעכע טריט וויטער.

— דריקט אייך די הענט. אַלץ איז געענדיקט. דזשענטלמענער בלייבן תּמיד... דזשענטלמענער.

און זיי האָבן זיך געגעבן די הענט.

דאַמאָלסט איז פאָרגעקומען אַן אומגעריכטע זאַך, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ לאַנג שטילשווייגן פול מיט שטוינונג.

מיכאַל האָט זיך איינגעבויגן, די קניען ד־האָבן זיך אים איינגעבראָכן. ער האָט אויפגעהויבן צום מויל די האַנט, וועלכע ער האָט געהאַלטן אין זיינער, מיט דער זעלבער הכנעהדיקע באַוועגונג, ווי ס׳האָבן עס געפלעגט טון די קנעכט מיט זיינע מעכטיקע אור-עלטערן.

נאָכדעם האָט ער אַ קוש-געטון די האַנט און זי באַגאָסן מיט טרערן.

# X.

זינט אַכט טעג האָט שוין דער פירשט נישט פאַרלאָזט זיין חיליע. און די געשפּרעכן מיטן פאָלקאָוויק — דער איינציקער חבר פון זיין איינזאַם לעבן, איז אים געלונגען אויסצומיידן אַלץ, וואָס האָט געקענט האָבן שייכות צו דער געשעעניש אין לעוויס חיליע.

דאָן מאַרקאָס ווידער פון זיין זייט, האָט אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכע דיסקרעטקייט, פּונקט ווי ער וואָלט אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן דעם דועל און זיין מאָדנעם סוף.

דערפאַר ד׳האָבן שוין די אַנדערע עדות וועגן אַלץ דער-ציילט. און וויפיל קאַמענטאַרן! און די מורא פאַר דאָס באַגע-גענען מענטשן, וועלכע ד׳האָבן געמוזט ביי יעדער געלעגנהייט דערמאָנען זיין נאָמען, דאָס האָט געצוווּנגען מיכאַלן צו בלייבן אין הויז.

עמעצער וועט געוווּנען אָדער פאַרשפּילן אין קאַסינאָ אַ גרויסע סומע, וועלן די רכילות אַוועקגיין אויף אַן אַנדערן וועג. דאַמאָלסט איצט וועט מען אָן אים פאַרגעסן.

ס׳האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און די איינזאַמקייט איז געוואָרן פאַר אים אַ מאַטערניש. זיינע גערטענער האָבן אים

אויסגעזעען צו זיין נודנע און ענג.

א חוץ דעם האָט לעוויס קוזינע, באַנוצנדיק זיך מיט אַ דערלויבניש, יעדן טאָג געבערענגט גאַנצע גרופּן מיט פאַרוועלקטע ענגלענדער און יעדן טאָג אַנדערע. זי איז אַרומגעלאָפן מיט זיי איבער די אַלייען, געקליבן בלומען און ער — אין דער זעלבער צייט איז ער געלאָפן אויף די אויבערשטע שטאָקן פון זיין ווילע, כדי צו באַהאַלטן זיך פון דער רויקער פריילעכקייט, וואָס האָט אים אויסגעזעען צו זיין אַ טרויער-צוג.

די אָוונטן האָבן זיך געשלעפּט אָן אַ סוף. מיט באַדויער האָט ער געטראַכט וועגן די רויקע פאַרזאַמלונגען פון די „פּרויען - פּיינט", בעת ספּאַדאָני האָט זיך אוועקגעזעצט שפּילן ביים קלאַוויר, אָדער אויסגעפּרוווט פאַרשידענע קאָמבינאַציעס ; בעת נאָוואָאַ האָט זיך געשפּילט מיט ווייסנשאַפטלעכעפּאַראַדאקסן און קאַסטרא האָט דערציילט מעשיות פון זיינע עלטערן און אור-אורעלטערן... ווו איז די איצט די חברותה פון די גליקלעכע טעג?

דער פּולקאָווניק האָט געוווּסט וועגן אַלע : ספּאַדאָני איז אין אַ גרויסע נויט, לעבנדיק פון מוזיק-למודים. קאַסטרא איז אוועק קיין פּאַריז מיט אַ באַשלוס אַריינצוטרעטן אין מיליטער. קלאַרינדא האָט שוין וועגן דער רייזע געוווּסט מיט אַ פּאָר טעג צוריק.

נאָוואָאַ ווידער האָט איינגעטיילט זיין צייט צווישן אקעאַנאָגראַפישן מוזעום אין קאַסינא. וואָס נוגע מאַרטינעזן, איז ער ווייניק געקומען צו דער פירשטן דע - ליסל. עס זענען פאַרביי טעג און ער האָט נישט געוואַגט אַריינגיין צו איר. אַליציאַ האָט אויסגעמיטן מיט דעם פריערדיקן צוטרוי.

נאָוואָאַ, וועלכער האָט דאָס דערציילט דעם פּולקאָווניק, האָט נאָך צוגעגעבן, אַז דער אומגליקלעכער פּאָרטשניק בלאָנקעט מרה-שחורהדיק אַרום דער ווילע פון יענער, וועלכער ער ליבט.

די דאָזיקע ידיעה איז באַלד דערגאַנגען צום פירשט, וועל-

כער דהאָט דאָס אויסגעהערט מיט פאַרגעניגן און פאַרווונדע־רונג.

אויף צו מאָרגנס האָט ער געדהאַט נאָך זייער אַ שענערן סורפּריז.

ער האָט נאָר • חאָס געהאַט געענדיקט פרישטיק, ווי דער דינער האָט צערעמאָניעל צעוויסן געטון :

—רער הער פּראָפעסאָר נאָוואַאַ.

מיכאַל האָט דערפילט, אַז מען קומט מיט אינטערעסאַנטע נייעס, האָט אויפגענומען דעם שפּאַניער מיט אַן אויסערגעוויינ־לעכער האַרציקייט.

דער אומפאַרגלייכלעכער נאָוואָאַ! צי ער האָט שוין טאַקע געסן פרישטיק ? אויב אַזוי, וועלן זיי צוזאַמען טרינקען קאַווע. און זיי זענען אַריין אין אַ צווייטן זאַל, ווו ס׳האָט שוין אויף זיי געוואַרט קאַווע מיט ליקער. דעם גאַסט חשק צו רעדן אונ־טער פיר אויגן, איז געווען זייער קענטיק, אַזוי אַז דער פירשט האָט גלייך אויסגעזוכט אַ געלעגנהייט דאָן מאַרקאסן צו באַזיי־טיקן.

און ווען זיי זענען געבליבן אליין, האָט נאָוואָאַ אַוועק־געשטעלט דאָס שעלעכל אויפן טישל, אַרויסגעצויגן עטלעכע קנוילן רויך פון אַ ציגאַר און גלייך אָנגעהויבן :

— כ׳האָב אַן אויפטראַג צו אייך. כ׳בין געשיקט געוואָרן דורך אַ געוויסער פערזאָן... אמת, מיין ראָלע איז נישט קיין איבריק שיינע. אַזאַ מענטש, ווי איך מיט אַזעלכע מיני שליחותן!.. אָבער צו וואָס פרויען דערפירן אונז נישט ! און אַ חוץ דעם דאַרף איין מאַנספערשוין דעם צווייטן ביי הילפיק־זיין. איר זענט אַזוי ריטעכלעך און כ׳וויל גלייבן, אַז איר וואָלט דאָס זעלבע אויך געטון פאַר מיר.

לובימאָוו, ווערנדיק אומרויק, האָט געמאַכט אַ זשעסט פון הסכמה. פאַקטיש איז ער איצט גרייט געווען פאַר אים צו טון אַלץ. ער האָט אים געהאַלטן פאַרן בעסטן פריינט. נאָר אין וואָס גייט עס דאָ אייגנטלעך ?

נאָוואַ האָט ווייטער געצויגן ז״ינע רייד מיט אַ געוויסע נישט זיכערקייט. ער איז געווען אין דער ווילע און געזען זיך מיט דער פריילן, די פירשטנס חברטע.

—מיר זענען צוזאַמען געווען אויף אַ קאָנצערט און היינט אינדערפרי איז זי געקומען צו מיר אין מוזעאום און געפּאָדערט פון דינער אַ באַלדיק זען זיך מיט מיר. כ׳האָב נישט געוואָלט אָננעמען די דאָזיקע שליחות, אָבער איר קענט דאָך די פרויען. אַ חוץ האָט די דאָזיקע פּערזאָן איר ווילן... הקיצור: איך בין בין געקומען אייך איבערחזרן דאָס, וואָס מען ד׳האָט מיר געזאָגט.

ער איז אויף אַ ווײַלע שטיל געוואָרן און אַרומקוקנדיק זיך אויף אַלע זייטן, האָט ער סודותדיק צוגעגעבן:

— היינט נאָכמיטאָג, ביים היילִיקן קאַרל.

ער האָט אַליין נישט קלאָר געוווסט פון זיין מיסיע. דער היילִיקער קאַרל? אַ האָטעל? אַ שפּאַציר?... אַלס איינוווינער פון מאנאקא, האָט ער געקענט בלויז דעם קאַסינא. ער האָט נאָר געוווּסט, אַז דער דאָזיקער אויפטראַג שטאַמט נאָר פון די פּירשטן.

מיכאַל האָט געמוזט באַהאַלטן זיין שמחה. אַליציאַ האָט זיך געווענדט צו אים!... נאָר הגם ער איז געווען צופרידן,האָט ער געהאַט חשק צעוויסן געגויע פּרטים. צי איז נישט געווען געזאָגט וועלכע שעה?

— ניין פירשט, „היינט נאָכמיטאָג ביים הייל־יקן קאַרל״ און מער קיין וואָרט.

ווען כ׳האָב געבעטן נענטערע פּרטים, האָט זיך די פריילן געבייזערט.

איך האָב שוין געזאָגט, ס׳דאַכט זיך מיר, אַז וואָס מער איך קען איר, דערקען איך איר שלעכטן כאַראַקטער... איבעריקנס, זי איז אַזוי ווי אַלע פרויען. זי ד׳האָט מיר שטאַרק פאַרזיכערט, אַז איר וועט גלייך פאַרשטיין וועגן וואָס דאָ גייט.

מיכאל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז ער פאַרשטייט. אין דעם מאָמענט האָט ער געוואָלט, אַז נאָוואַק זאָל, וואָס מער נאָכקלערן און נישט פאַרשטיין.

ווען ער וואָלט נישט געקענט זיין שטאָלץ, וואָלט ער אים באַשאָטן מיט געלט, וויפיל נאָר ער פאַרמאָגט אין הויז. נאָר אַזוי ווי דאָס איז געווען אונמעגלעך, האָט ער ווייניקסטנס געווונטשן, אַז די וואָלעריע, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר אַ פאַרעקשנטע פאַרשוינטע, זאָל ראוי זיין צו פאַרטומלען דעם פּראָפעסאָרס גאַנצע לעבן.

ער האָט דערפילט אין זיך אַזאַ שטאַרקן אָפּטימיזם, אַז ער איז גרייט געווען צו בייטן זיין מיינונג און איר מודה זיין אַלע גוטע צניעותדיקע מידות.

טאָלעדאָ איז שוין געווען צוריק און דער פירשט האָט גערן געוואָלט געפעלן דעם פּראָפעסאָר, האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן וועגן אקעאנאגראפיע. נאָר ס'איז שוין געווען אומזיסטע חנופה.

נאָוואַקס ענטפערן זענען שוין נישט געווען זיכער. ער האָט זיך געאיילט: מ'וואַרט אויף אים... וואָלעריאַ וויל אומבאַדינגט וויסן דעם רעזולטאַט פון איר שליחות. און דער פירשט האָט אים אַראָפּגעפירט ביזן טויער, באַגלייט מיט אַ זעלטענער האַרציקייט.

ער דאַרף אים עפּעטער באַזוכן, ער איז דאָך פאָרט דער איינציקער פריינט זיינער: און זייער אַ שאָד, וואָס ער האָט נישט געוואָלט פאַרבלייבן וווינען ביי אים.

און ווען דער פירשט איז פאַרבליבן אַליין, איז ער אַוועק אין זיינע צימערן אויפן ערשטן שטאָק. ער האָט מורא געהאַט, האַט, אַז דער פּולקאָווניק זאָל נישט טרעפן די סיבה פון זיין שמחה.

אַ טריומף-געפיל האָט זיך אויסגעמישט מיטן דעם גליקלעכן געפיל, וואָס ער האָט געהאַט גאָר אין דער ערשטער מינוט.

איצט האָט ער קלאָר געזעען. אליציא וויל זיך אומקערן, ווייל זי נוויטיקט זיך אין אים. דערפאַר האָט זי פאַרן פאָרוטש-ניק כמעט ווי פאַרשלאָסן איר הויז, ווו ער האָט זיך שוין גע-פילט פונקט ווי ביי זיך.

דאָס איז געווען אין די ערשטע מינוטן פון זיין גליק. באַלד איז אָבער אונטערגעקומען אַ דאגה. ווען דאַרף ער קומען אַהין ?

נאָר אַזוי ווי זי האָט נישט באַצייכנט קיין שעה, דאַרף עס זיין די זעלבע צייט פון זייער לעצט טרעפן זיך, פאַר די טירן פון „הייליקן קאַרל״. נאָכדעם האָט ער זיך באַטראַכט, אַז ס׳קען זיין, אַז דער פּראָפעסאָר ד׳האָט פאַרגעסן וועגן אָט דעם פּרט. און ער איז אַוועק אויפן אָפּגערעדטן אָרט אַ שטיק צייט פריער.

דריי שעה האָט ער פאַרבראַכט אין אַ היציקער דער-וואַרטונג, בלאָנדזשנדיק אין די גאַסן, וואָס האָבן אַרומגערינגלט די קירכע.

ער איז געשטאַנען אויף די שייד - גאַסן און איז גלייך אַוועק אויף אַ צווייט אָרט, ווו נאָר ער האָט דערפילט, אַז ער ציט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט. עטלעכע מאָל איז ער גע-ווען אין דער קירכע אַ קוק טון.

ער ד׳האָט שטאַרק געגלייבט, אַז אַליציאַ וועט קומען אין סאַמע פאַרנאַכט. און דער טאָג ד׳האָט זיך געצויגן אָן אַ סוף.

ס׳איז שוין געווען זייער טונקל האָט ער געגומען צווייפ-לען.

—זי וועט זיכער נישט קומען... זי האָט אַוודאי געקראָגן חרטה...

ער איז געשטאַנען אויפן עק גאַס, נאָנט פון דער קירכע. פון דאַנען-אָ האָט ער געקענט זען די טרעפּ פון קליינעם פּאַ-לאַצל מיט בולוואַר הינטער די בוימער. קיינער איז נישט גע-גאַנגען איבער די טרעפּ. די אויטאָס און די קאַרעטן זענען

פארביי, נישט פאַרהאַלטנדיק זיך פאַר זיי. מיטאַמאָל האָט ער דערהערט לייכטע טריט הינטער זיך. ער האָט זיך אויסגעדרייט און דערזען הינטער זיך אַ פרוי אין טרויער־קליידער. ער האָט גלייך פאַרגעסן אָן אַלץ: סיי אָן לאַנגן וואַרטן, סיי די ספקות, סיי די מידקייט.

ער איז פּלוצים אָנגעפּולט געוואָרן מיט אַ נצחונדיקער פרייד. ער איז זיכער געווען מיט די סיבות, וועלכע האָבן די פירשטן אַהער געבראַכט, אַזוי, אַז ער איז צוגעגאַנגען צו איר זייער עלעגאַנט.

— אָ! אַליציאַ!...—האָט ער געזאָגט, אויסשטרעקנדיק צו איר ביידע הענט, נאָר באַלד האָט ער זיי צוריק אַראָפּגע־לאָזט.

ער האָט זיך געפילט צעמישט פון די בליקן פון אָט דער יינגער פרוי.

זיין אילוזיע איז באַלד צעפאַלן. ס'איז שוין נישטאָ קיין שום ספק.

די פירשטן האָט געקוקט אויף אים מיט האַרטע בליקן. אַליציאַ האָט זיך גיך גענומען פאַרענטפערן, ווי זי וואָלט וועלן פטור ווערן פון עפעס אַ נישט־אַנגענעמע זאַך.

צווישן זיי האָט עקזיסטירט אַ געלט־ענין, וועלכן זי האָט געמוזט דערליידיקן.

נאָך דער לעצטער געשעעניש איז זי זיכער געווען, אַז דאָס שרייבן צו אים אַ בריוו, וועט נישט ברענגען קיין שום נוצן.

אויפנעמען אים ביי זיך אָדער גיין צו אים, דאָס האָט זי נישט געקענט. נאָר, אַז זי האָט זיך דערוווּסט, אַז מ'האָט געזען מיכאַלן אַרויסגיין פון הויז,—דאַמאָלס ווען זי האָט פאַר־שטאַנען, אַז ער ליידט, האָט זי באַשלאָסן צו שענקען אים אַ פּאָר מינוטיקע באַגעגעניש.

—לאָמיר רעדן וועגן געשעפט... כ'בין דיר שולדיק געלט

און כ'קען זיך פריער נישט באַרויִקן ביז וואַנען כ'וועל דיר נישט באַצאָלן.

דריי הונדערט טויזנט פראַנק, וואָס דיין מוטער האָט מיר געגעבן און דאָס, וואָס דו האָסט מיר געבאָרגט אין קאַסינא... און מעגלעך, אַז כ'בין דיר מער שולדיק. כ'האָב גענוג געלט כ'זאָל דיר קאָנען באַצאָלן. קוים ווילסטו נישט אַליין זיך פאַרנעמען מיט דעם ענין, שיק מיר צו טאָלעדאַן.

לובימאָוו האָט זיך פאַרטראַכט איבער די דאָזיקע אומדערוואַרטעטע ווערטער. געבנדיק אים דעם אומגעריכטן פאַרשלאַג, האָט עס אויסגעזען, ווי זי וואָלט וועלן אַוועקגיין. זי האָט אַלץ געזאָגט, וואָס זי האָט באַדאַרפט און האָט נישטיגעהאַט קיין חשק צו פאַרבלייבן מער, נישט האָבנדיק, וואָס צוזאָגן.

—ניין!—האָט מיכאַל געענטפערט.

הייסט עס, אַז צו דעם האָט זי אים גערופן? נאָך אַזאַ לאַנג שטילשווייגן, האָט זי אים שוין נישט מער, וואָס צוזאָגן?

אין זיין „ניין" האָט געקלונגען אַ פעסטער באַשלוס; זיין פנים האָט אויסגעדרוקט אַזאַ אויסטערלישע פיין, אַז אַליציאַ האָט אויפגעהערט צושטיין צו אים.

—איז גוט. לאָמיר מער נישט רעדן פון דעם. כ'קען דיין כאַראַקטער און כ'ווייס, אַז מיר וואָלטן גאַנצע שעהן געקענט רעדן וועגן דעם און נישט קומען צו קיין סוף. כ'וועל שוין געפונען אַ וועג אָפּצוגעבן דיר דעם חוב, וואָס כ'בין דיר שולדיק. אויף ווידערזען, מיכאַל!

דער פירשט האָט איר פרובירט פאַרהאַלטן, נעמענדיק איר איידל פאַר אַ האַנט. נאָר זי האָט גלייך די האַנט צוריקגעצויגן.

—דו גייסט אַוועק—האָט ער אומעטיק געזאָגט: און איך האָב געמיינט, אַז דו גייסט דאָ אַהער, כדי...

זיין הכנעהדיקייט האָט איר פאַרדראָסן. זי איז שוין גע-

שוין געד־האַס אַוועקגעגאַנגען און פּלוצים האָט זי זיך פאַר־האַלטן.

—וואָס-זשע האָסטו געטראַכט ?—האָט זי אויפגערעגט גע-פרעגט : ס׳וואונדערט מיך, וואָס דיר פעלט מאָראַלישער געפיל. וועסט תמיד זיין דער זעלבער : דו איינער עקזיסטירטס אויף דער וועלט : אַלץ דאַרף גיין די כפרה פאַר דיר. האָסט מיר געטון אַ סך שלעכטס...

און אַט קומסטו מיר דערציילן מעשיות, ווי אַ קינד : „און איך האָב געמיינט...״ וואָס ד־האָסטו דערוואַרט פון דיינע משוגעתן ? מעגסט וויסן : איך קען דיך נישט פאַרטראָגן. איך איך קען נישט פאַרליידן דיין אָנוועזנהייט. יאָ, אַזוי איז עס.

לובימאָוו האָט זיך געפילט נידערגעשלאָגן. זיין טרויער האָט געבערענגט דערצו, אַז אַליציאַ ד־האָט גלייך געביטן איר טאָן.

— כ׳האָב שוין נישט צו דיר קיין פאַראַכטונג, נאָר דו וועקסט אין מיר אַ רחמנות, ענלעך צו דעם זעלבן רחמנות, וואָס איך פיל צו זיך אַליין.

מיכאַל, מיר זענען אַ פּאָר אומגליקלעכע משגעים. אונזער אומגליק שטאַמט נאָך פון די אַלטע צייטן. מיר געהערן צואַנ-דערע עפּאָכע. כ׳האָב רחמנות אויף דיר, מיכאַל און פּונקט אַזוי דאַרפסטו האָבן רחמנות אויף מיר, דער, וועלכער האָסט אַזוי-פיל פאַרשאַפט עגמת־נפש...

פונדעסטוועגן, נישט קוקנדיק אויף זיין הכנעהדיקייט, האָט דער פירשט פּראָטעסטירט.

אמת, ער האָט אַ ביסל נישט-פאָרזיכטיק געהאַנדלט, זיין אָנפאַל אין קאַסינא און דער דועל, איז געווען אַן אויסערגע-וויינלעכער אומזין.

אָבער צי איז דאָס פאַקטיש אַזאַ שלעכטס, וואָס מ׳קען שוין נישט פאַריכטן? און ווי אַזוי איז דאָס אַ משוגעת, אַז דאָס

האָט אים אַליין געבּרענגט אַזויפיל שאָדן, וואָס ס׳האָט אים גע־פירט צו אַזאַ פאַרצווייפלונג ?

אַליציאַ האָט אים איבּערגעריסן מיט אַן אומגעדולדיקער באַוועגונג, פּונקט ווי זי וואָלט דערמיט געוואָלט אויסדריקן די אוממעגלעכקייט פון דערקלערן אים אירע אויסערגעוויינלעכע גע־דאַנקען.

—טו אַ קוק !—האָט זי אַ זאָג-געטון, ווייזנדיק אים אויף די טיר פון דער קירכע : — פריער האָבּ איך געקענט דאָרט אַריינגיין בעטן, רעדן מיט מיין זון ; ס׳קען זיין, אַז דאָס איז נאָר אַ פאָרשטעלונג, אָבּער די פאָרשטעלונג האָלט דאָך אונטער אונזער לעבּן.

איצט קען איך נישט. חרטה-געפילן און געוויסנס - פאַר־ווורפן וואַרטן אויף מיר דאָרט, ווו כ׳האָבּ בּיז מיט עטלעכע וואָכן צוריק געפונען טרייסט און בטחון. און שולדיק אין דעם בּיזטו, דו האָסט מיר צוגענומען די לעצטע טרייסט, וועלכע איך האָבּ מיר אַליין באַשאַפן...

זי האָט שוין נישט געקוקט אויף אים מער מיט פיינט־לעכע אויגן, איר ציטערדיק קול און די פייכטע אויגן האָבּן באַוויזן, אַז זי איז גערירט.

מיכאַל האָט געשטאַמלט צעמישט. צי האָט ער געקענט אָפּטון אַזויפיל שלעכטס? ווען? ווי אַזוי ?

אַליציאַ איז געבּליבּן טויב אויף די פראַגן; זי האָט גע־טראַכט בּלויז פון זיך און פון איר אומגליק.

— כ׳האָבּ געהאַט אַ זון און כ׳האָבּ אים פאַרלוירן—האָט זי געזאָגט. ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט מיר געגעבּן דאָס רעכט אויף לעבּן... כ׳האָבּ געזוכט טרייסט. וואָ־רום, וואָס וואָלט פון אונז געוואָרן, ווען מיר וואָלטן נישט גע־האַט די מאַכט צונעמען זיך אילוזיעס, וואָס זאָלן אונז קענען גענאַרן ?...

איצט אבער קען איך שוין נישט מער. דאָרט ווו כ׳האָבּ

מיט עטלעכע וואָכן צוריק געפונען האָפענונג, געפין איך איצט געוויסנס־פאָרוווּרפן...

כ׳האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַז כ׳האָב אַ צווייטן זון, אַ זון, וואָס איז פאַרמשפּט צום טויט, ער איז אָבער יינג און אומגליקלעך ווי יענער, דער ערשטער, ווי יענער איז אָן אַ מוטער, וועלכע זאָל אים קענען פאַרשענערן זיינע טעג... איך האָב געוואָלט זיין אַזאַ מוטער. קיין אַנדערע ליבשאַפט ווי די מוטערלעכע, קען איך שוין נישט פילן: מיין ראָלע אַלס געליבטע איז געענדיקט.

לובימאָוו האָט גענומען פאַרשטיין: אַליציאַ האָט גערעדט פון מאַרטינעזן. און ווידעראַמאָל האָט אין אים אויפגעקאָכט די אייפערזוכט.

—וואָס האָסטו געטון, מיכאַל?—האָט זי ווייטער גערעדט: מיט דיין משוגעת האָסטו איבערגעקערט דעם דאָזיקן אומגליקלעכן. שלאָגנדיק זיך מיט דיר, האָט ער זיך גאָר פאָרגעשטעלט, אַז ער שלאָגט זיך פאַר מיר, אַז איך בין אַ יינגע פרוי.

פּלוצים האָט ער אָנגעהויבן קוקן מיט אַנדערע אויגן אויף מיר. ס׳האָט דאָך מיר שוין געפּאַסט צו זיין, זיין מוטער, נאָר די פרויען פון אונזער קלאַס פאַרלענגערן זייער ייגנט, פאַרלענגערן זי קונסטלעך.

אין דער צייט, וואָס אַנדערע זענען מודה אין זייער אַלטקייט, טראָגן מיר זיך נאָך אַרום מיט חשקות. און איך פאַרשטיי דאָך די נאַרישקייט פון זיין ענטוזיאַזם. איך בין דאָך פאַר אים אַ סוֹדותדיקע, אומבאַקאַנטע גרויסע דאַמע. אָרעמער נעבעך! מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט ער נאָך קינדעריש געשמייכלט אין מיין אָנוועזנהייט, געקוקט אויף מיר פּשוט, אָן אַ שאָטן פון אַ שלעכטן געדאַנק! ער איז געווען גליקלעך און איך האָסזעלבע, און איצט ?...

דער פירשט האָט זיך פאַרגעשטעלט מאַרטינעזן, ווי ער

פאַרפּאָלגט אַליציאַן מיט תאוהדיקע פאַרלאַנגען. „כ׳וועל איי[illegible] דערהרגענען; ניין, אַנדערש קען דאָס נישט בלייבן״—האָט ע[illegible] געטראַכט. זיין מערדערלעכער צאָרן האָט אָבער לאַנג נישט גע- דויערט.

סצענעס פון פאַרשידענע דועלן זענען אים פאַרביי גע- שוווּמען פאַר די אויגן. ער האָט זיך דערזען, קושנדיק די האַנט פון פאָרוטשניק מיט אַזאַ מין אויסערגעוויינלעכע גערירטקייט— דאָס האָט אים געפּייניקט מיט שטאַרקן פאָרוואורף. וואָס טוט מען איצט?

שפּעטער איז דער דאָזיקער מענטש געוואָרן פאַר אים אַ הייליקייט. און אַז אַליציאַ האָט ווייטער גערעדט איז ער גע- פאַלן פון מוט.

—האָסט צעריסן מיין חלום. מאַרטינעז איז שוין פאַר מיר נישט קיין זון. ער איז געוואָרן אַ מאַנספּערשוין. איך קען שוין נישט מער געפונען די רו אינם מוטערלעכן געפיל! איצט בין איך פאַרמשפּט אויף אייביק. איך, וואָס האָב אַמאָל אויפגעוועקט פרייד און פאַרלאַנגען; און די מענער, פאַר וועלכע איך בין געווען זייער לעבנס-ציל... צי קענען פרויען נישט האָבן די האָבן די זעלבע רו מיט וועלכע די מענער זענען גליק- לעך?

דער פירשט האָט זיי איבערגעריסן מיט אַ טאָן, וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט מיט כּעס:

— רייס איבער מיט אים, באַגעגן זיך נישט מער מיט אים. פאַרמאַך פאַר אים דיינע טירן אויף אייביק, וועסטו גע- פונען די רויקייט און איך... וועל זיין די פריינט, כ׳וועל זיין פאַר דיר דאָס, וואָס דו וועסט נאָר אַליין וועלן; פאַר מיר איז גענוג דאָס זען דיך...

מיט אַ באַוועגונג, וואָס האָט אויסגעדריקט אומגלויבן, האָט זי באַגעגנט זיין לעצט וואָרט.

אַזויפיל מענער האָבן איר צוגעזאָגט פריינטשאַפט חבר- שאַפט!...

— ארויסיאָגן דאָס דאָזיקע אָרעמע זייער אומגליקלעכע יינגל !...

דער בלויזער געדאַנק, פון דערווייטערן פון זיך דעם אינוואַליד, האָט אויפגעוועקט אין איר רחמנות און אירע ווערטער האָבן גענומען קלינגען מיט אַ געפיל פולע אינטאָנאַציע :

—און וואָס וועט פון אים ווערן? ער איז איינער אַליין, עלנט אויף דער וועלט. אַנדערע אָפיצירן, געפונען זיך אין זייער אייגן פאָטער־לאַנד, ביי זייערע קרובים... און דו ווילסט, אַז כ׳זאָל פאַרגעסן אָן אים. ניין, דו קענסט אים שלעכט. דו ביסט זיין שונא.

מיט פרייד דערמאַן איך זיך זיין פריערדיק האַלטן זיך ; ענלעך צו מיין זונס האַלטונג. ער האָט אַפילו געהאַט עפּעס מער פון אים : די דאַנקבאַרקייט, דעם כבוד, וואָס איך האָב ביז דאַמאָלסט נישט געקענט.

ער קען נישט זיין מצב: ער שטעלט זיך פאָר אַ געזונטע ייגנט און רעכנט נאָך אויף לאַנגע יאָרן לעבן. אָרעם קינד ! ווי שווער דאַרף מיר זיין דאָס דערבייזערן זיך, דאָס אָפּשטויסן אים מיט צאָרן, צוליב די פאַרלאַנגען, וואָס עמעצער האָט פאַר מיר... פאַר מיר, וועלכע וויל זיין אַ מוטער פאַר אים !..

און ווידער אַמאָל האָט דער מערדערלעכער צאָרן אויפגעבליצט אין מיכאַלס אויגן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָ גייט נישט מער, ווי אין מאַרטינעזס געבעטן און פאַרפאָלגונגען און איר אייגן נישט קענען באַשליסן זיך. וועט ער אים נישט קענען בייקומען ?

אָבער דער דאָזיקער פיינטלעכער בליק איז אַליציאַן נישט געפעלן און איר קול איז ווידער געוואָרן האַרט.

—מיר וועלן ענדיקן. כ׳בין געקומען כדי צו באַצאָלן דיר דעם חוב. ווילסטו נישט צונעמען? דו זאָגסט זיך אָפּ? איז גוט,

כ'וועל שוין געפונען אַ מיטל, ווי אַזוי דיר צו קענען באַצאָלן דיין געלט. אַ גוטע נאַכט, מיכאַל !...

די נאַכט איז צוגעפאַלן. דער פירשט האָט געזען ווי זי פאַרשווינדט אין די שאָטנס פון די גאַסן.

אין אַ געוויסן מאָמענט האָט ער איר געוואָלט פאַרהאַלטן... ער וועט איר שוין מער נישט זען, דאָס האָט ער געוווּסט, אין דעם איז ער געווען זיכער. ער האָט אָבער אויך פאַרשטאַנען, אַז ס'וועט זיין בחנם דאָס צושטיין צו איר. ער האָט געגלויבט, אַז איר באַגער איז, אַז ער זאָל אָן איר פאַרגעסן.

די דאָזיקע באַגעגעניש האָט געהאַט אַ ציל — פאַרשיטן די שפּאָרן פון דער פאַרגאַנגנהייט... און דערפאַר האָט ער איר געלאָזט אַוועקגיין.

פון דעם מאָמענט אָן האָט דאָס לעבן ביים פירשט אָנגעהויבן גיין אָן אַ ציל. עפּעס אין אים איז צעבראָכן געוואָרן און דאָס איז געווען: זיין ווילן.

כדי נישט צו טרעפן זיך מיט קיינעם האָט ער זיך פאַרמאַכט אין דער ווילע. ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן די וועלט, ס'קען זיין דערפאַר, וואָס ער האָט מורא געהאַט פאַר איר איראָניע.

דאָן מאַרקאָס איז געווען דער איינציקער פריינט פון זיין איינזאַמקייט און לובימאָוו, וועלכער האָט אין די ערשטע טעג זייער ווייניק איינגעטענהט מיט אים, האָט צום סוף גענומען אומגעדולדיק וואַרטן אויף זיין צוריק קומען פון מאָנטאַ-קאַרלאַ, כדי צו הערן פון אים נייעס, נייעס אויף וועלכע ער האָט אין אַנדערע צייטן נישט געלייגט די מינדסטע אַכט. דאָס איז געווען די נייגיריקייט פון אַ קראַנקן, אָדער פון אַ מענטש, וואָס זיצט אין תפיסה, וועלכער זעט נישט קיין זאַך אין איר פּאַקטישע ווירקלעכקייט.

דער פירשט האָט גענומען טראַכטן וועגן פרייוויליק זיך אָפּזאַגן פון אָט דער איינזאַמקייט.

צו וואָס דאַרף ער זיצן אין דער ווילליע נאָנט פון יע־נעם, וועלכער האָט אים אינגאַנצן פאַרנומען די געדאַנקען און וועלכע האָט שוין נישט געוואָלט מער וויסן פון אים? בע־סער וועט זיין, אַז ער זאָל ווי צום גיכסטן צוריק פאָרן קיין פּאַריז.

די רעזידענץ איז דורכאַנאַנד באָמבאַרדירט געוואָרן. כמעט יעדע וואָך האָבן עסקאַדרעס דייטשע עראָפּלאַנען באַוואָרפן די שטאָט מיט באָמבעס.

אָט אַזאַ רייזע קיין פּאַריז האָט גערייצט מיט רייכע עמאָציעס דעם פירשט, וואָס איז געווען פאַרמאַטערט פון זיין מאנאטאָן לעבן.

יעדן פרימאָרגן בעת ער איז אויפגעשטאַנען, האָט ער צו זיך געזאָגט:

—„כ׳פאָר קיין פּאַריז״. און ער האָט אָפּגעלייגט די רייזע פון איין וואָך אויף דער אַנדערער.

די מינדסטע קלייניקייטן זענען פאַר אים געוואָרן פון דעם גרעסטן ווערט.

ער וועלכער איז דריי מאָל אַרומגעפאָרן די ערד, איז פּשוט פון שמחה פאַרמאַטערט געוואָרן, טראַכטנדיק פון דאָס זעכצן־שעהדיקע פאַרברענגען אין וואַגאָן. און אַזוי זענען אַריי־בער טעג און ער האָט זיך נישט געקענט דערשלאָגן צו דער ענערגיע, וואָס איז אים זייער נויטיק געווען צו אַזאַ קורצע רייזע.

אין אַ געוויסן פרימאָרגן, זייענדיק פאַרמאַטערט פון די הערלעכקייט פון זיינע גערטענער און די שטילקייט פון הויז, איז ער אַוועק צו פיס אין שטאָט אַריין. נישט־ווילנדיק האָבן זיך זיינע טריט געווענדעט אָן דער זייט ווו ס׳האָט זיך געפו־נען די רויזן־ווילליע.

ווען ער האָט עס באַמערקט, האָט ער געוואָלט זיך צו־ריקציען—נאָר פּלוצים האָט ער דערזען אויפן אַ קייגנאיבערדיקן

טראָטואַר דעם פּאָרוטשניק מאַרטינעז, גייענדיק אַ, דער זעל־בער ריכטונג אין וועלכער ער אַליין איז מיט אַ ווײַלע צוריק געגאַנגען.

ער האָט אויסגעזען צו זיין העכער און שטאַרקער און זיין אַלטער מונדיר, האָט אױסגעזען צו זיין ליכטיקער. זיין פּנים איז אַפילו געווען בלאַסער און מאָגערער: אָבער מיכאַל האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז פון יענעם לויכט אַדורך אַן אינערלעך פייער און ער איז אויך, ווי עפּעס שטאָלצער ביי זיך.

זיי זענען פאַרביי איינער פאַרן אַנדערן און האָבן זיך נישט באַגריסט. דער פּאָרוטשניק האָט זיך געמאַכט, ווי ער זעט אים נישט, אָבער לובימאָוו האָט אים נאָכגעקוקט מיט אַ פרעגנ־דיקן בליק. מיט וואָס פאַר אַ נייעס טראָגט זיך אָט דער מענטש אַרום?

דער פירשט האָט בכלל אָנגעהויבן צווייפלען אין זיין שלעכטן געזונט־צושטאַנד, וועלכער איז ווי דאָקטוירים זאָגן זייער אַ געפערלעכער.

— וואָס פאַר אַן אידיאָטישקייט! דאָס איז אַ שקר, כּדי צו קענען מיט אים מער אויסנעמען ביי פרויען. ער האָט באַ־מערקט אין זיינע טריט אַ שטאָלצע זיכערקייט.

ווען ער האָט אים פאַרלוירן אויפן וועג, האָט ער אים נאָך בעסער געזען. אין זיין פאָרשטעלונג האָט ער אים געזען מיט זיינע קלענסטע פּרטים, וועלכע ער האָט פריער נישט באַ־מערקט.

גאָר באַזונדערס האָט זיך אים אָפּגעשטעלט אין זכרון אַ פּרט, וועלכער האָט אים געפייניקט מיט אַלע זיינע איינצל־הייטן:

אַ קליינער בלומען־בונט, וועלכער דער מיליטערישער יינג־גערמאַן האָט געטראָגן צווישן צוויי קנעפּ פון מונדיר: אַן אָפּי־ציר מיט בלומען!

און פון דאָזיקן אָפּיציר מיט בלומען האָט ער געטראַכט אַ גאַנצן טאָג.

אין אָוונט האָט ער דויק געענטפערט דעם פּולקאָווניק, וועלכער האָט אים דערציילט וועגן אַ בריוו: דער אַדמיניסטראַטאָר פון פּאַריז שרייבט, אַז ער איז אומגעדולדיק, ער מוז אומבאַדינגט וויסן אַן ענטפער, וואָס איז נוגע דאָס פּאַרקויפן די ווילע סירענע.

— כ׳ווייס גאָרנישט. לאָז מיך צו רו. מאָרגן וועל איך איבערפאָרן קיין נידע און דערלײדיקן דעם ענין, מכּח מיין מיין אָפּפאָרן קיין פּאַריז... ניין, מאָרגן, בעסער גאָר איבער-מאָרגן.

ער האָט דאָס אַליין נישט געקענט פּאַרשטיין פאַרוואָס ער לייגט דאָס אָפּ פון איין טאָג אויפן צווייטן אָן אַ סיבה. אויף צומאָרגנס, נאָכן פרישטיק, האָט ער באַדויערט זיין נעכטיקן באַשלוס, ס׳איז שוין אָבער געווען צושפּעט כּדי צו קענען געפונען דעם שאָפער, וועלכער איז מיט אים געפאָרן צום דועל.

ווו זאָל ער גיין און ווו וועט ער קענען זיין זיכער, אַז ער וועט דאָרט נישט טרעפן יענע, וועלכע ליגט אים אַזוי אין זינען?

פאַרנאַכט-צו איז ער צוגעגאַנגען צו די טעראסעס פון קאַסינאָ.

דער קאָנצערט אונטערן אָפענעם הימל האָט געצויגן אַן עולם. אַליציאַ מיט מאַרטינעזן וועלן נישט וואַגן אין איינעם קומען אַהער — האָט ער געטראַכט.

ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ס׳האָבן זיך אומגעקערט די שלום-צייטן. אויף ביידע זייטן דהאָט מען געקענט זען אַן עלעגאַנטן עולם.

פּאַריז איז געוואָרן באָמבאַרדירט און די כּסדרדיקע אָפענסיוועס האָבן פאַרהאַלטן אין מאנטא-קאַרלאָ אַ מאַסע עלעגאַנטע פרויען, וועלכע וואָלטן אין אַן אַנדערע צייט געהאַלטן פאַר אַ

דערנידערונג, דאָס פאַרבלייבן נאָכן סעזאָן אויף די וואַרעמע
בוכטע.

פּלוצים איז ער שטיין געבליבן, ווי תּון אַ האַסטיקן שטויס
אין דער ברוסט אַריין.

אויף די ברייטע טרעפּ, וואָס האָבן צונויפגעבונדןביידע
טעראַסעס, איז געגאַנגען אַ פּאָרל: דער פּאָרוטשניק מאַרטינעז
און... אַליציאַ.

זי איז געווען אין טרויער, אַזוי ווי דאַמאָלסט, בשעת ער
האָט איר געטראָפן פאַרן קלויסטער. זי איז אָבער געגאַנגען
ווייניקער זיכער. אַ ביסל זשענירט פון דעם, וואָס זיי געפונען
זיך צווישן אַזאַ גרויסן עולם מענטשן.

זיי זענען געגאַנגען פּאַמעלעך, שמועסנדיק צווישן זיך.
זייענדיק פאַרנומען מיטן קוקן אויפן ים, האָבן זיי נישט באַ-
מערקט דעם פירשט לובימאָוו.

אונטן האָבן זיי גענומען גיין אויף דער אַ קייגנאיבער-
דיקער זייט און ס׳איז אויסגעקומען, אַז דער פירשט האָט זיי
געקענט נאָכגיין פון הינטן.

—אַך, דער דאָזיקער שפּאַציר! ער מוז האָבן ליכט און
לופט! נאָך אַ זיס און ליב פאַרשלאָסן זיין, האָט ער אוודאי
געהאַט אַ נויטווענדיק געפיל צו באַווייזן זיך פאַר דער עפנט-
לעכקייט מיט זיין גליק.

מסתמא האָט דער אָפיציר דער ערשטער פאָרגעשלאָגן צו
מאַכן דעם שפּאַציר. אָך! דאָס דאָזיקע שטאָלצע באַווייזן זיך
זיך אין גאַס מיט דער באַרימטע פרוי ביי דער זייט!... יאָ,
יאָ!

די פירשטנס האַלטונג איז שוין געווען אַ מער ערנסטע.
זי איז געגאַנגען מיט אַ געוויסע לעסטיקייט.

זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף דער זייט פון איר
באַגלייטער, כדי צו קוקן אויף אים. דאָס האָט געקענט זיין אַ
בליק פון שקלאַפן, פיל מיט דאַנקבאַרקייט, וועלכע פילט זיך

זייער גייסטיק גליקלעך פון דער דאָזיקער שקלאַפּישע דערני-דערונג.

מיטאַמאָל האָט זיך אינם פּירשט דערוועקט אַ פאַראַכטונג און אַן אויפּרעגונג. צו וואָס גייט ער זיי נאָך?... זיי האָבן גע-קענט אויסדרייען די קעפּ און אים באַמערקן. ער האָט זיך פאַרשעמט אין געדאַנק ביי דער מעגלעכקייט פון אַ באַגע-געניש.

איר נעבעכדיקע !... צי איז דען אין דער הויך, אויבן, נישטאָ אַזעלכער, וואָס זאָל באַשטראָפן פאַר אַזעלכע זאַכן ?...

און ער האָט זיך גענומען דערווייטערן, אַריבערגייענדיק אויף דער אַ קייגנאיבערדיקער זייט, וואָס פירט צום פּאָרט און קאָנ-דאַמינעס.

ער האָט שוין געזאָלט פאַרלאָזן די טאַראַסע, ווי אַ פלוי-צימע באַוועגונג צווישן די שפּאַצירנדיקע האָט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט.

מענטשן, וואָס זענען געזעסן אויף די בענק, האָבן זיך האַסטיק אויפגעשטעלט און איבערבייטנדיק איינער מיטן צווייטן צו עטלעכע ווערטער, האָבן זיי זיך גענומען איילן צום אָרט, וועלכן דער פּירשט האָט נאָר-וואָס פאַרלאָזט. ער האָט דער-הערט געשרייען.

לובימאָוו איז מיטגעצויגן געוואָרן פון די מאַסע. פון דער-ווייטנס האָט ער געזען מענטשן, וואָס האָבן זיך געאיילט פון די טרעפּ אַראָפּ.

דער גאָרטן וועלכער איז מיט אַ ווײַלע צוריק, געוועזן לעער, איז מיט אַמאָל געוואָרן דער פונקט, וועלכער גאַנצע גרופּעס האָבן אָנגעפולט. דערנענטערנדיק זיך, איז ער פון די פריער אָנגעלאָפן געוואָרן וועגן דעם פּאָרפּאַל:

—ס'איז אַן אָפיציר, פון די אינוואַלידן... ער האָט שפּאַ-צירט מיט עפּעס אַ דאַמע... פּלוצים איז ער געפאַלן אויפן הינטן, ווי פון אַ דונער געטראָפן... ער ליגט דאָרט.

מאַרטינעז איז געלעגן אויף דער ערד, צווישן גאַנצן

עולם מענטשן, ווי עפּעס אַ שמאַטע, מיט אַן איינגעקאָרטשעטן גוף און אַן אומאויפהערלעך שניידיק קרעכצן, דאָס איז געווען דער איינציקער סימן, אַז דער דאָזיקער אומבאַוועגלעכער גוף לעבט.

לובימאָוו האָט זיך דערנענטערט און אַריבערגעקוקט איבער די קעפּ פון די נייגיריקע. די אָפיצירן האָבן פערלאָזט זייערע באַגלייטערנס און אַריינגעקראָכן זיך אין סאַמע מיטן פון דער גרופּע. דערקענענדיק אין אים זייער חבר, האָבן זייערע פּנימער באַקומען אַ ברודערלעכן אויסזען.

— אַנטאָניאַ !... אַנטאָניאַ !...

זיי האָבן זיך אַריבערגעבויגן איבער אים און גענומען רעדן אין דער שטיל, ווי ער וואָלט געשלאָפן. אָבער מאַרטינעז האָט אויף זייער הארציק רופן אים, געענטפערט בלויז מיט אַ שניידיק קרעכצן.

אַ מיליטער-דאָקטאָר האָט זיך אַדורכגעקראָגן צווישן עולם און האָט אים גענומען טאַפּן דעם דופק : אָ, דער פּאָרוטשניק האָט שוין געהאַט אַזעלכע ענלעכע אָנפאַלן; ווען אָט דער וואָלט כאָטש געווען דער לעצטער !...

מיכאַל האָט דערזעען אַליציאַן אַ קניענדיקע אויף דער ערד, אַ פּאַרגעסענע אָן אַלץ, וואָס האָט איר אַרומגערינגלט. אירע אויגן זענען געוואָרן צוגענאָגלט צו דעם, וועלכער איז מיט אַ ווײַלע צוריק געגאַנגען אַ שמייכלדיקער אָן איר זייט און איצט ליגט ער אינמיטן וועג, אין שטויב.

זי איז פּלוצים אויפגעשטאַנען. אינסטינקטיוו האָט זי דער־פילט, אַז זי קען נישט אַזוי בלייבן צווישן עולם אין דער מעמד.

אירע אויגן ברייט-צעעפנטע האָבן געקוקט און געזוכט. אירע אויגן האָבן זיך געטראָפן מיט מיכאַלס בליק, אָבער דער פירשט האָט גלייך באַהאַלטן דעם קאָפּ צווישן עולם זי זאָל אים נישט באַמערקן.

מענטשן האָבן אָנגעוויזן אויף די פירשטן : דאָס איז זי

געגאַנגען מיטן אָפּיציר. פולע האָבן איר דערקענט און איבער־געחזרט איר נאָמען.

צוליבן עקל אָדער מורא פאַר רכילות, האָבן זיך אַ טייל אינסטינקטיוו אָפּגערוקט און נישט געוואָלט הערן קיין שום קאָ־מענטארן, גוטע מענטשן האָבן געוואָלט מיט אַ געוויסע זיכער־קייט:

—לופט!... מ׳דאַרף צולאָזן לופט!...

אַ פריילן, וועלכע איז אַזש געלאָפן אין קאַסינא־באַר האָט זיך אומגעקערט מיט אַ גלאָז וואַסער.

—אַנטאָניאַ!.. אַנטאָניאַ!..

די חברים זיינע, וועלכע זענען געשטאַנען קניענדיקע, האָבן אים אומזיסט געווען, באַמיענדיק זיך אים אויפצו־רייסן דאָס מויל, כדי ער זאָל קענען אַראָפּנעמען אַ ביסל וואַ־סער.

ס׳זענען אָנגעקומען דאַמען פון שפיל־זאַל. אַלע האָבן גע־קענט די פירשטן, נאָר צו ערשט האָבן זיי געקוקט אויפן גוססן און נאָכדעם איצט אויף איר, מיט פיינטלעכע בליקן. דער פירשט האָט אונטערגעהערט אָפּגעריסענע שמועסן: דאָס איז דער אומ־גליקלעכער וועלכער האָט געלעבט מיט ניסים... און אָט די פרוי... ער האָט נישט געקענט דערכאַפּן זייערע שרעקלעכע רייד.

ס׳זענען זיך אַנגעלאָפן די גאָרטן־היטער. באַלד האָט זיך אויך באַוויזן שטאָט־מיליץ.

ס׳איז נישט געווען ווער ס׳זאָל דעם אומגליקלעכן אויפ־הייבן און ערגעץ אַוועקטראָגן; די נייגיריקע לייט האָבן זיך אָפּגערוקט.

ס׳איז אונטערגעפאָרן אַ דראָשקע.

מיט אַמאָל האָט דער פירשט דערזען די פירשטן, וועל־כע האָט זיך אַרויסגעהויבן איבערן גאַנצן המון. זי איז איינ־געשטיגן אין דער דראָשקע און געשטאַנען מיט אַ בליק, וואָס איז געווען געשמידט צו דער ווייטקייט. ס׳קען זיין, אַז זי איז

געשטאַנען אַ נישט-אַנטשלאָסענע: ס׳קען זיין, אַז דער דאָקטאָר האָט איר פאַרבעטן מיטן קראַנקן, ווייל ער האָט איר אָנגענו־מען פאַר אַ קרובה.

דעם חולה׳ס שניידיק כריפען האָט זיך נאָך אַלץ גע־הערט.

דאַמאָלסט האָט אַליציאַ, אין די אויגן פון גאַנצן עולם, געהייסן אַנידערלייגן אויף אירע קניען דעם גוף, וואָס איז ענלעך געווען אויף אַ מת. זי האָט אָנגעלענט דעם קאָפּ פון כריפנדיקן אויף איר אָרעם און אים זייער שטאַרק אונטערגע־האַלטן.

פאַמעלעך האָט די דראָשקע גענומען רירן אין דער ריכ־טונג פון אַן אָפּיצירן-האָטעל. ס׳איז נאָכגעגאַנגען אַ גרויסער עולם, דער דאָקטאָר איז געגאַנגען צו פיס, באַפעלנדיק דעם קוטשער ער זאָל פאָרן לאַנגזאַם.

מיכאַל האָט געזען די פאַרבייפאָרנדיקע אַליציאַ, מיט אויגן ברייט-צעעפנטע און פעסט פאַרשלאָסן מויל, האַלטנדיק אויף די קניען דעם גוססן אַנטאָניאַ. איר געשטאַלט האָט דער־מאָנט אָן דער „הייליקער מוטער״ או טע׳ן קרייץ, ווען ס׳וואָלט זיך נאָר אַריינגעמישט אָט דאָס שרעקלעכע, דאָס שענדלעכע אין איר טרויער. „אָך, דו ליידנדיקע ווענוס!...״

ער האָט געמוזט איבעררייסן זיינע אויסערגעוויינלעכע גע־דאַנקען.

אַ פרוי אין סאַניטאַר-קליידער, האָט אים אַ שטויס-געטון, זיך יאָגנדיק נאָך די אוועקפאָרנדיקע דראָשקע. דאָס איז געווען מאַרי לעוויס.

די דאָזיקע באַרמהאַרציקע אמאזאנע איז תמיד אָנגעקומען אין דער צייט מיט הילף און רעטונג, דאָרט וווּ ס׳איז געווען פיין און אומגליק.

לובימאָוו האָט געזען, ווי דער קראַנקער מיט אַליציאַן האָבן זיך דערווייטערט, אַרומגערינגלט מיט אַ המון מענטשן.

אָס די פּראָצעסיע וועט דויערן אַזש ביזן האָטעל: גאַנץ מאנסאַ-
קאַרלאַ וועט איר זעען.

ער האָט דערפילט אַ טרויער, וואָס לאָזט זיך נישט אי-
בערגעבן.

דער דאָזיקער פּאָרוטשניק איז דאָך געווען כמעט זיין
שונא — אָבער טויט!..

אַליציאַ האָט וויניקער געוועקט אין אים רחמנות. מיט
אַ בייזן שמייכל האָט ער דאָס לעצטע מאָל נאָכגעקוקט די
דראַשקע און דעם עולם, וואָס האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן.

# XI.

אין צוויי טעג שפעטער, אין אַ פרימאָרגן, האָט מיכאַל באַמערקט, ווי דער פולקאָווניק גייט אַרויס אין גאַס אַריין, אָנגעטון אין שוואַרצן.

דאָס איז ער געגאַנגען אויף מאַרטינעזס לויה. דאָן מאַר־קאָס און נאָוואַ אַלס שפּאַניער, האָבן געהאַט דעם פליכט צו באַגלייטן דעם גרויסן העלד אין זיין לעצטער רייזע אויף דער ערד.

צוריק־קומענדיק, האָבן זיי דערציילט דעם פירשט פון זייערע פיינלעכע איינדרוקן.

עטלעכע אָפיצירן אינוואַלידן, זעענדיק נאָכגעגאַנגען דער טרומנע. דער פּראָפעסאָר און דאָן מאַרקאָס זענען געווען די איינציקע ציווילע לייט.

—אָבער די דאָזיקע העלדישע יינגעלייט—האָט דער פול־קאָווניק דערציילט:—האָבן מיך פשוט געבייט, אַז איך זאָל גיין בראש, ווייל איך בין אַ פולקאָווניק און דעם פאַרשטאָרבענעמס אַ לאַנדסמאַן.

קיין שום פרוי איז נאָך דער טרומנע נישט נאָכגעגאַנ־גען. אָט דער דאָזיקער פּרט האָט זייער אינטערעסירט דעם

פירשט. און ער האָט זיך געפרעגט: וואָס איז געוואָרן מיט אליציאָן?

פאַרנאַכט-צו, בעת ער האָט שפּאַצירט איבער זיינע גערטנער, האָט ער באַמערקט די ליידי לעוויס.

דער פירשט האָט זיך גענומען אויסבאַהאַלטן אין הויז. די דאָזיקע „שוועסטער" איז דאָך מסתמא געקומען מיט אַ גרויסע ענגלענדער, וואָס קערן זיך אום צום געזונט און באַגערן זייער אַ שפּאַציר צווישן ביימער און בלומען. נאָר ער האָט זיך נישט געשפּירט ביי די כוחות אויסצוהערן דאָס פּלאַפּלען פון דעם דאָזיקן פריילעכן פרימאָרגן פויגל; ער האָט געפילט, אַז ער וועט נישט קענען קיין אָנטייל נעמען אין איר פאַרעקשנטע פריילעכקייט, וואָס קומט פון ווייטאָק אַרויס און ציט זיך ביזן טויט אַריין...

ער איז געגאַנגען אויף די טרעפּ און האָט זיך שוין געוואָלט באַהאַלטן אין איינע פון די צימערן — ווי פּלוצים האָט אים דער פּולקאָווניק געפּאַקט. נאָר, איידער נאָך דער האָט געעפנט דאָס מויל, איז מיכאל אָנגעפאַלן אויף אים. ער וויל זיך נישט טרעפן מיט דער לעוויס. זי מעג אַרומשפּאַצירן מיט אירע ענגלענדער איבער זיינע גערטנער וויפיל איר גלוסט זיך, נאָר — גאָט זאָל אָפּהיטן! — זאָל זי אים לאָזן צו רו!

— מאַרקיז — האָט טאָלעדאָ געזאָגט: — די ליידי לעוויס איז דאָ איינע אַליין און זי וויל זייער רעדן מיט אייער הויכקייט. זי האָט, זאָגט זי, זייער אַ וויכטיקע זאַך מודיע צו זיין...

דער פירשט מיט דער סאַניטאַר-שוועסטער האָבן זיך געזעצט אין גאָרטן אויף צוויי פּאָטעלן. אַ פּוילער רויש פון די פאָנטאַנען, האָט איבערגעריסן די שטילקייט.

אין דער גרינלעכער ליכט פון די בוימער, האָט ליידי לעוויס אויסגעזען צו זיין שוואַכער און בלאַסער. ס'האָט אויסגעדוכטן, אַז דאָס לעצטע ביסל לעבן, וואָס זי פאַרמאָגט, ליגט אין אירע אויגן.

דער פירשט האָט אפילו פאַרגעסן אָן זיין כעס. אָרעמע לײדי נעבעך! ער האָט דערשפּירט אַז איר אַ געפיל, וואָס איז פול געוועזן מיט אַכטונג.

צוגעוווינט צו אַ לעבן פון פאַרשידענע ליידן און קאַטאַסטראָפעס, האָט זי ווייניק אַכט-געלייגט אויפן טאָג-טעגלעכן לעבן.

אָן שום הקדמה האָט זי גענומען רעדן וועגן דער סיבה, וואָס האָט איר געבראַכט אַהער. זי האָט גערעדט מיט אַ מיליטערישע האַרטקייט.

ס׳האָט איר דאָ אַהערגעשיקט די פירשטן דע-ליסל. די לעצטע צוויי טעג האָט זי פאַרבראַכט אין דער רויזן-ווילע און אַפילו דאָרט גענעכטיקט, ווייל זי האָט נישט געקענט פאַרלאָזן די פירשטן אויף אַ רגע.

די פירשטנס פאַרצווייפלונג און נאָכדעם דאָס קרענקען זיך האָט איר זייער איבערגעשראָקן. אַליציאַ האָט זיך אַפילו געוואָלט דערהרגענען.

—אָרעמע פרוי נעבעך!.. זי האָט זיך ענדלעך באַרויקט, ווען זי האָט געפונען דאָס אמתע ליכט און דעם אמתן וועג. כ׳בין גליקלעך, וואָס כ׳האָב איר געקענט העלפן מיט עצות באָטש.

דעם פירשטס אויגן האָבן פאַרחידושט גענומען קוקן אויף דער ענגלענדערן.

וועגן וואָס פאַר אַ ליכט און וואָס פאַר אַ וועג רעדט זי דאָס? און מיט וואָס פאַר אַ שליחות האָט איר דאָס די פירשטן געשיקט צו אים?

לײדי לעוויס האָט פאַרשטאַנען זיינע געדאַנקען.

—זי האָט מיך געבעטן, פירשט, אַז כ׳זאָל גיין צו אייך איידער זי ציט זיך צוריק פון דער וועלט, בעט זי אייך, פשוט רחמים, איר זאָלט אָן איר פאַרגעסן, בעט זי, אַז איר זאָלט זיך קיינמאָל נישט באַמיען צו וועלן איר זען און באַזונדערס, בעט זי, אַז איר זאָלט איר מוחל זיין דאָס שלעכטס וועלכעס זי האָט אייך מעגלעך, נישט-ווילנדיק געטון. יאָ, איר זאָלט

איר מוחל זיין, פירשט... אַז כ׳וועל איר זאָגן, דאָס איר האָט צו איר גאָרנישט, אַז איר טראָגט נישט צו איר קיין שום שנאה—וועט זי קענען האָבן די רו, וואָס איז איר נויטיק פאַר איר נייַ לעבן...

מיכאַל האָט זיך פאַרטראַכט. מוחל זיין?... אַליציאַ האָט אים נישט געטון קיין שום שלעכטס. ער האָט זיך אַליין געפייניקט מיט זיינע פאַרלאַנגען. נאָר ווו איז זי? וועט ער איר שוין נישט קענען זען?..

ליידי לעוויס האָט אים גאָר איבערגעריסן די דאָזיקע שאלה. זי האָט כסדר געשמייכלט מיט איר זיס שמייכלע, נאָר איר קול האָט געקלונגען זיכער און אומבאַרחמנות־דיק:

— די פירשטן איז שוין אין מאָנטאַ־קאַרלאָ נישטאָ. איך אַליין האָב איר געהאָלפן אַרויספאָרן און בלויז איך איינע ווייס ווו זי געפינט זיך; כ׳האָב אָבער צוגעשוווירן, אַז כ׳וועל קיי־נעם נישט דערציילן.

זאָל זיך דער פירשט אָפּזאָגן פון זען זיך מיט איר, זאָל איר רויק אַקייגן גיין דעם אמת. זאָל ער זיך פאָרשטעלן, אַז זי איז געשטאָרבן...

אַזוי ווי ס׳שטאַרבן פאַרשידענע אַנדערע, אַזוי ווי די פאַרשידענע מיליאָנען באַשעפענישן, וואָס שטאַרבן און וועלן שטאַרבן מיט יעדן טאָג, וואָס וועט אונטערקומען. זאָל דער פירשט איר מוחל זיין און פאַרגעסן אָן איר. אָרעמע פרוי!.. אומגליקלעכע!..

לובימאָוו האָט פאַרשטאַנען, אַז אַלע זיינע באַמיונגען וועלן איצט זיין בחינם. אַליציאַ איז אויף אייביק פאַרשוווּנדן... אויף אייביק!...

ער האָט זיך דערפילט טרויעריקער און אומעטיקער. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. „יאָ, ער איז מוחל.“ ער האָט נישט געוואָלט, אַז דער מינדסטער שאָטן פון זיין ווייטאָק זאָל איר באַלאַסטן; ער וועט אים אינגאַנצן באַהאַלטן פאַר זיך... נאָר

פלוציס האָט ער זיך נישט געקענט באַהערשן און זיך גע-
ווונדערט, ווי הערנדיק די ווערטער, וואָס זענען אים אַרויס פון
מויל.

—כ'בין זייער אומגליקלעך, ליידי לעווים.

זי האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום שטוינונג, הערנדיק
זיין אָנפאַרטרויען זיך. זי האָט כּסדר געשמייכלט און געזאָגט
לאַקאָניש:

—כ'ווייס פון דעם.

איר שמייכל האָט זיך לאַנגזאַם אומגעביטן אין אַ ליב-
רחמנותדיקע באַוועגונג, און ס'האָט אויסגעזען, ווי דער פירשט
וואָלט געווען אַ קינד, וואָס דאַרף האָבן אירע עצות.

זי האָט נאָך געוווסט פון זיין אומגליק אַ סך פריער, איי-
דער די פירשטן האָט איר דערציילט וועגן דעם. ער האָט זיך
געהאַלטן פאַר אומגליקלעך צוליב זיין ליבע, אָבער זיין אומ-
גליק איז געווען אַ סך טיפער: זי איז געלעגן אין אים און נאָר
אין אים.

ער האָט זיך באַמיט צו לעבן אָן דער זייט, אָפּגעזונ-
דערט פון אַלע נאָענטע, איגנאָרירנדיק זייער עגמת-נפש, פאַר-
שליסנדיק זיך אין אייגענעם עגאָיזם, שטעלנדיק זיך אויפן ראַנד
פון דער מענטשהייט, וועלכע האָט איבערגעלעבט איינע פון די
שרעקלעכסטע קריזיסן אין דער געשיכטע.

דאָס דאָזיקע דערווייטערן זיך האָט מען געקענט פאַרע-
כענען פאַר פּחדנות;—ער איז אָבער געווען דרייסט גענוג. דאָס
דערווייטערן זיך האָט מען אויך געקענט טאָלערירן ביי אַ מענטש
וואָס איז באַלאַסט מיט אַ פאַמיליע;—ער איז אָבער געווען איי-
נער אַליין.

—אַלע זענען מיר אומגליקלעך, פירשט. ווער פילט נישט
היינט דעם גרויסן ווייטאָק און אַפילו דעם טויט?...

אירע זעקס ברידער זענען געפאַלן אין איין טאָג. זיי
האָבן אָנגעקערט צו איין באַטאַליאָן און די נייעס וועגן די
זעקס טויטן זענען געקומען מיטאַמאָל. ווי אונדרייסיק מיט-

גלידער פון איר פאמיליע זענען שוין אויפן עולם-האמת. פיל פון זיי זענען געווען זעלנער. פאר דער מלחמה האבן זיי גע-פירט א ליבלעך לעבן, האבן זיך געפרייט מיט זייער רייכטום און זייערע טיטולן; זייער לעבן איז געווען פונקט אזוי לייכט, ווי דעם פירשטס לובימאָווס... דאָס אלץ האָט געדויערט אזוי לאנג, ביז דער פליכט האָט זיי גערופן !...

ווי פארצווייפלט איז זי געווען, בעת זי האָט דערהאלטן די ידיעה פון זייער אומקומען !...

זי האָט זיך אָבער געקענט אויפהייבן העכער פון איר עגאָיזם און פארלאנגען, וואָס שאפן דעם סדר פון טאָג-טעגלעכן. זי האָט באהערשט איר אייגענעם וויי, כדי צו קענען צו הילף קומען דעם פרעמדן.

ליידן לעווים האָט געהאט אן אידעאל: אָפגעבן זיך מיט לייב און לעבן דעם נאָענטן: דינען אים, אפילו פארן פרייז פון איר לעבן. זי האָט אפילו געבענטשט דער מלחמה, וואָס האָט איר געהאָלפן געפונען דעם ריכטיקן וועג.

— איר זענט אַ מלאָך — האָט דער פירשט גע-זאָגט.

—ניין—האָט זי פראָטעסטירט : כ'בין נישט מער א פאר-ליבטע.

דער פירשט האָט זיך שטארק צעשמייכלט מיט א געוויסן רחמנות :

—איר זענט א פארליבטע?...

זי האָט גערעדט ווייטער, אזוי ווי זי וואָלט געווען פאר-דראָסיק איבער זיין פארחידושטקייט. וואָס פאר א פארגלייך איז דאָס די אלגעמיינע פרויען-ליבע צו איר ליבע ?...

זי האָט פארהייליקט אירע געפילן צום איינציקן מענטש, א חוץ אים האָט איר גאָרנישט אינטערעסירט. מארי האָט גע-ליבט אלע מענער—אלע !—אפילו די שונאים, וועלכע זי האָט אזוי אפט געפלעגט אין די אמבולאנסן, אויפן פראָנט. דאָס

זענען פשוט געווען אומגליקלעכע און דאָס איז געווען גענוג, אַז זי זאָל פאַרגעסן זייער אָפּשטאַמען.

די זכרונות פון אירע „פלירטן", וועלכע האָבן אין דעם מאָמענט צוריק-געקערט אויף זייערע ערטער, יענע פאַרלאַנגען פון זיצן אויף דער באַנק און אומבאַוועגלעך קוקן אַ קייגן דער זון און נישט וועלן איבערשפּאַצירן זיך אָן אַ באַגלייטער, וואָס זאָל איר זיס אונטערהאַלטן דעם אָרעם — דאָס האָט איר געהייסן פאַרלאָזן דעם פּאָטעל. „אויף ווידערזען, פּירשט!" אירע געליבטע ווערטן.

ווען זי האָט זיך אויפגעשטעלט, האָט זי אים נאָכאַמאָל דערמאָנט דעם ציל פון איר היינטיקן וויזיט. ס'איז אַן אומזיסטע זאַך דאָס אַרומזוכן די פּירשטן. נאָך אַ לעבן פול מיט ספקות, האָט ענדלעך די אָרעמע פרוי געפונען איר אמתן וועג.

אַ גלייכגילטיקע האָט מאַרי גערעדט וועגן אַליציאַס פאַרגאַנגנהייט. זי האָט איר געקענט. אין דער שטילקייט פון די רויזן-ווילע, האָט זיך אַליציאַ אַ פאַרצווייפלטע מתודה געווען פאַר איר און די סאַניטאַרן האָט נישט דערפילט נישט קיין שטוינונג און נישט קיין אויפרעגונג.

וואָס פאַר אַ פאַרגלייך איז די דאָזיקע מאָראַלישע קאַטאַסטראָפע אַ קייגן דער אויסערגעוויינלעכער, אומדערהערטער מאָראַלישער מערדעריי, צו וועלכער די וועלט קוקט זיך כּסדר צו?

— זי איז היינט אין דערפרי אָפּגעפאָרן. זי איז זייער ווייט... זייער ווייט — האָט ליידי לעוויס געזאָגט. ס'איז גאַנץ מעגלעך, אַז איר וועט זיך שוין קיינמאָל נישט זען. איך וועל אַהינשרייבן צו איר, אַז איר האָט איר אַלץ מוחל געווען און דאָס וועט איר אַוודאי ברענגען רו, וואָס איז אַזוי נויטיק אין איר נייַ לעבן.

דער פּירשט האָט איר צוגעפירט צום אַרויסגאַנג. אויפן וועג האָט ער ווידער אָנגעהויבן אָנצוטרויען זיך. ער האָט גע

האט אַ פאַרלאַנג, אַז זיין צער זאָל זיך אַרויסקריגן פון דער אינערלעכקייט.

—כ׳בין זייער אומגליקלעך, לידי לעווים.

—כ׳גלייב—האָט זי געענטפערט: מיין אומגליק איז שווע־רער פון אייערער, איך קען אים אָבער לייכטערער איבער־טראָגן.

זיי האָבן זיך געדריקט די הענט.

—אויף ווידערזען, לידי!

אין אַ ווייַלע אַרום איז אָנגעקומען טאָלעדא, אַרויסגייענ־דיק פון גערטענערס הויז.

לובימאָוו האָט אים צוגעוואָרפן אַ קורצן באַפעל:

—כ׳פאָר מאָרגן קיין פאַריז... פאַרנעם זיך מיטן צוגרייטן.

און קוקנדיק אויפן פולקאָווניק, האָט ער צוגעגעבן נישט אַזוי שטרענג:

—כ׳מיין, אַז מיר וועלן זיך שוין מער דאָ אַהער נישט אומקערן... כ׳וועל פאַרקויפן די ווילע.

## XII.

דאָן מאַרקאָס גייט דורכן שטאָטישן גאָרטן צום קאַסינאָ־פּלאַץ, שמועסנדיק מיט אַ מיליטער־מאַן.

ער איז שוין נישט דערזעלבער צערעמאָניאַלער פּולקאָווניק, וועלכער האָט געקוקט אַלטע און איידעלע דאַמען אין שפּיל־זאַל און וועלכער פּלעגט קומען צו גאַסט אין פאַרשידענע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס, וואָס האָבן אַדורכפאָרנדיק פאַרבראַכט אין פּאַריזער האָטעל.

ער טראָגט איצט גאַנץ באַשיידענע, שוואַרצע מלבושים; זיין אויסערלעכקייט אָבער דערציילט פון אַ מענטש, וואָס לעבט אויפן דאָרף, באַאַרבעטנדיק מיט ליבע זיין פעלד און וועלכער פילט זיך נישט אַזוי היימיש אין שטאָט. דאָן מאַרקאָס טראָגט האַנטשן, ווי אין די צייטן פון זיין עלעגאַנץ, איצט — צוליב נויטווענדיקייט.

ער פאַרברענגט צומערסטנס אין זיין קליין גערטנדל, וואָס רינגלט אַרום אַ מיניאַטור־ווילע, ווו ס'וואַקסן פינף בוימער, צוויי רויזן־קוסטעס און אַ פערציק אַנדערע קשאַקעס, וועלכע זענען אים איינס ביי איינס גוט באַקאַנט. ער האָט זיי געגעבן נעמען, געפלעגט און באַגאָסן זיי מיט התלהבות, ווענן

וועלכן עס זאָגן עדות זיינע פאַרגרעבטע הענט.

דער מיליטער-מאַן גייט ווי אַ דאָרפישער אײַנוווינער, קוקנדיק מיט נייגיריק אויף אַלץ, וואָס ער באַגעגנט. זיין אויבערשטע ליפּ איז באַדעקט מיט אַ האַרטע וואָנסע. פון רעגן און זון איז זיין מונדיר בלאַקירט און האָט אַ פאַרב, וואָס איז ענלעך צו אַן ערד-קאָליר.

פון זיין רעכטער זייט הענגט אַראָפּ אַ הילפלאָזע האַנט, וואָס וויגט זיך ריטמיש צו זיין יעדן טראָט; דער שטייפער אָרעם איז באַצויגן מיט אַ הענטשקע. די לינקע האַנט לעגט זיך אָן אויף אַ גראָבן שטעקן; און אין מויל האַלט ער אַ לולקע, וואָס רויכערט זיך.

אויף אַן אַרבל טראָגט ער אַ באַשיידענעם אָפיציר-צייכן, וואָס ווערט פאַרלוירן צווישן די נאַטירלעכע פאַרב פונם שטאָף.

—אָט איז שוין גאַנצע צען חדשים מיט צוואַנציק טעג— האָט טאָלעדא אויסגערופן:—פון יענער צייט זינט אייער הויכקייט האָט פאַרלאָזט מאָנטא-קאַרלא... וויפיל געשעענישן ס'זענען שוין געוועזן פון דאַמאָלסט אָן!

דער מיליטער-מאַן, דאָס איז דער פירשט לובימאָוו: ער זעט אויס צו זיין קרעפטיקער, רויקער און דעצידירטער, ווי מיט אַ קנאַפּ יאָר צוריק. ער האָט די זעלבע גרוילעכע האָר, נאָר די וואָנסעס זענען אים שוין אינגאַנצן ווייס.

דעם פולקאָוויקס באַקן-בערד האָבן די זעלבע קאָליר; דער דיסקרעטער אָפּשיין פון די פאַרב, האָט סוף-כל-סוף געמוזט געבן אַן אָרט פאַר דער גרויקייט פון דער דאָזיקער עלטער.

דאָן מאַרקאָס האָט אָנגעוויזן אויף אַן אָרט, צו וועלכן זיי האָבן זיך דערנענטערט.

— ווען אייער הויכקייט וואָלט געזען דעם דאָזיקן פּלאַץ אינם אָוונט בשעת ס'איז אָנגעקומען די נייעס פונם וואָפן-שטילשטאַנד!

די ידיעה פונם זיג האָט אָנגעצויגן אַלעמען. ס׳זענען אָנ־געקומען מענטשן פון ביי-סאָלייל, פון קאָנדאַמינע און פון מאָ־נאַקאָ. צום ערשטן מאָל נאָך פיר יאָר צייט זענען אילומינירט געוואָרן די פאַסאַדן פון קאַסינא, האָטעלן און קאַוויאַרניעס פון אויבן ביז אַראָפּ.

דער פּלאַץ איז שוואַרץ געווען פון געווימל. פּאַליעס פון מענטשן האָבן געפּלייצט אַרום דעם קאַסינא. איין ברודערלע־כער געפּיל האָט אַרומגענומען אַלע מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָ געפונען צופעליק.

פון אַלעמענס ליפּן האָט זיך געהערט די מארסילעזע. מענטשן, וועלכע האָבן זיך פריער קיינמאָל נישט געהאַט געזען, האָבן זיך געדריקט די הענט, ווי פריינט, וועלכע זענען געווען צושיידט און וועלכע האָבן זיך ווידער אַמאָל באַגעגנט. אַרום־און-אַרום האָט געטרויעט פון פרייד. ס׳זענען געקומען פּאַרוווּנ־דעטע אָפיצירן, וועלכע זענען פּלוצים געזונט געוואָרן; אַלטע, וואָס זענען מיט אַמאָל יינג געוואָרן און פרויען, וואָס האָבן שוין געהאַט פאַרגעסן אָן דער וועלט.

יינגע מיידלעך מיט צעפּלאָשעטע האָר, האָבן גע־שריגן פון שמחה מיטגעריסן פון דער אַלגעמיינער פריידי־קייט.

שפּעטער זענען די געשרייען און געזאַנגען שטיל גע־וואָרן. די שטילקייט האָט געוויייעט איבערן המון. מענטשן האָבן זיך געוואָרפן צו דער טיר פון קאַסינא, שטויסנדיק די באַמ־טע מיט די לאָקאַיען, יאָגנדיק מיט געאייל צו די שפּיל-טישן. אַזאַ טאָג, אַזאַ גרויסער טאָג מוז זיין אַ מזלדיקער טאָג אין שפּילן...

דער פירשט מיט טאַלעדאַן זענען צוגעגאַנגען צום פּאַ־ריזער האָטעל. לובימאָוו זעצט זיך ביי אַ טישל און דער פּול־קאָווניק שטייט.

ער האָט אַ גאַנצן טאָג פאַרברענגט מיטן פירשט און איצט

וויל ער אַהיימגיין. ער איז שוין נישט געווען אַזוי פריי ווי אַמאָל. ער ווינט מיט עמעצן און אַט די נייע סיטואַציע פאָדערט פון אים פליכט.

דאַן מאַרקאָס האָט חתונה געהאַט.

עטלעכע וואָכן נאָכן פירשטס אָפּפאָרן איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג אין זיין לעבן. די ווילּיע סירענע ד־האָט שוין געהערט צו אַט דעם נייעם עושר, וועלכער האָט געבויט עראָפּלאַנען און משא־אויטאָס און האָט אויך אָפּגעקויפט אַ פּאַריזער פּאַלאַץ.

ער האָט נאָר געטראַכט פון באַשיינען דעם גערטענער און זיין פאַמיליע.

פאַרן אָפּפאָרן אויפן פראָנט, האָט לובימאָוו פאַרזאָגט זיין „קאַמער־הער.” ער האָט אים פאַרזיכערט אַ יערלעכע פענסיע פון צען טויזנט פראַנק און אַ חוץ דעם אַ געוויסע סומע אויף קויפן זיך אַ הויז.

אַזוי ווי ער האָט געוואָלט ביזן סוף פון זיין לעבן פאַרבלייבן אין מאָנטע־קאַרלאָ, האָט ער אויך געוואָלט באַזיצן אַ קליינע „ווילּיע סירענע”.

נאָך עטלעכע טעג שפּילן זיך אין גערטענעריי אין זיין קליינעם באַזיץ, וואָס ער האָט אָפּגעקויפט אין דער הויך פון ביי־סאַלייל, איז טאָלעדאָ געקומען צוגיין צו נאָוואָאַ. ער איז געווען זיין בעסטער פריינט און אַ חוץ דעם אַ לאַנדס־מאַן; זיין חוב איז געווען צו דינען דעם פּולקאָווניק אין דעם וויכטיקסטן מאָמענט פון זיין לעבן.

דאָן מאַרקאָס האָט אים באַדאַרפט האָבן אַלס עדות צו דער חופּה־צערעמאָניע.

דער פּראָפעסאָר איז זייער ערשטוינט געוואָרן ווען ער איז געוואָר געוואָרן, אַז ער האָט חתונה מיטן גערטענערס טאָכטער. דאָס מיידעלע, וועלכע ס'האָט געקענט זיין, זיין איי־ניקל...

— האָסט פאַרגעסן, פּולקאָווניק, אַז די ייגנט האָט אַ־איר רעכט.

—און די עלטער האָט איר פליכט — האָט איה גוטמוטיק דער פּולקאָווניק געענטפערט.

און איצט שטייענדיק פאַרן פירשט, האָט ער נישט דרייסט געשטאַמלט אַ פאַרענטפערונג.

—מאַדאַ, וואַרט אויף מיר: די אָרעמע גייט נעבעך אַזוי וויינדיק אַרויס פון שטוב. זי האָט זייער ליב כ׳זאָל איר אונטערפירן אויפן נאָכמיטאָגדיקן קאָנצערט. ס׳איז שוין איצט פינף דער זייגער.

און איידער נאָך דער פירשט האָט באַוויזן צו שאָקלען מיטן קאָפּ אַלס צייכן, אַז ער דערלויבט אים אַוועקצוגיין — ווי טאָלעדא איז אין געאייל אַראָפּ פון די טרעפּ.

דער פירשט איז געבליבן אַליין, אַרומגענומען מיט זיינע געדאַנקען. היינט אין דערפרי איז ער געקומען קיין מאָנטאַ־קאַרלאָ; עטלעכע שעה איצט און האָט שוין געזען אַזויפיל זאַכן!

ער האָט זיך דערמאָנט זיין פריינט לעוויס עטלעכע ווערטער, וואָס זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין דער ווילע סירענע ביי אַ פרישטיק.

דאָס לעבן איז זייער מאָדנע: די צייט גייט זייער מאָ־באַנטאַנע און פּלוצים קענען שעהן באַקומען די וויכטיקייט פון חדשים און חדשים — דעם ווערט פון יאָרן. וויפיל טויטן אין פאַרלויף פון דער קורצער צייט!..

לובימאָוו דערמאָנט זיך אָן די קליינע און שטורמישע צייט פון נאָך זיין פאָרן קיין פאַריז... פרייוויליק אַריינגעטרעטן אין אויסלענדישן לעגיאָן, אַלס פּאָרוטשניק, אַ דאַנק זיין אַמאָ־ליקן קאַפּיטאַנסקן טשין אין דער קייסערלעכער גוואַרדיע. דער־נאָך: זיין אַוועקפאָרן אויפן פראָנט, נאָכן דערליידיקן די געשעפטן און נאָכן באַזאָרגן און אַ דאַנק דעם מיליאָן מיט פינף הונדערט טויזנט פראַנק, וואָס ער האָט באַקומען פאַרן פאַר־

קויפן די ווילדע סירענע. און באַלד איז אָנגעקומען פאַר אים אַ שווערער לעבן.

ער דערמאָנט זיך אַ באַגעגעניש מיט אַ לעגיאָנער, וועלכן ער האָט מיט מי דערקענט. ס'איז געווען אטאליא קאַסטרא. קאַסטרא קוקט ערנסט אויפן לעבן! אַן איראָניע! זיי האָבן אָנגעקערט צו צוויי פאַרשידענע פולקן און האָבן זיך שוין מער נישט באַגעגנט.

אין אַ געוויסן אָוונט נאָך אַ פאַרביסענעם קאַמף, האָט ער אים ווידער געזען, נאָר דאָס מאָל אַ ליגנדיקן אויף דער ערד צווישן אַנדערע געהרגטע.

זיין שיידל איז געווען צעשמעטערט, נאָר אויף זיין מויל איז געלעגן אַ רויקער שמייכל אנשטאט אַ טויט-גרימאַסע... אָרעמער קאַסטרא נעבעך! און וואָס פאַר אַ מזל האָט געהאַט דאָנאַ קלאָרינדרא ?...

דער פירשט האָט אויפגעהערט צו טראַכטן פון זיי. זיין געדאַנק איז פאַרנומען געוואָרן מיט אַנדערע טויטע, ער דערמאָנט זיך דאָס שפּיטאָל - לעבן און דאָס קומען קיין מאָנטאָקאַרלאָ.

טאָלעדא, וועלכער האָט אים אָפּגעוואַרט אויפן פּעראָן, האָט מיט געריכטקייט אַ קוק געטון אויף זיין קונס לעכע האַנט, וואָס האָט שלעכט אימיטירט אַ לעבעדיקע. דאָס איז געווען דער פועל-יוצא פון אַ פאַטאלע וווּנד, וואָס ער האָט באַקומען עטלעכע טעג פריער פאַרן וואָפן-שטילשטאַנד.

ער גייט אינם פריילעכן הייזעלע, ווו דאָן מאַרקאָס וווינט. זייענדיק אונטן קען ער אַרומנעמען מיטן בליק די גאַנצע דערהאבנקייט פון די ווילדע סירענע, וואָס געהערט שוין מער נישט צו אים.

אינם מאָמענט ווען ער קערט אָפּ די אויגן, כדי צו אַנטלויפן פון די זכרונות, באַגעגנט ער מאַדאָס בליק, טאָלעדאָס ווייב. ס'זעט אויס, אַז דער בליק איז געווענדט צו אים, נישט געקוקט. וואָס דער פירשט זעט אַזוי פאַרעלטערט אויס. אַרע-

מער פֿולקאָוויניק!... און ער אַנטלויפֿט פֿון דעם תּאוהדיקן בליק פֿון אירע אויגן, פֿון איר פּורפּור־מויל, וואָס זעט אויס צו רופֿן אים מיט איר שמייכעלע.

נאָכן פֿרישטיק, גייט ער אַרויף אין דער הויך, צווישן געדרייטע שטעגלעך; ער זעט די שטיינערנע מויער, גייט פֿאַרביי דאָס טויער, פֿאַרקוקט זיך אַ ווײַלע אויפֿן ריזיקן בנין. אויף וועמעס שפּיץ ס'זעט זיך אַ גרויסער האָן.

טאָלעדא נעמט אַראָפּ דעם קאַפּעלוש. פֿרידן צו די העלדן!

נאָכדעם ווײַזט ער אים דעם אַרײַנגאַנג צום דענקמאָל פֿון די גענעראַלאָווע.

— דאָ ליגט דער אָרעמער מאַרטינעז.

זיי גייען אַראָפּ איבער די מערמלנע טרעפּ, צום צווייטן פּלאַטפֿאָרם פֿונם דאָזיקן בית־עלמין, מ'זעט דאָרט אַ קבר, וואָס איז אויסגעגלייכט מיט די ערד, ס'ליגט אַ שטיינערנער פּלאַט, וועלכער איז אַרומגערינגלט מיט אַ קייט פֿון פֿאַרשידענע בלומיקע געוויקסן.

דער פֿולקאָוויניק זוכט עפּעס אַ נאָמען.

—מאַרקיז, אָט דאָ.

ער ווײַזט אָן אויף אַ פּליטע מיט אַ באַשיידענעם אויפֿשריפֿט: „מאַרי לעוויס."

אין אַ געוויסן טאָג, ס'איז געווען באַגינען האָט מען איר געפֿונען אַ טויטע אויפֿן שפּיטאָל־בעטל. זי האָט נישט קיין איין געשריי געטון, נישט אַרויסגעוויזן קיין שום סימן פֿון טענה, זי איז געשטאָרבן מיט דער זעלבער פּשוטקייט ווי זי האָט געלעבט.

אַרום דעם קבר ליגט עטלעכע קרענץ, וועלכע זען אויס, ווי אָנגערירט פֿון אַ שריפֿה, און צווישן די פֿאַרשידענע חברישע ליבן פֿאַר דער פֿאַרשטאָרבענער, ווײַזט טאָלעדא אָן אויף אַ בינטל פֿרישע רויזן, וואָס הייבן שוין אָן צו וועלקן.

—דאָס האָט מסתמא געבראַנגט דער לאָרד לעוויס—רעדט

ווייטער דער פּולקאָווניק: — דאַמאָלסט ווען ער פאַרשפּילט אין קאַסינאָ, קומט ער אַהער באַזוכן דאָס שוועסטער-קינד. אייער הויכקייט ווייסט דאָך אוודאי אַז אַ דאַנק דעם טויט פון דער ליידי לעוויס, איז ער געוואָרן אַ ריכטיקער... לאָרד.

דער פירשט ציט מיט די אַקסלען.

ווי לעכערלעך ס׳זעט אויס אין אַזאַ מאָמענט די וועלטי-שע פּוסט-און פּאַסטקייט!

דאַן מאַרקאָס פאַרשטייט זיין אומגעדולד און אין דער זייט ווען זיי לאָזן זיך אַראָפּ נאָך נידריקער, גיט ער צופאַר-שטיין:

— די ענגלענדערן איז געשטאָרבן פריער פאַר יענער, דערפאַר ליגט זי העכער. און פון יענער צייט זענען אַ סך גע-שטאָרבן.

זיי גייען צו ביזן לעצטן און נידריקסטן בית-עלמין קאָנ-דיגנענץ; דאָס איז אַ רויטלעכער פירקאַנטיקער באָדן, וווּ מ׳זעט נישט קיין פּלאַט און נישט קיין קרענץ און נישט קיין אָפּגע-בראָכענע קאָלומנען.

נידריקע אַרויסהויבונגען, אין דער פאָרם פון טרומנעס, ווייזן אָן אויף קברים. לעבן אַ טייל שטייען הילצערנע צלמים. אויף איינעם פון זיי, צווישן בלומען-קרענץ, הענגט אַ פאָרטרעט פון אַ יינגן זעלנער.

צוויי מענער אָן-ביוסט באַווייזן זיך פון דעם רויטן באָדן אַרויס און ווערן באַלד צוריק פאַרשוווּנדן. דאָס זענען גרעבער וואָס גרייטן צו אַ קבר.

מיכאל הערט זיך אָן אומעטיקער צו צום גלאָקן-קלאַנג, וואָס טראָגט זיך אַהער, דורך די לויכטנדיקע לופט פון אַ נישט-געזעענעם קאַשטשאָל.

און ווידער גיט דער פּולקאָווניק צו פאַרשטיין:

— דאָס איז אַ קבר אַ דערווייליק, אָן אַ פּלאַט און אַ נאָ-מען. צוליב דער מלחמה קען מען איר נישט איבערפירן קיין פּאַריז. שפּעטער דאַרף איר דאָס פריילן, וואָס וועט איר ירשנען

אריבערפירן קיין פעסס, ווו ס׳ליגט איר מוטער.

ער שלאָגט זיך אַ ווײַלע מיט דער דעה, בשעת ער באַ־קוקט די קברים און ענדלעך זאָגט ער אָנווײַזנדיק:

— דאָ.

לובימאָוו קאָן זיך נישט באַהערשן אויף זײַן אייגענער פאַרחידושונג: „דאָ...״ ער זעט אַ נידריקע אַרויסהויבונג פון רויטע ערד, אָן שום באַפּוצונג, אַזוי ווי אַלע אַנדערע. ער איז נישט געריכט; ער קוקט אָבער אויפן פּולקאָווניק מיט אַ גע־וויסע אומרויִקייט.

צי איז ער זיך נישט טועה? צי איז עס נישט אַמאָל אַ קבר פון אַן אָרעמען זעלנער, וואָס איז געשטאָרבן פון די ווונדן?

נאָר דער פּולקאָווניק, אָנגערעגט פון מיכאַלס ספקות, ענטפערט ענערגיש:

—דאָס איז דאָ!...

ער איז געווען דער איינציקער מאַנספערשוין אויף דער לויה. דרײַ סאַניטאַרנס, וואַלעריאַ און ער זענען געגאַנגען נאָך דער טרומנע.

אָרעמע פירשטן דע־ליסל!... זײַער גערירט נעמט טאָלע־דאָ דערציילן פון איר פּלוצימען טויט. ליידי לעוויס האָט איר אַרויסגעשיקט אויפן פראָנט.

איר אַמעריקאַנישע בירגערשאַפט, האָט איר דערלויבט אַנטייל צו נעמען אינם סאַניטאַרן־פערסאָנאַל, וואָס געהערט אָן די פאַראייניקטע שטאַטן.

ער, טאָלעדא, האָט איר שוין מער נישט געזען. זי איז געווען אין דער געגנט אַרום מאָנטאָ־קאַרלאָ, נאָר ער האָט דער־פון נישט געוווסט.

די ערשטע ידיעה, וואָס ער האָט דערהאַלטן, איז געווען די ידיעה וועגן איר טויט. זי האָט געקראָגן אַ בלוט - פאַרגיפ־טונג צוליב אַ שטאָך פון אַ כירורגישן אינסטרומענט, מיט וועלכן מ׳האָט זיך מיט א ווײַלע צוריק באַנוצט צו אַן אָפּעראַציע...

מעגלעך, אז דאָס איז געווען צוליב איר נישט - געשיקטקייט...- ווער ווייסט ? ער, דאָן מאַרקאָס איז אין דער מיינונג, אז די פירשטן איז נמאס געוואָרן דאָס לעבן...

—אָן אויסטערלישן טויט געהאַט. מ׳האָט דערציילט, אַז איר גאַנצער גוף איז געווען שוואַרץ און אויפגעשוואָלן. זי האָט זיך עטלעכע שעה דורכגאַנגעאַנד שווער געפייניקט ; איר קערפּער איז געווען איינגעדרייט, ווי אַ בויגן און האָט געליטן אויסער-געוויינלעכע יסורים.

קאָנוואולסיע ! וואָס פאַר אַ טויט דאָס איז פאַר אַזאַ שיי-נע און גרויסע דאַמע, ווי זי איז געווען !... דאָך, נישט-קוקנ-דיק אויף אירע ליידן, האָט זי נאָך געהאַט אויף אַזוי פיל קאַלט בלוט, אַז זי האָט אַפילו געהייסן אינם לעצטן מאָמענט אויספירן איר ווילן: וואַלעריאַ זאָל ירשענען די רויזן-ווילע און די עטלעכע הונדערט טויזנט פראַנק, וואָס זי האָט געוווּנען אין יענעם אָוונט, אין ספּאָרטינג-קלוב...

דער פירשט האָט אים אָבער איבערגעריסן מיט אַ באַוועג-גונג. פון בריוו, וואָס ער האָט דערהאַלטן פון דאָן מאַר-קאָסן, האָט ער שוין געוווּסט לאַנג, אַז אַליציאַ געדענקט אָן אים און אַז זי האָט אים פאַרשריבן אירע זילבער-שאַכטן, וואָס זי האָט געהאַט אין מעקסיקאָ און בכלל איר גאַנצער פאַרמעג, וואָס זי האָט געהאַט מעבר-לים ; דערווייל איז עס גאָר נישט ווערט געווען, נאָר מעגלעך, אַז שפּעטער וועט דער דאָזיקער פאַרמעג ווערט זיין אַזויפיל, וויפיל ס׳האָט אַמאָל באַטראָפן זיין ריזיקער פאַרמעג אין רוסלאַנד.

ער איז געשטאַנען צוגעשמידט צום קבר זייער אַ לאַנגע צייט.

איצט, זיצנדיק אויף דער טעראַסע פון קאַפּ-הויז, איז ער פיל שטאַרקער גערירט, ווי אויפן בית-עלמין. פאַרפלויגענע יאָרן קערן זיך אום אין זכרון.

אָרעמע אַליציאַ נעבעך! אָרעמע, אָפּגעגנאַרטע פון לעבן! די זיגערישע װענערא, העלענע פון די „זקנים-באַנק" ליגט אויף אַ בית-עולם צווישן זעלנער... און ס'קען זיין, אַז זי איז פריי-ווילִיק געגאַנגען צום טויט.

אונזער לעבן, נישט-קוקנדיק אויף דער שיינבאַרע מאַכט פונם גורל, איז דער שפּיגל פון אונזער נשמה. אַליציאַ האָט געמוזט שטאַרבן אויף אַזאַ אויסטערלישן אופן, ווי אויסטערליש זי האָט געלעבט...

אויך ער האָט געפירט אַ לעבן, וואָס איז געווען אַנדערש, ווי ביי אַנדערע און זיין טויט וועט אויך נישט ענלעך זיין צו זייער טויט...

ער פילט נישט קיין וויטאָק און נישט קיין כעס. ער וווּנדערט זיך, וואָס ער האָט געהאַט פאַרלאַנגען צו אַזאַ פרוי, האָט איר ליב געהאַט מיט אַזאַ שגעון און — האָט אַזוי פאַר-אַכט מאַרטינעזן. איצט נעמט אים בלויז אַרום זייער אַ ריזי-קער אַפּאַטישקייט ביי די זכרונות, וועלכע האַלטן שוין ביי אָפּ-שטאַרבן.

אַ באַקאַנט קול רייסט אים איבער די געדאַנקען.

—וואָס פאַר אַ גליק צוטרעפן דאָ אייער הויכקייט! כ'האָב זיך כסדר נאָכגעפרעגט ביים פולקאָווניק...

דאָס איז געווען ספּאַדאָני: דער זעלבער, ווי תמיד, פונקט ווי ער האָט אויסגעזען ביי דער לעצטער באַגעגעניש מיטן פירשט.

ער וויל נישט זיצן, ער איילט זיך. ער איז געקומען בלויז דריקן די האַנט פון זיין הויכקייט. זיי וועלן זיך אַוודאי זען אין קאַסינאָ. ער איז זיכער, אַז דער פירשט וועט דאָרט זיין; וואָרום ווי קען אַ הויכע פּערזענלעכקייט פאַרברענגען אַן אָוונט אין מאָנטע-קאַרלאָ?

ער האָט געוואָרפן אַ פלינקן בליק אויף מיכאַלס מונדיר און באַוווּנדערט זיין העלדישן אויסזען.

— כ׳האָב געהערט פון אייערע העלדישע טאַטן, אייער העלדישקייט. איך האָב זיך תמיד נאָכגעפרעגט ביים פּולקאָוו־ניק...

מיכאל לאָזט אים רעדן און ספּאַדאָני שפּרינגט גיך איבער אויף אַ מער־אינטערעסאַנטע טעמע. אין קאַסינאַ רעדט מען איצט כסדר פון אַ פּאָרטוגאַלער, וועלכער געווינט לעגענדאַרע געלט־סומען.

—איך אָבסערוויר אים, אַ חוץ דעם האָב איך זיך באַקענט מיט אים און ס׳דאַכט זיך מיר, אַז כ׳בין דערגאַנגען דעם סוד...

דער פּירשט איז אומגעדולדיק געוואָרן ווי ספּאַדאָני באַשרייבט אים מיט אַלע פּרטים דעם פּאָרטוגעזערס קאָמבינאַציע.

נאָר פּלוצים נעמט ספּאַדאָני קוקן אָן דער זייט פון קאַסינאַ, הייבט אָן שטאַמלען און רייסט ענדלעך איבער זיין דערציילונג.

עמעץ דערנענטערט זיך און ער, ער קען נאָר בלויז דעם פּירשט אָנגעטרויען דעם סוד. נו, געזעגנט ער זיך, מיטן צוזאָג, אַז אויף אַ סאָפּקע אין קאַסינאַ, וועט ער אים שוין איבערגעבן די גאַנצע קאָמבינאַציע.

און אָט איז דאָ לעווים. ער דערלאַנגט דעם פּירשט די האַנט.

זיין אָנקומען האָט איבערגעריסן דעם פּיאַניסט רעוועלאַציעס.

שפּילער האָבן נישט ליב צודערצי״לן פּאַר זייערע שפּיל־חברים פּראָפעסיאָנאַלן, זייער סוד.

לעווים זעט נעבעך אויס עלטער מיט עטלעכע יאָר. זיין קוזינעס טויט האָט אים גוואַלטיק ווי״ געטון.

ער וואַרפט אַ פּלינקן בליק אויפן פּירשט, זעט די שטייפקייט פון זיין רעכטער האַנט און דערלאַנגט אים די לינ־

קע ד׳האַנט.

—לובימאָוו, „יסט דער אמתער מאַנספּערשוין. הו ווייסט, וואָס האָסט צוטון...

נאָר לעוויס איז ניט מסוגל צו רעדן א סך וועגן דער מלחמה, וועגן דער פאַרגאַנגנהייט... פון זיין קוזינע דערמאָנט ער קיינמאָל נישט...

און אָט וועט ער באַלד ווידער גיין אין קאַסינא אַריין, ווו ער פאַרברענגט דאָס לעבן, ווי אין א תפיסה.

און ענדלעך, ווען דער פירשט וויל זיך אויפשטעלן, כדי זיך איבערצושפּאַצירן איבער די טעראַסן, דערזעט ער א מענטש וואָס זשעסטיקולירט צו אים פון דערווייטנס.

קוים, וואָס דער פירשט דערקענט אים. דאָס איז זיין קאָלעגע נאָוואַא.

די פאַרגאַנגענע לעצטע חדשים האָבן אים זייער פאַרענדערט. דאָס איז שוין אַבסאָלוט נישט דער זעלבער, וואָס האָט געהאָלפן דעם פּולקאָווניק מיט ראַט-און טאַט, בנוגע די הלבשה.

ער האָט זיך אומגעקערט צו די צעקנייטשטע אָפּגעריבענע הויזן און פאַרטיקע קראַוואַטן. ער טראָגט א געדיכטע און שלעכט געקעמטע באָרד. א סימן פון יינגקייט איז דאָס קול זיינס, די אויגן און דאָס נישט-געשיקטקייט זיינס, ער זעט אָבער אויס פאַר אַן איבערגעטוטענער פאַר אַן אַלמן.

אָט דער דאָזיקער ווייזט אַרויס אַ סך מער שמחה פון דער באַגעגעניש מיטן לובימאָוון, ווי די אַנדערע, ער קען זיך גאָרנישט אָפּלויבן פונם גליקלעכן צופאַל, וועלכער האָט דאָ אַהערגעבראַכט לובימאָוון.

— ווען איר וואָלט געקומען מיט צוויי טעג שפּעטער, פירשט, וואָלט איך נישט געהאַט דאָס גליק צו זען אייך. אי-בערמאָרגן קער איך זיך אום אין מיין לאַנד אַריין. כ׳האָב שוין גענוג... וואָס האָב איך דאָ נישט געלאָזן אין מאָנטא-

קאַרלאָ !... דאָס געלט, די אילוזיע !..

מיכאַל שווייגט דיסקרעט. ער דערמאָנט זיך אָן וואַלער־יאַן און באַמערקט נישט קיין צייכן פון פרוי—ישע נאָנטקייט אויפן פראָפעסאָרס אויסזען.

אויך נאָוואַ האַלט זיך פאָרזיכטיק. ער קוקט אויף לובי־מאָווס מונדיר, זעט דעם רעכטן אַרבל, פון וועלכן ס'שטעקט אַרויס די קונסטלעכע האַנט און דערמאָנט נאָר דרך־אגב וועגן אָט די לעצטע געשעענישן מיטן פירשט.

—וואָס פאַר אַן אויסערגעוויינלעכע געשיכטעס !.. וויפיל געשטאָרבענע חברים און פריינט! דאָס לעבן האָט זיך אויסגע־שפרייט און איז ענלעך געוואָרן צו אָט די שרעקלעכע דראַ־מען אין וועלכע אַלע שטאַרבן מיר אינם סוף פון לעצטן אַקט.

נאָך אַ לענגערע שטילשווייגן, דעצידירט זיך נאָוואַ אויס־צוגיסן זיין האַרץ.

ער מעג דעם פירשט אַלץ דערציילן, ווייל נאָר ער איי־נער האָט געוווּסט פון זיין סוד. (דאָס זעלבע האָט ער געזאָגט דעם פולקאָווניק און דעם פיאַניסט). און ער ברעכט אויס מיט ביטערע טענות און פאָרווורפן אויף וואַלעריאַן.

זי איז געוואָרן גאָר אַן אַנדערע. זי דאַגהט שוין נישט מער פון ליבעס־לאַנד, ווו ייִנגע מיידלעך אָן נדן, באַקומען אַ מאַן.

נאָך די פירשטנס טויט, איז זי געוואָרן אַ גבירטע : זי פאַרמאָגט שוין מער, ווי דריי הונדערט טויזנט פראַנק, און ער, דער פראָפעסאָר, איז געוואָרן זייער דערווייטערט און פאַר־געסן.

אָך ! די דאָזיקע קליינלעכע תחנונים, די מיאוסע הכנעה, מיטן צוועק אויפצולעבן די פריערדיקע געפילן... ס'איז גלייכער נישט צו דערמאָנען יענע צייטן...

-אוו היינט איז אַלץ געענדיקט. זי האָט פאַרלוירן דעם

קאָפּ פאַר עפּעס אַן אַמעריקאַנער אָפיציר און, זי וועט אַוודאי חתונה האָבן מיט אים.

איצט זענען אַמעריקאַנער זייער אין דער מאָדע. אַלץ איז פאַר זיי, אַפילו ליבע... זי טאַנצט מיט אים אין די קאַנ-דאַמינער האָטעלן און אַפילו אויך דאָ אין די פּאַריזער האָ-טעלן.

און ביים געדאַנק, אַז זי קען נאָך אַמאָל דאָ פאַרביי-גיין, געזעגנט ער זיך מיטן פירשט, וועלכן ער וועט באַלד ווידער טרעפן, ווייל ער איז פאַרבעטן צום פּולקאָווניק אין דער ווילע סירענע אויף מיטאָג.

ער איז זיכער, אַז מיט זיין קומען אַהין, וועט ער פאַר-שאַפן לובימאָוון פאַרגעניגן.

בלייבנדיק אַליין פאַרלאָזט מיכאַל זיין טישל. ער וויל שוין מער קיינעם נישט זען! ער גייט אָן אַ ציל און טראַכט פון זיך און פון זיין ניי לעבן...

וואָס בלייבט אים צו טון?... אויף וואָס פאַר אַן אופן זאָל ער זיך איינאָרדנען, אַז ער זאָל קענען וועמען ברענגען נוצן?...

ער דערמאָנט זיך אָן פירשטיק און דאָן מאַרקאָסנס הייזל. ער טראַכט פון פּולקאָווניקס באַזאָרגטקייט, וועלכע גייט אַרום אים, ווי ביי אַ קליין קינד.

—זיי געזעגנט, פירשט לובימאָוו!... אַפילו ווען ער וואָלט געוואָלט, וואָלט ער שוין אויך מער נישט פעיק געווען צופירן דאָס זעלבע עגאָיסטישע לעבן, בלויז צוליבן פאַרשווענדעריש-קייט און הנאה.

ער איז אַן אינוואַליד און איז אויך אַ סך עלטער גע-וואָרן...

ער האָט זיך געהאַלטן פאַר נעבעכדיק. און צום ערשטן מאָל טראַכט ער מיט צופרידנקייט וועגן פאַרמעג, וואָס ער האָט געירשנט פון אַליציאַן.

די דאָזיקע ירושה האָט ביים היינטיקן טאָג קיין שום ווערט, נאָר שפּעטער, ווער ווייסט ?... ער דערפילט אַ געוואַל-טיקן חשק ווידער אַמאָל צו ווערן דער מאַגנאַט, כדי צו קע-נען גוטס-טון.

אמת, ער ווייסט פון די אָנגעשטרענגטע מענטשלעכע כוחות, וואָס ווילן העלפן דער גויט: ס׳איז נישט מער, ווי אַ טראָפּן וואַסער אין אָקעאַן, אַ זעמדעלע אויפן ברעג ים. פונ-דעסטוועגן... ער וואָלט זיך צופרידנגעשטעלט מיט גליקלעך מאַכן אַ פּופציק אָרעמע, צווישן די הונדערטער טויזנטער מיט וועלכע די ערד איז באַוווינט.

נאָכדעם נעמט ער טראַכטן פון זיין איצטיקן מעמד. היינט אינדערפרי האָט ער באַשלאָסן צו דערווייטערן זיך פון פּול-קאָווניק, צוליבן מאַראָן.

זאָלן אַנדערע נעמען אויף זיך די זינד פון זיין אומגליק-לעכע הייראַט!.. ער וועט זיך באַזעצן אין ניצע, אינם רוסישן פּענסיאָנאַט, וואָס ווערט אָנגעפירט פון אַ געוועזענע גרויסע דאַמע.

אין די אָוונטן וועלן זיי זיך דערמאָנען אָן יענע גליק-לעכע שיינע צייטן, אָן די הויף-בעלער אין פּעטערבורג, אויף וועלכע זיי האָבן צוזאַמען געטאַנצט.

דאָס איבערבלייבעכץ פון זיין עשירות, וועט געבן רענטע און ער וועט קענען פירן אַ באַשיידן לעבן. ער וועט אָנגע-הערן צו יענע אָפּגעקומענע, וואָס האַלטן זיך אויף אויפן בלאָען ברעג, כדי אין שאָטן פון די פּלאַמען צו דערמאָנען די פאַר-גאַנגענע טריומפן זייערע, וואָס האָבן שוין אָן פאַרגעסן צו ווערן פון די מענטשן.

די צייט וועט ער אויספולן מיט התבודדות. מיט פאַר-טיפן אין זיך.

דער גרויסער מלחמה-שטורם איז נאָך נישט פאַרענדיקט. ס׳הענגט נאָך אַ נעפּל אויף אַלץ; מ׳קען נאָך דערוייל קלאָר

שם זען קיין זאַך.

די אַרטיסטן פון אַט דער שרעקלעכער בלוטיקער דראַמע זענען נאָך אַליין פאַרשיכּורט. יאָרן וועלן פאַרבײַ איידער דער דער נעפּל וועט צורינען און ס'וועט זיך אָפּדעקן די גאָר נײַע וועלט.

צו וועלן זיך באַווײַזן די אַלטע דעקאַראַציעס, נאָר מיט נײַע שטריכן? אָדער, די אַלע בלוטיקע אָנשטרענגונגען, גוואַלט-טאַטן און עגאָיזמען וועלן זײַן בחנם? — מיט ביטערניש און ג... טראַכט מיכאַל וועגן דער מעגלעכקייט פון אַן אַנטוישונג. ... נאָך דער דאָזיקער קאָלאָסאַלער קאַטאַסטראָפע, וועט מען ווידער דערזען די חיהשקייט אַ באַנייטע, די בעסטיאַלישקייט, וועלכע מ'האָט געהאַלטן פאַר דער מאָרגן-זון.

נאָר פּלוצים ווערט ער באַלעבט מיט גלויבן אין דער צוקונפט. די וועלט קען נישט זײַן אײביק די זעלביקע: צו וועלן די זון הרגענען איינער דעם אַנדערן בלויז דערפאַר, וואָס זייערע פאָטערס האָבן אויך איינער דעם אַנדערן געשניטן די קעפּ?

צו מוז מען קוקן איינער אויפן צווייטן מיט ווידערווילן און שנאה בלויז דערפאַר, וואָס דער איז געבוירן געוואָרן אויף דער זייט באַרג און יענער — אויף יענער זייט באַרג, אָדער סײַ...

מיר קענען בלויז צוויי פאָטער-לענדער: דאָס אָרט וווּ מיר זענען געבוירן און דאָס לאַנד צו וועלכן עס געהערט דאָס דאָזיקע אָרט.

פאַרוואָס זאָלן מיר אויך נישט אָנגעהערן צום דריטן פאָ-טערלאַנד?.. ליב-האָבנדיק דאָס געבוירן-לאַנד, פאַרוואָס זאָלן מיר אין דער זעלבער צייט נישט קענען זײַן קיין וועלט-ביר-גער?...

דער פּירשט שטייט אָנגעלענט אָן דער באַלוסטראַדע, אײַ-בערן האָפן אין טעראַסע. אַזש דאָרט אַהין האָבן אים זײַנע

געדאַנקען פאַרפירט.

ער קוקט אויפן האָריזאָנט, צווישן די אַלפּן און די פּעלזן פון מאנאקא, ווו די זון איז נאָר-וואָס פאַרשוווּנדן. אַ שטערן בלישטשעט אויפן פּורפּור-הימל. לובימאָוו טראַכט פון די ער־שטע פּאָעטן, וועלכע האָבן נאָך מיט הרייַ טויזנט יאָר צוריק געזונגען פון דאָזיקן שטערן.

האָמער האָט איר אָנגערופן קאַלליסטאָס, פרימאָרגן-שטערן, וועספּער זעפיר, אָדער „פּאַסטוך-שטערן״. צום סוף האָט זי גע־קראָגן דעם נאָמען ווענערא, צוליב דער ליכטיקער ווייסקייט אירער.

איר נאָמען איז דער סימבאָל פון ליבע און שיינקייט. מיכאַל טראַכט פון יענע, וועלכע באַוווינען דעם דאָזיקן פּלאַ־נעט; זיי דאַרפן זיין זייער ריינע, ריינער ווי מיר, עטערישער ענלעך צו די מלאכים פון וועלכע ס׳דערציילן אונז אַלע רע־ליגיעס.

און דאָ שמייכלט ער מיט ביטערניש.

ער טראַכט פון אַן אַנדערן שטערן, אַ שענערער אַ גרע־סערער, וואָס לויכט אויפן הימל. ער איז נישט ווייס, נאָר איידל-בלאָ, מיט אַן אָפּשיין פון פּאָעזיע און חלומות. געהיימ־נישפול בלישטשעט ער צווישן די שוואַרצע רוימען, ווי יענע ריזיקע בלאָע בריליאַנטן מיט וועלכע די מזרח-מלאכים האָבן גע־פלעגט באַצירן זייערע סצעפּטערס.

און דער דאָזיקער בלאַסער בריליאַנט, וואָס לייכט דורך די רוימען, איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי אונזער ערד-קוגל, אויף וועמעס פעלדער, שלאַכט-פעלדער ס׳זענען איצט אומגע־קומען צוועלף מיליאָן מענטשן.

אָרעם און עלנט זענען מיר פאַר דער אייביקייט, און פאַר אַ טרייסט האָבן מיר בלויז אונזער פאַרשטעלונג, אונזער שקר און בטחון.

דער מענטש איז עלנט און האָט נישט קיינעם, ווי נאָר

דעם מענטש... פרעמדע הימלען איז גאָר אונזער גרעסטער דאגה...

פּאַמעלעך קערט ער זיך אום פון די קאַפּע־הייזער, רעס־טאָראַציעס און האָטעלן, דוכט זיך, שפּרודלט מיט פידל - געזאַנג.

פון הינטער די גרויסע אילומינירטע פענסטער־שויבן, זעט מען פּאָרלעך, טאַנצנדיקע... טאַנצנדיקע...

די ליבע האָט נישט קיין אַנדערע באַשעפטיקונג. דער טאַנץ איז אַ מין הייליקער קולט, וואָס איז אין דער מלחמה־צייט פאַרבאָטן געווען; און איצט האָבן זיך אַלע צוגעלאָזט צום טאַנץ מיט התלהבות פון אַ פאַנאַטיקער, וואָס האָט ענד־לעך דערלעבט דעם דאָזיקן פולשטענדיקן נצחון פון זיין לע־רע...

דער פירשט דערמאָנט זיך אָן זיין אַדורכפּאָרן פּאַריז. נאָך קיינמאָל האָבן אים די פרויען נישט אויסגעזען אַזוי צעלאָזט, מיט אַזויפיל חשק נאָך ליקסוס.

אויפן בולוואַר שפּילט מען טאַנגאָ, ווי אַן עכאָ פון די פידלען אויפן בלאָען ברעג.

זיינע געדאַנקען פאַרהאַלטן זיך ביים בלאָען ברעג. די פיר יאָר מלחמה האָט אים באַדעקט מיט אַ שאָטן. ס׳גייען אים אַדורך אין מוח פאַרשידענע בוכטעס און ים־ברעגן און אין יעדע פון זיי זעט ער בית־עולמס.

אין מענטאָן ליגן טויזנטער און טויזנטער שוואַרצע אַפ־ריקאַנישע זעלנער, וועמענס עלטערן ס׳האָבן נאָר געוווסט פון פייל־און בויגן, זענען געשטאָרבן אויף די פלאַזשעס פון די איי־ראָפּעישע מיליאָנערן.

די ענגלענדער האָבן זייערע געשטאָרבענע איבערגעלאָזט אויפן קאַפּ־מאַרטין. אין מאָנאַקאָ רוען העלדן פון פאַרשירענע ראַסעס; די אַמעריקאַנער אין ניצע; און אומעטום, פון די עס־טערעל ביז די איטאַליענישע גרענעץ פראַנצויזן, פראַנצויזן און פראַנצויזן... אָבער דאָס לעבן רייסט זיך צום לעבן...

די ווייסע בית־עלמינס זעען אויס, ווי פאַרלוירענע אין די אַרומיקע שמייכלדיקע פייזאַזשן. אַ דאַנק דעם זיסן הימל און די לופט, ווערן זיי פאַרביטן אויף גערטענער. דעם מענטשנס גוף פאַרנעמט נאָר אַזאַ קליין אָרט און די וועלט איז אַזוי ברייט.

די האָטעלן, וואָס זענען דערווייליק פאַרביטן געוואָרן אויף שפּיטעלער, דעזענפיקצירן די צימערן, פרישן אויף די שילדן און שיקן אַרויס אַנאָנסן אין דער פּרעסע פון דער גאַנ־צער וועלט.

מענטשן מעגן ווידער קומען צו פאָרן, חלומען און פירן אַ נייַ לעבן צווישן אָט די ווענט, וואָס האָבן געהערט יסורים־געשרייען און לעצטע כאָרכלען. אַ זיסע מוזיק נעמט קרעכצן אויף דער גאַנצער לענג פון געבענטשטן ים־ברעג; אַ זיסע מו־זיק, צווישן רויש פון פּאַלעס און שום פון פּאָמאַראַנץ־ביימער, וואָס ווייען מיטן ריח פון חופּה־קרענץ.

דער אַלטער אַלפּן־פּאַסטוך, וואָס זעט שוין 60־יאָר דורכ־אַנאַנד פונם ליידיקן באַרג־פּלאַץ מאָנטאָ־קאַרלאָ, וועט זיך נישט אויפהערן צוחידושן זעענדיק, ווי מאָנטאָ־קאַרלאָ וואַקסט, ווערט רייכער, ווי אַ װוּנדער־שטאָט.

דאָס ווייען פון טויט, האָט אָנגעשאַרפט דעם ווילן צום לעבן.

ס׳פאַרשווינדן פון האָריזאָנט די שוואַרצע וואָלקנס — די פּיינטלעכע, און דער מענטש וועט שוין ווידער געפונען זיינע פריידן.

לובימאָוו שטייט אין מיטן פּלאַץ. עס הייבט אָן צופאַלן די נאַכט.

צו זיינע אויערן דערגרייכט אַ וויגן־זיך פון אַ טאַנץ־מוזיק אויסגעפירט דורך נעגער פון צפון־אַמעריקע און צו דער זעל־בער צייט הערט ער אַ צווייטע מוזיק, אַ טאַנגאָ, אויך אויסגע־פירט פון נעגער, פאָרן וואו״ל פון די ווייסע.

פון די שכנישע גאַסן הערן זיך אויך אַנדערע אָרקעס־

